# מיכל געלבאַרט








הויפּטפאַרקויף:

פאַרלאַג משה שמואל שקלאַרסקי

ניו יאָרק, 1942

מיינע נאָנטע חברים, מאָטל און פייגע ורדי
מיט אויפריכטיקער פריינטשאַפט.
מיכל געלבאַרט
1942

# פון משוררים לעבן

## ביז איצט דערשינען פון זעלביקן מחבר
(מוזיק־ביכער)

**לאָמיר קינדער זינגען**

32 קינדער לידער פאר סאָלאָ, כאָר מיט פּיאַנאָ באַגלייטונג.
פאַרלאַג „ארבעטער רינג", ניו יאָרק 1924

**זינגער קינדער**

געזאַנג כרעסטאָמאַטיע, 40 לידער פאר סאָלאָ, כאָר מיט פּיאַנאָ באַגלייטונג.
פאַרלאַג „מעטרא", ניו יאָרק, 1933

**צען לידער**

7 פאר סאָלאָ, 3 פאר כאָר מיט פּיאַנאָ באַגלייטונג.
פאַרלאַג „מעטרא", ניו יאָרק, 1928

**פיר קינדער אָפּערעטעס**

פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך", ווילנא, 1933

**קאָנצערט**

17 קאָנצערט לידער, 10 פאר סאָלאָ, 7 פאר כאָר מיט פּיאַנאָ באַגלייטונג.
פאַרלאַג „מעטרא", ניו יאָרק, 1933

**געזאַנגען**

25 קאָנצערט לידער פאר סאָלאָ, מיט פּיאַנאָ באַגלייטונג.
פאַרלאַג „מעטרא", ניו יאָרק, 1938.

**פאָלגנדיקע איינציקע לידער פאַר סאָלאָ מיט פּיאַנאָ באַגלייטונג:**

„קום צו מיר אין חדר'ל"
„שטיינערנע פּאַלאַצן"
„וואַנדער איך אליין"
„צום פראָסט"
„אַ לויב דער ארבעט"
„אַ מעשה'לע"
„זינגענדיקע טריט (דועט)
„אין קבר"
„שנייעלע"
„אין אַן אָרים שטיבעלע"
„סערפּ און קאָסע"
„מיר שמידן" (כאָר)
„שלעסער" (כאָר)
פאַרלאַנג „מעטרא", ניו יאָרק

צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט עטלעכע ביכלעך לידער צום זינגען
פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן און פאַר מאַסן־געזאַנג
פאַרלאַנג „ארבעטער רינג", ניו יאָרק

# אינטראָדוקציע

ביים סוף נײַנצנטן און אין אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט יעדער חזן, אין יעדער שטאָט און שטעטל אין מזרח־אייראָפּע, געהאַלטן אַ שטענדיקן כאָר פֿון משוררים. קיין שכירות האָט דער חזן זײַנע משוררים ניט געצאָלט. זייער חיונה האָבן זיי געצויגן פֿון: גיין יעדן פֿרײַטיק מיט אַ פֿאַרזיגלטער פּושקע נאָך וואָכערס איבער די הײַזער; גיין זינגען אויף חתונות און בריתן און נאָכדעם ווי דער חזן האָט געמאַכט יעדן מחותן אַ מי שברך, זײַנען די משוררים אַרומגעגאַנגען צווישן עולם בעטן „מי־שברך־געלט"; אַ גאַנצן חודש אלול זיך געוואַלגערט אויפֿן בית־עולם אָפּוואַרטנדיק די קבר־אבות'ניקעס און מיט אַ יאָמערלעכן ניגון געמאַכט „אל מלא רחמים'ס" די מתים, געפּלייסט זיך אַרויסצורופֿן טרערן ביי די אבלים און דערנאָך אויסגעשטעלט אַ האַנט נאָך „מלא־געלט"; חנוכה, גיין אין די אָוונטן איבער די הײַזער מיט אַ לאַמטערנע נאָך חנוכה־געלט; ערב יום כפור שטעלן אַ טעלער אין פּלוש, וכדומה . . .

קיין עסן האָט דער חזן אויך ניט געדאַרפֿט געבן זײַנע משוררים — זיי פֿלעגן עסן „טעג". טאָמער האָט אויסגעפֿעלט אַ „טאָג" — האָט מען טאַקע יענעם טאָג געהונגערט. דאָך, זײַנען די משוררים אַלע מאָל געווען פֿריילעך. פֿון אַלץ און אַלעמען אין שטעטל אָפּגעלאַכט, אָפּגעשפּאָט, געשאַפֿן וויצן. ניט זיכער איז מען געווען אַרײַנצופֿאַלן צו זיי אין מויל. זיי האָבן קיינעם ניט געשאַנעוועט, קיינעם ניט דורכגעלאָזן.

ניט בלויז האָבן די משוררים „באַאַרבעט" די לעבעדיקע — נאָר אַפֿילו די טויטע. איז געשטאָרבן אַ רײַכער באַלעבאָס און אַ קמצן דערצו — האָבן זיי אָן אים נקמה גענומען: זינגענדיק ביים אָפֿענעם קבר אַ קאַפּיטל תהלים, האָבן זיי צווישן די ציינער, אויף זייער פֿאַרשטעלטער שפּראַך, אַרײַנגעפֿלאָכטן וויסטע קללות דעם מת און צו־

געבאמקעט פאַלשע טענער צום חזנ׳ס „מלא״ — און זאָל ער וויסן דער דבר אחר . . .

אין די סליחות־טעג, ווען די ווייבער פלעגן גיין אויף קבר אבות, בעטן ביי די מתים זיי זאָלן זיך מיען און זיין גוטע בעטער — פלעגט אַ משורר זיך באַהאַלטן ערגעץ הינטער אַ מצבה און מיט אַ פאַר־שטיקט קול, ווי פון יענער וועלט, כלומר׳שט ענטפערן פאַרן מת: „אשה, אויב דו ווילסט איך זאָל האָבן רו אין קבר, איך זאָל קאָנען אַריין אין גן־עדן און אויסבעטן אַ גוט קוויטל פאַר דיר מיט דיינע קינדער — זאָלסטו אַריינגעמען דעם משורר פייוול און אים געבן עסן אַ מאָנטיק און אַ פרייטיק (די צוויי „טעג״ האָבן אויסגעפּעלט דעם מת־משורר״ פייוול).



כלי־זמרים, משוררים, סאַרוועך און בדחן האָבן געהערט צום זעלביקן קלאַס און האָבן געהאַט זייער אייגענע שפּראַך — „קלעזמער־שפּראַך״. אויף אַ חתונה פלעגט מען פאַר זיי אַלע גרייטן אַ באַזונדער טיש. האָבן שוין די כלי־זמר מיט די משוררים געמאַכט „בלאַט״ מיטן סאַרוועך, ער זאָל זיי געבן די גרעסטע פאַרציעס פיש און עוף. האָבן חברה געקייעט אויף ביידע באַקן און יעדע ווײַלע האָט אויסגעבראָכן אַ הילכיקער געלעכטער פון די אָנצוהערנדיקע וויצן על החשבון חתן־כלה און מחותנים, נאַטירלעך אויף זייער קלעזמער־שפּראַך, אַז דער זייטיקער עולם זאָל ניט פאַרשטיין:

העי לאבושניק
מאטער אויף די שעכטע
וואַסערע בירגאָלן
און ס׳ארא באקר זיקרעס
דער שוויזשיק וועט האָבן
א קליווע שווארץ.

דער טייטש פון די ווערטער:

לאבושניק — קלעזמער
מאטר — קוק
שעכטע — פיידל
בירגאָלן — בריסט

באקער — צוויי
זיקרעס — אויגן
סוויזשיק — בחור
קליווע שווארץ — גוטע נאכט.

אויף דעם לשון פלעגן חברה אריינזאגן יעדן איינעם, אפילו דעם זשאכאלניק (חזן), דעם לאפּ (רב) און זיך קילן דערמיט וואס די יאלדן פארשטייען נישט.

⁂

חנוכה פלעגט דער חזן מיט זיין כאר און מיט אן ארקעסטער געבן א „קנאק אפּ" אין שול א „מזמור שיר חנוכת" און א „הנרות הללו", אז די ווענט האבן אזש געציטערט . . . גרויס און קליין, מענער און ווייבער האבן אנגעפּראפּט די שול. אויף קעפּ איז מען געשטאנען. און ווען די משוררים האבן זיך נאך וועטשערע ארויס־געלאזן נאך חנוכה־געלט, האט מען זיי אומעטום געגעבן מיט א ברייטער האנט. די ארימע — קופּער און די רייכערע — זילבערנע צענערלעך, צוואנציקער און אפילו גילדנס. פּארטיק געווארן, האבן אלע משוררים געדארפט ברענגען צום חזן די פּארזיגלטע פּושקעס, ער זאל מאכן די חלוקה. האבן חברה געוואוסט, אז דער חזן וועט שוין איינטיילן: פּאר זיך דאס זילבער און פּאר זיי לאזן דאס קופּער. האבן זיי שוין, אויפן וועג אהיים, ערגעץ אויף א בוידעם, קונציק ארויסגעצויגן פון די פּושקעס א היבש ביסל זילבער, באהאלטן אויף א זיכערן ארט און געקומען צום חזן אנגעכמורעטע, בייזע, וואס די קארגע באלעבאטים האבן דעם יאר געווארפן אין די פּושקעס בלויז גראשנס און אפּגעריבענע דרייערס . . .

איבערגעקומען דעם פייערדיקן קרייץ־פּארהער פונם חזן, וועלכער געדענקט נאך גוט וואס ער אליין האט געטאן אלס משורר — זיינען חברה אוועק צום באהעלטעניש, גענומען דאס זילבער, זיך געלאזן אין א קנייפּע, געמאכט „לחיים", געגעסן לאטקעס מיט גריוועס, געשפּילט אין אקע און ס'איז געווען חי־געלעבט . . .

⁂

אין די לאנגע, קאלטע ווינטער־נעכט, פלעגן משוררים איבערליגן ביים בעקער, וואו ס'איז ווארים, האלטן די בעקער־יונגען וואך מיט לידער און וויצן — לעגאלע און נישט דרוקבארע, וואס חברה האבן

געמאַכט — און ווען דער באַלעבאָס איז אַוועק זיך צולייגן, האָט מען זיך ערשט געלאָזן וואוילגיין . . . און ווען דאָס געבעקס איז פאַרטיק געוואָרן, האָבן די משוררים געקראָגן די ערשטע הייסע זעמעלעך פון אויוון. דאַן האָבן זיך אַלע צעלייגט אויפן וואַרימען פּיעקעליק, פאַר־ענדיקט די נאַכט מיט נייע וויצן און שקאָצעריי ביז די אויגן האָבן זיך געשלאָסן אין זיסע חלומות . . .

פאַרטיק מיט דער אינטראָדוקציע, וועלן מיר אָנהייבן די קאָמ־פּאָזיציע. כדי צו קריגען אַ באַגריף פון אַן אייגנאַרטיק קאַפּיטל יידיש לעבן — משוררים — וואָס איז כמעט ווי ניט באַרירט געוואָרן אין אונזער ליטעראַטור, כאָטש גאָר אַ סך וואָרט־קינסטלער און טאָן־קינסטלער זיינען געוועזענע משוררים — וועלן מיר נעמען איין משורר אַלס העלד, באַשרייבן זיין לעבן אַלס משורר און ער וועט דינען ווי אַ שפּיגל פאַר אַלע אַנדערע משוררים.

## ערשטע טריט

מעכעלע איז געבוירן געוואָרן אין איינעם פון יענע בליענדיקע תמוז־טעג, ווען די זון גיסט פאַליעס גאָלד פון אַ טיף בלויען הימל. איז טאַקע זיין פּנים געווען אַזוי ליכטיק ווי די זון, די אויגן אַזוי טיף־בלוי ווי דער הימל און זיינע האָר — ווי גאָלדענע פאַליעס. און אין גאַנצן איז ער געווען אַזאַ לויטערער, אַזאַ ליכטיקער, אַזאַ ווייסינקער — האָבן אים די קינדער אַ נאָמען געגעבן „ביעלאַס".

דער פאָטער, ר' אהרן, איז געווען אַ גרויסער בעל מנגן, אַ זיסער בעל תפילה, אַ הארציקער זאָגער, אַ בעל בכי, מיט אַ קול נגינה ווי אַ טייער פידעלע — איז טאַקע דער ביעלאַס געווען אינגאַנצן געראָטן אינם טאַטן. שוין אין וויגעלע האָט ער נאָכגעזונגען דעם טאַטנס אַלע ניגונים און ר' אהרן האָט נביאות געזאָגט, אַז דער ביעלאַס וועט אַמאָל מעריש עולם זיין מיט זיין נגינה.

צו פינף יאָר האָט דער ביעלאַס שוין געזונגען ביים טאַטן אַלס משורר און אין איין יאָר שפּעטער, האָט ר' אהרן צוגעגרייט און געשטעלט זיין געראָטן קינד, אויף אַ בענקעלע צום עמוד, דאַווענען אַ פּסח'דיקן מעריב. האָט זיך עס דאַמאָלסט אַביסל אָפּגעטאָן אין שטעטל! דער ביעלאַס האָט טאַקע מעריש עולם געווען. גלייך נאָך

יענעם פסח האָט ר׳ אהרן אָפּגעגעבן זיין מעכעלען צום שטאָט־חזן אַלס סאָליסט־משורר מיטן תנאי, אַז דער חזן זאָל אים לערנען חכמת המוזיק . . .

ביים חזן האָט ערשט דער ביעלאס אָנגעהויבן אַרויסווייזן וואָס ער קאָן. איז געקומען אַ שבת מברכים, האָבן אַלע חברות און אפילו חסידים־שטיבלעך, אָפּגעדאַוונט פאַר פרי און געלאָפן אין דער שטאָט־שול הערן דעם ביעלאס ראש־חודש־בענטשן.

איז געקומען ראש השנה, איז די שול געווען געפּאַקט, ווי דער שטייגער, אפילו אין פלוש און אַרום די פענסטער איז מען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם האָט מען געשלונגען יעדע תנועה, יעדעס וואָרט פון דעם ביעלאַ׳ס סאָלאָ: „מי יחיה ומי ימות . . . מי במים ומי באש . . . מי בחרב ומי ברעב . . . מי ברעש ומי במגפה . . .״ — האָט מען אַזעלכעס נאָך ניט געזען און ניט געהערט. אין דער וויבערשער שול איז געוואָרן אַזאַ געוויין, אַזאַ יללה, אַז טאַקע אַ שטיין וואָלט געקענט צעגיין פון יסורים . . .

האָט דער ביעלאס גענומען שמ׳ען אין דעם גאַנצן געגנט אַרום אָזאָרקאָוו און גלייך נאָך ימים נוראים זיינען אָנגעפאָרן חזנים פון אַנדערע שטעט צו די געבענטשטע טאַטע־מאַמע, „איינהאַנדלען״ דעם וואונדערלעכן אַלטל, דעם ביעלאס. האָט יעדער חזן צוגעזאָגט די גרעסטע גליקן: מ׳עט אים קריגן די רייכסטע „טעג״ — מ׳עט אים לערנען „בלאַט״ (נאָטן לייענען), און איין חזן האָט אפילו צוגעזאָגט דרייסיק קאַרבן אַ יאָר, חוץ „טעג״.

האָט ר׳ אהרן דערזען, אַז זיין מעכעלע האָט אַ געלעגנהייט צו לערנען און אַמאָל ווערן אַ באַרימטער חזן, צו וואָס ר׳ אהרן האָט כל ימיו געשטרעבט און נעבעך קיין מזל ניט געהאַט. האָט מען אַזוי אָפּגעשלאָגן די טירן צוויי יאָר נאָכאַנאַנד און טאַטע־מאַמע האָבן ניט געקענט שיידן זיך מיט זייער קינד ביז — איין געוויסן פרימאָרגן, ווען דער גרויסער בעל מנגן און למדן, דער באַרימטער קוטנער חזן, ר׳ צבי־הירש לאָפּאַטאַ, איז נאָך לאַנגע טענות און דינגעניש געבליבן וואָרטן אויף אַן ענטפער — ווען ר׳ אהרן מיט זיין ווייב הענדל זיינען אַריין אין קיך זיך מיישב זיין.

— הענדל, זיי נישט קיין צעקראָכענע מאַמע, — האָט ר׳ אהרן גע׳טענה׳ט צו זיין אידענע — פאַרשטייסט, מעכעלע איז מער ניט קיין קינד, שוין אַ בחור, קיין עין הרע ניט, אין ניינטן יאָר. איצט

איז די צייט צו זאָרגן פאַר אַ תכלית. ביים קוטנער חזן וועט אים זיין גוט ווי די וועלט. עסן אויף די רייכסטע „טעג", לערנען נאָטן און דערצו וועט ער קריגן סוף יאָר גאַנצע דרייסיק רובל. און פאַר־געס ניט, אַז ער האָט אין קוטנע פעטערס און מומעס, וואָס וועלן אויף אים אַכטונג געבן. וואָס וועט ער דערלעבן ביי אונז, אימשטיינס געזאָגט, אין דער אָרימקייט? דחקות און צרות, נישט מער. הענדלשי, זיי נישט איינגעשפּאַרט . . . — און ווען הענדל האָט געווישט די אויגן און מער גאָרנישט געענטפערט, האָט ר׳ אהרן געוואוסט, אַז זי איז מסכים . . . זיינען ביידע אַרויסגעקומען פון יענער זייט טיר — ר׳ אהרן, מיט אַ שמייכל און הענדל, אַ פאַרוויינטע. האָט ר׳ אהרן זיך געווענדט צום וואַרטנדיקן קוטנער חזן: „ר׳ צבי, מסכים! מסכים!! . . . זאָל זיין אין אַ גוטער שעה".

— זאָל זיין מיט מזל, — האָט דער חזן געענטפערט אַן אויפגע־לויכטענער, זיך אויפגעשטעלט און אויסשטרעקנדיק די רעכטע האַנט צו ר׳ אהרנ׳ען, איבערגע׳חזר׳ט: — זאָל זיין אין אַ גוטער שעה.

הענדל, די מאַמע, האָט דערפילט, ווי עפּעס רייסט זיך איר אָפּ אין האַרצן. און מיט אַ געדריקט קול גענומען בעטן: „איך בעט אייך . . . אויפפּאַסן . . . אויפן קינד . . . ער זאָל דאַווענען . . . אָפּהיטן יידישקייט . . . גיין יעדן פרייטיק אין מרחץ . . . אָנטאָן אַ ריין העמדל . . . זיך ניט חבר׳ן מיט קיין לאָבוסעס . . . און דער עיקר — לערנען, לערנען. ער האָט אַ טייער קעפּל . . ."

— וואָס רעדט איר, אשה, — האָט דער חזן געזאָגט — ער וועט ביי אונז זיין ווי אַן אייגן קינד. ער וועט האָבן אַ היים. איר דאַרפט זיך לחלוטין ניט זאָרגן . . . גלייך נאָך שבועות, אי"ה, וועלן מיר אים דערוואַרטן. זייט געזונט און האָט אַ גוטן טאָג.

ווען דער חזן האָט פאַרמאַכט די טיר פון יענער זייט, האָט די מאַמע זיך ערשט צעכליפּעט אויפן קול. ר׳ אהרן האָט אַ פּאָר מאָל אַראָפּגעשלונגען, זיך געשטאַרקט און באַרואיקט דער מאַמען . . .

⁂

האָט מען זיך גענומען אויסריכטן דעם ביעלאַס אין וועג אַריין. ר׳ אהרן האָט גענומען זיין אַלטע קאַפּאָטע, וועלכע האָט פון דער זון

און יאָרן שוין לאַנג פֿאַרלאָרן איר ערשטן קאָליר, און געלאָזן איבער־נייען פֿאַר מעכעלען אַ „נײַ" קאַפּאָטקעלע אויף דער לינקער זייט, דאָס קינד זאָל חלילה ניט דאַרפֿן שעמען זיך קומען אין אַ רייך הויז עסן אַ „טאָג"; געלייגט נייע האַלבע זוילן אויף די צעפּאָרענע שטי־וועלעך; די מאַמע האָט אויסגעלאַטעט עטלעכע העמדלעך; פֿאַר־ריכט אַ ווינטערדיקן שפּענצערל; געמאַכט אַ נייעם טלית קטן — און פֿאַרפּאַקט דעם אויסשטייער אין אַ לייוונטן זעקעלע. דעם ערשטן דינסטיק (דינסטיק איז אַ מזל'דיקער טאָג) נאָך שבֿועות, האָבן טאַטע־מאַמע גענומען דאָס קליינע יידעלע, געפֿירט אים אין מאַרק צו מענדל „פּאַצעמו", דעם באַלעגאָלע, באַדונגען צוואַנציק גראָשן אָפּצופֿירן דאָס יינגל קיין לענטשיץ אויפֿן יאַריד. דאָרט וועט דער ביעלאַס אָפּזוכן זיין מומע שרה פֿון קוטנע, וועלכע איז געקומען אויפֿן יאַריד מיט סחורה און זי וועט אים שוין מיטנעמען און אָפּפֿירן צום חזן.

ווייסע חבֿרה'ניקעס, חדר־חבֿרים און משוררים'לעך, האָבן מיט זשעדנע אייגעלעך זיך געזעגנט און מקנא געווען זייער ליבן חבֿר'ל דעם ביעלאַס, וועלכער פֿאָרט אַוועק אַזוי ווייט . . . אַזש קיין קוטנע, צום גרויסן חזן, דאָרט ווערן אַן אמת'ער משורר. דאָס קינד האָט זיך געטוליעט צו טאַטע־מאַמע. עס איז אים ענג געוואָרן אין העלדזל, נאָר ער האָט זיך געשעמט פֿאַר זיינע חבֿרים צו וויינען. דער פֿאָטער האָט דאָס באַמערקט און גענומען טרייסטן זיין קינד: „ביסט דאָך שוין אַ גרויסער בחור און פֿאָרסט אין דער וועלט אַריין ווערן אַ לייט. אויב דו וועסט נאָר וועלן לערנען, וועלן זיך, פֿריער גאָט און דערנאָך לייט, מיט דיר בענטשן. פֿאָר לחיים ולשלום און פֿאַרגעס ניט, למען השם, צו שרייבן". אַ קוש געטאָן דעם קינד אין שטערן, זיך אָפּגע־רוקט און צוגעלאָזן דער מאַמען. די מאַמע האָט געוואָלט עפּעס אָנזאָגן און נישט געקענט, האָט זי שטאַרק געדריקט איר קינד צום האַרצן און געוויינט . . .

ענדלעך איז די בויד אָנגעפֿילט געוואָרן מיט פֿאַרשוינען, האָט פּאַצעמו אַריינגעקוועטשט דעם ביעלאַס — און די בויד האָט זיך גערירט. לאַנג, לאַנג האָבן טאַטע־מאַמע נאָכגעקוקט די בויד, וועלכע האָט זיך דערווייטערט, געוואָרן קלענער און קלענער, ביז דאָס פּינטל איז פֿאַרשוואונדן אויפֿן וועג וואָס פֿאַרדרייט זיך אויף יענער זייט שטעטל און ר' אהרן מיט זיין ווייב זיינען אַהיים געגאַנגען ווי אבֿלים, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ אין שטילן שווייגן . . .

# אונטערוועגנס

ביי מענדל פּאַצעמו אין בויד זיינען געזעסן פיר מאַנספּערשוינען און דריי ווייבער — איז פאַרן ביעלאַס פּשוט קיין אָרט ניט געווען. כאָטש פּאַצעמו האָט פאַרזיכערט ר׳ אהרנ׳ען, אַז דאָס קינד וועט זיצן ווי אַ פּריץ. צווישן די מענער אויפן הינטערשטן געזעס האָט מען אפילו ניט געקענט אַ שפּילקע אַריינשפּאַרן, אַזוי ענג איז געווען. ביי די ווייבער ווידער — האָט דאָס פרומע משורר׳ל ניט געוואָלט זיצן, כאָטש דאָרט האָט מען נאָך געקענט אַריינקוועטשן אַ קינד. איז דער ביעלאַס געשטאַנען, זיך געוואַקלט און יעדע ווײַלע אַ פאַל געטאָן, דאָ אויף די מענער און דאָ אויף די ווייבער. אַנדערע האָבן געלאַכט און אַנדערע האָבן אים אונטערגעכאַפּט. ביז דער הויכער שמש — אַ ייד אַ למדן, פאַר וועלכן אַלע האָבן גרויס דרך ארץ געהאַט — האָט גוט אויסגע׳מוסר׳ט די לאַכערס און גענומען דאָס קינד צו זיך אויפן שויס. האָבן זיך די אַנדערע פאַרשעמט און איינער האָט פאַרגעלייגט: אַזוי ווי דער וועג איז אַ באָטשנער, פול מיט גריבער און שפּיציקע שטיינער — זאָל יעדער האַלטן צוביסלעך דעם ביעלאַס אויפן שויס, אַזוי ביז לענטשיץ, און דערפאַר זאָל ער זינגען פאַר אונז די סאָלאָ פון „בראש השנה יכתבון". נאָך אַ סך בעטן און לאַשטשען — האָט דער ביעלאַס אָנגעהויבן זינגען: „אוי ווײ, מי־מי־מי־מי יחיה; אוי ווײ מי־מי־מי, ומי ימות . . ." דער ביעלאַס האָט געזונגען און דער עולם האָט געכאַפּט, געשלונגען יעדעס וואָרט, יעדן טאָן, יעדע תנועה, יעדן קרעכץ. אפילו דער באַלעגאָלע, פּאַצעמו, האָט אָפּגעשטעלט די פערד, אַוועקגעלייגט די בייטש און זיך צוגעהערט. ווען די בויד האָט זיך אָפּגעשטעלט און אויפגעהערט העצקען, איז זיך ערשט דער ביעלאַס פאַרגאַנגען אין התעוררות: „אוי ווײ, מי־מי־מי, מי ברעב . . . אוי ווײ, מי־מי־מי, ומי בצמא . . ." די ווייבער האָבן גענומען ווישן די אויגן און העשן אויפן קול, אפילו די מענער האָבן גענומען די גרויסע, קאָלירטע טאַשן־טיכער צו די אויגן. דער ביעלאַס האָט פּשוט פאַרגעסן וואו ער געפינט זיך, פאַרמאַכט די אויגן און זיך דערזען אין שול, ביים עמוד. לייגט ער אַריין אַזוי פיל הארץ און געפיל אין דעם טייטש פון די ווערטער: „מי ברעש ומי במגפה..." ער האָט אַזוי צענומען דעם עולם, אַז ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָבן די מענער אויסגעשריגן אויפן קול:

„ותשובה ותפלה וצדקה, מעבירין את רוע הגזרה! . . .״ די פערד האָבן זיך צעהירזשעט פאַר שרעק און דערמאָנט דעם עולם וואו זיי געפינען זיך. האָט פאַצעמו אַ כאַפּ געטאָן די בייטש און מיטן זעלביקן ניגון גענומען אָנטרייבן: „וויאָ, וויאָ! אין דר׳ערד אריין! ס׳איז שפּעט! . . .״ אַזוי איז מען אין וואַסערע פיר־פינף שעה אָפּגעפאָרן די צען ווערסט און שפּעט נאָכמיטאָג אָנגעקומען קיין לענטשיץ אויפן יאריד.

האָט פאַצעמו אויסגעלאָדן די פאַרשוינען. איז זיך יעדער גע־גאַנגען זיין וועג און דער ביעלאַס, מיטן פּעקל אויפן פּלייצע, האָט ער זיך געלאָזן אויפן מארק־פּלאַץ, צווישן די געשטעלן, אויפצוזוכן זיין מומע שרה׳ן. וואַנדערט ער אַ צעטומלטער און קען זיך קוים דורכשטופּן צווישן אַזוי פיל פערד און וועגענער, אַזוי פיל מענטשן. יידן און יידענעס שרייען אוים זייערע סחורות און שלעפּן די פּויערים און פּויערטעס. אַ ליאַרם, אַ טומל, אַ רעש, אַ געפּילדער . . . אַזוי פיל צאַצקעס און שפּילערייען . . . שטעלט ער זיך אָפּ קוקן, פאַרט אַ קינד, לאָקט אים דאָס הערצל, כאָטש אָנרירן אַ צאַצקע . . . אַ האַרמאָניקל, אַ טראָמפּייטערל . . . מיינט דער סוחר, אַז דאָס איז איינער פון יענע גנבים׳לעך און דערלאַנגט אים אַ פּאַטש איבערן הענטל. שפּרינגט דאָס קינד אָפּ אַ פאַרשעמטער און דערמאָנט זיך, אַז ער דאַרף אויפ־זוכן די מומע שרה׳ן . . .

מעכעלע, דער ביעלאַס, איז אַ דאַר, קליין יינגעלע, שטאַרק קורצ־זיכטיק, האָט ער זיך געמוזט זייער אָנשטרענגען צו דערזען פון ווייטנס. אָנשטרענגענדיק זיינע אויגן, האָט ער שטאַרק געדרייט מיטן קאָפּ. די מומע שרה, האָט ער בלויז איינמאָל געזען, טאָקע מיט אַ יאָר צוריק, ווען זי איז געקומען אויף שבועות, מיטן פעטער משה צו גאַסט. ער געדענקט גוט ווי זי זעט אוים: אַ דאַרע, אַ מיאוס׳ע, מיט דינע־בלויע ליפּעלעך, אויך אַ שטאַרק קורצזיכטיקע און דרייט אויך מיטן קאָפּ — ער וועט זי זיכער דערקענען.

שלעפּט זיך דער ביעלאַס פון געשטעל צו געשטעל, קוקט יעדן אין די אויגן אַריין און פרעגט: „וואו שטייט מיין מומע שרה, די קוטנערן? זי האַנדלט מיט פּויערשע שטיוול״. די, וועלכע זיינען פאַרנומען מיט קונים, שטופּן אים אָפּ, ווער מיטן פוס און ווער מיט אַ וואָרף . . . די, וועלכע האָבן ניט קיין קונים, ענטפערן בייז: „גיי פאַרדריי זיך דיין אייגענעם קאָפּ! מיר האָבן אייגענע צרות . . .״

שפּאַנט ער זיך ווייטער, שטרענגט נאָך מערער אָן די אויגן און דרייט נאָך שטאַרקער מיטן קעפּל. פאַלט ער איבער די שפּיציקע שטיינער, צעקלאַפּט זיך, דערשטיקט דאָס געוויין, הויבט זיך אויף און שפּאַנט ווייטער . . .

די זון זעצט זיך שוין. דער מאַרק ווערט שיטערער. סוחרים נעמען שוין איינפּאַקן זייערע סחורות. די וואָס דאַרפן פאָרן ווייט איילן זיך, כדי צו קומען פאַר פרי אַהיים און ניט דאַרפן שלעפּן זיך אַ גאַנצע נאַכט. די וואָס וואוינען נאָענט אַרום, יאָגן זיך דווקא ניט אַזוי, טאָמער וועט נאָך גאָט צושיקן אַ גוטן קונה. שלעפּט זיך דאָס קינד, שוין מיט די לעצטע כוחות. דאָס הערצעלע קלעמט — עסן . . . נעמט אים שווינדלען פאַר די אויגן . . . וואַקלט זיך, וואַקלט זיך . . . גיט אַ פאַל אויפן ברוק מיט אַ יאָמערלעך געוויין.

ווערט אַ געשריי, אַ ליאַרם: — „אַ יידיש קינד חלש׳ט! . . . מסתמא אַ יתום! . . . זעט נאָר ווי אויסגעבלאַסט . . . אפשר פון הונגער? . . . ״ מונטערט מען אים אָפּ. טראָגט מען פון אַלע זייטן, ווער אַביסל עפּל-קוואַס, ווער אַ לעקעכל, ווער אַ פּרי. ווען דאָס קינד שטילט דעם הונגער און קריגט קאָליר, הייבט מען אים אָן אויספרעגן:

— ווי הייסטו?

— וועמענס ביסטו?

— פון וואַנען קומסטו?

— וועמען זוכסטו?

— איך זוך מיין מומע שרה, די קוטנערן, זי דאַרף מיך מיטנעמען קיין קוטנע — ענטפערט דאָס קינד פאַרקלעמט . . .

— אָ, די בלינדע שרה, די אַדוואָקאַטקע? — שרייט אויס אַ הויכער יונג — זי האָט פאַרפאַרי פאַרפאַקט און אַוועקגעפאָרן אַהיים.

זיינען דאָך יידן רחמנים בני רחמנים, מ׳עט דאָך אַ קינד ניט לאָזן אויף הפקר. לייגט מען זיך צוזאַמען, מ׳באַדינגט זיך מיט אַ גוי, וואָס דאַרף פירן די טאַנדעטניקעס קיין קוטנע, אַהיים פונם יאַריד. מ׳מאַכט דעם קינד אַ פּעקעלע פון געקליבענע שטיקלעך קוכן, שטענגעלעך, באַרעלעך און יאַגעדעס. מ׳פּאַקט אים אַרויף אויפן וואָגן

און היידאַ! — דער ביעלאָס פאָרט קיין קוטנע צום חזן ווערן אַ לייט . . .

*

ווען דער וואָגן מיט די טאַנדעטניקעס האָט פאַרלאָזן דעם לענטשיצער יאַריד און אַרויס אויפן קוטנער וועג, איז די זון שוין געווען ווייט הינטער די מילן. די שאָטנס פון די ביימער זיינען געוואָרן לענגער און לענגער. די שויבן פונם קאַשטשאָל אויפן שפּיץ טורם האָבן געברענט. דער הימל אין מזרח האָט געפלאַקערט אין טונקל־רויט . . . „דאָס ברענט מען די רשעים", האָט איטשע־פייגע־מירלס אָנגעוויזן אויפן צעפלאַמטן הימל. „שוין צייט צו דאַווענען מנחה", האָט געזאָגט דער פרומער בעריש און געבעטן דעם גוי אָפּ־שטעלן די פערד. האָבן יידן אָנגעשפּיגן אין די דלאָניעס, גענומען זאָגן אשרי און זיך געשטעלט שמונה עשרי. אָפּגעכאַפּט אויף גיך און — וויאָ! מ'פאָרט ווייטער. אַרום ווערט טונקעלער, די לופט ווערט קילער, דער עולם דעקט זיך איין מיט ראָגאָזשעס און זעק. דאָס פרעמדע יינגל האָט מען איינגעבאַבלעוועט אין אַ גרויסער, וואַטאָווער בורקע, ער זאָל חלילה זיך ניט צוקילן, און נייגעריקע יידן, ווי דער שטייגער איז, פרעגן דעם יינגל: „וואָס איז דיין נאָמען? — ווער זיינען דיינע עלטערן? — ווי קומסטו אַהער אויפן יאַריד אַליין? — און צו וועמען פאָרסטו?"

דאָס קינד רוקט אַרויס דאָס בלאָנדע קעפּל פון דער בורקע, וואָס בייסט אים, און דערציילט ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט און צו וועמען ער פאָרט.

פאַראינטערעסירט אינם קינדס דערציילן, האָט דערוויל קיינער ניט באַמערקט, ווי עס איז געוואָרן שטאָק פינסטער און ווי מ'איז אַריינגעפאָרן אין גראַבאָווער וואַלד . . . ווען דאָס קינד האָט גע־ענדיקט, האָט מען פלוצלונג דערזען, פון ביידע זייטן וואַלד, צוויי גרויסע, שוואַרצע ווענט פון ביימער. דער עולם איז געוואָרן אומ־רואיק, אַ פחד האָט אַלעמען אַרומגענומען. וועגן דעם וואַלד ווערן דערציילט אַ סך שרעקלעכע מעשות: ווי סוחרים זיינען דורכן וואַלד פון יאַרידן געפאָרן, זיינען גזלנים אויף זיי אָנגעפאַלן און באַראַבע־וועט. ווייסט און טראַכט יעדער דערפון און קיינער וויל איבערן מויל ניט ברענגען. שווייגט מען און מען בעט אין האַרצן: גאָטעניו,

ברענג אונז בשלום אהיים צו ווייב און קינד . . . גורעט מען טיפער איין די קעפּ אין די צודעקעכצן. ווערט די שטילקייט שווערער, דער פּחד שטאַרקער און די פינסטערניש דיקער. הערט מען די שווערע טריט פון די פערדישע פּאַדקאָוועס, דאָס סקריפּען פון די רעדער און דאָס פּראַכן פון די פערד. שוועבן מאָדנע פּנים׳ער פאַר די אויגן... וויל מען פאַרטרייבן די שרעק מיט טראַכטן פון אַ נעכטיקן טאָג — אָבער עס לאָזט ניט אָפּ. איין קליינוקייט, דער גראַבאָווער וואלד!... דערגייט די שרעק אויך צום ביעלאַס, קורטשעט ער זיך נאָך מער צוזאַמען אין דער וואַטאָווער בורקע. פאַרמאַכט ער פעסט די אויגן און דערזעט אַלץ וואָס ער וויל. זעט ער דער ליבער מאַמען, ווי זי וויינט . . . זעט ער דעם טאַטן, ווי ער שפּאַנט הין און צוריק איבער דער לאַנגער שטוב און ברומט אַן אומעטיקן ניגון . . . זעט ער טאַקע אַלץ וואָס ער וויל — נאָר איינגעהילט אין אימה . . . זעט ער זיך ביי דוד קאַקסן אין חדר. דער רבי איז נישטאָ, אַוועק ערגעץ אוים־פירן אַ שידוך און אָנגעזאָגט די ייִנגלעך צו זיין שטיל און טאַקע אים, דעם ביעלאַס, געמאַכט פאַרן עלטסטן. די רביצן איז אויך אַריין צו אַ שכנה מוטלען . . . רינגלען אים אַלע ייִנגלעך אַרום און בעטן אים דערציילן מעשׂות וועגן גזלנים. מ׳האַלט אים פאַרן בעסטן דערציילער אין חדר. טוט ער זיי צוליב און דערציילט:

אַמאָל האָט אַ ייִד געהאַלטן אַ שענק, נישט ווייט פון אַ וואַלד. האָט דער ייִד געהאַט אַן איינציקע טאָכטער, איז זי געווען שיין ווי אַ בת־מלכה. און ווייל זי איז דערצויגן געוואָרן אין דאָרף, נישט ווייט פון אַ וואַלד, האָט זי קיין מורא נישט געהאַט. איינמאָל האָט דער פאָטער, דער שענקער, געדאַרפט פאָרן אין שטאָט אַריין, האָט ער אָנגעזאָגט זיין טאָכטער: „אַזוי ווי ס׳וועט צופאַלן די נאַכט, זאָלסטו פאַרמאַכן די שענק, פאַרריגלען אַלע טירן, פאַרשרויפן אַלע לאָדנס און קיינעם נישט אַריינלאָזן אין שענק אַריין". די ערשטע נאַכט האָט זי אַזוי געטאָן, ווי דער טאַטע האָט איר אָנגעזאָגט. נאָר אויף מאָרגן פאַרנאַכט, ווען זי איז געגאַנגען פאַרמאַכן, האָט זי דערזען פון ווייטנס אָנקומען אַ באַנדע גזלנים, וועלכע גייען צום שענק. און איידער זי האָט נאָך געדאַנדזשעט צו פאַרריגלען אַלע טירן — זיינען די גזלנים שוין דאָ געווען. אַזוי ווי הינטערן בופעט איז געווען אַן אייזערנע טיר אין קעלער אַריין — האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דאָס געלט, אַראָפּ־געלאָפן אין קעלער אַריין און פאַרהאַקט איבער זיך די טיר.

ווי די גזלנים זיינען אריין אין שענק, האָבן זיי דאָס ערשטע גענומען זוכן די שיינע טאָכטער — און זי נישט געפונען. האָבן זיי פּאָר גרוים כעס אויסגעזשליאָקעט דריי פעסער בראָנפן. האָבן זיי גענומען זוכן דאָס געלט — און אויך נישט געפונען. האָבן זיי פאַר־שטאַנען, אַז די טאָכטער מיטן געלט ליגט ערגעץ באַהאַלטן. האָבן זיי געזוכט אַזוי לאַנג און געזוכט אַזוי ברייט, ביז זיי זיינען צוגע־קומען צו דער אייזערנער טיר פון קעלער. ווילן זיי עפענען — קענען זיי נישט. ריזן זיינען זיי געווען, האָבן זיי גענומען אויפברעכן די טיר. האָט די טאָכטער דערזען, אַז עס האַלט שלעכט, האָט זי געבעטן גאָט און געשריען: געוואַלד! ראַטעוועט! גזלנים גייען!! האָבן די גזלנים דערהערט איר פאַרשטיקט קול און נאָך שטאַרקער גענומען רייסן, ביז די אייזערנע טיר האָט זיך גענומען ברעכן. וואָס טוט גאָט? — האָט די טאָכטער אַ כאַפּ געטאָן אַ שאַרפע האַק, וואָס איז געלעגן אין קעלער, זיך געשטעלט ביי דער זייט פון די טרעפּן. קראַך! קראַך!! — די טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ פּראַל. אַזוי ווי דער אַראָפּגאַנג איז געווען אַ שמאָלער, האָבן די גזלנים גענומען גיין איינ־ציקווייז . . . ווען דער ערשטער גזלן איז אַראָפּ — האָט זי אים געגעבן אַ האַק אַראָפּ דעם קאָפּ. ווען דער צווייטער איז אַראָפּ — האָט זי אים געגעבן אַ האַק אַראָפּ דעם קאָפּ . . . אַזוי איין גזלן נאָכן אַנדערן, ביז זי האָט זיי אַלעמען אויסגעקוילעט . . . ווען דער קייסער האָט זיך דערוואוסט פון איר העלדישקייט, האָט ער איר געשאָנקען אַ האַלבע מלוכה און זי מיטן פאָטער האָבן געלעבט גליקלעך . . . האָבן גע־נומען קומען שדכנים — פור־ר־ר־ר . . . האָט זיך דערהערט דעם פורמאַנס שטימע — און דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קרעטשמע אָנפּאָיען די פערד, שוין אויף יענער זייט וואַלד. האָבן זיך אַלע אויפגעכאַפּט און לייכטער אָפּגעאָטעמט. „אַ דאַנק דעם אויבערשטן, וואָס בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק" — האָבן יידן געמורמלט.

איז מען געפאָרן ווייטער, מיט לייכטע געמיטער, זיך דערציילט מעשות פון גוטע יידן, נסים פון רביים און ניט געוואוסט וואו דער וועג איז אַוועק. האַלבע נאַכט איז מען אָנגעקומען נאָך קוטנע. דאָס ערשטע האָט מען אָפּגעפירט דעם ביעלאָס צו זיין מומע שרה'ן, די אַדוואָקאַטקע (פאַרוואָס מען האָט זי גערופן אַדוואָקאַטקע, וועלן מיר

שפּעטער דערציילן), זי אויפגעוועקט פון שלאָף און איר איבער־געגעבן איר גאַסט . . .

## ביי דער מומע שׂרה׳ן

שׂרה די אַדוואָקאַטקע האָט פאַרמאָגט איר אייגנס אַ הילצערן הייזל, אין וועלכן עס האָבן געוואוינט, אַ חוץ איר, נאָך דריי שכנים. זי אַליין האָט באַוואוינט דעם פאָדערשטן צימער, אויפן ערשטן שטאָק. דאָס ווירטשאַפט: אַ ליימענער אויוון מיט אַ קאַפּטער פאַרן רויך; אַ באַנק, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען אַ הערינג־טינדל מיט טרינק־ און קאָך־וואַסער; אין דער זייט, אַ פּאַמעשאַף, פאַר אומריינע וואַסער און קיך־אָפּפאַל — דאָס ווינקל האָט געדינט פאַר דער קיך. אין מיטן שטוב, אַ טיש מיט צוויי שטולן, וועלכע האָבן אַמאָל געהאַט ווינער זיץ־דעקלעך און זיינען איצט באַשלאָגן מיט באַדעמס פון פּעסלעך — דאָס האָט געדינט פאַרן עס־צימער. ביי דער לאַנגער וואַנט, אַנטקעגן דער טיר, צוויי בעטן פאַר שׂרה׳ן מיט איר מאַן און אַ הילצערנע שלאָף־באַנק, אונטערגעשפּאַרט מיט ציגל, אָנ־שטאָט פיס, אין וועלכער עס זיינען געשלאָפן די צוויי מיידלעך. און עליע, איר איינציקער זון, איז געשלאָפן אויסגעבעט אויף דער ערד — דאָס האָט געדינט פאַרן שלאָף־צימער. ביים איינציקן פענסטער, וואָס האָט געקוקט אין גאַס אַריין, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן־שייבלעך, איז געשטאַנען אַ טישל, ביי וועלכן עס איז געזעסן איר מאַן משה אויף אַ דריי־פוס און געאַרבעט שוסטעריי — דאָס איז געווען דער וואַרשטאַט. דאָס שוסטער־ברעטל האָט געדינט צו שניידן לעדער און זוילן אויף איין זייט, און קנעטן קליסקעלעך, האַקן פיש — אויף דער צווייטער זייט. איין מאָל אין יאָר, ערב פּסח, האָט מען דאָס ברעטל געסקראָבעט און געוואַשן. איבער דער לענג פון באַלקן, אויף לאַנגע דרענגער, זיינען געהאַנגען שטיוול, שטיוול, שטיוול . . . זייער ריח האָט מען געהערט איבער דער גאַנצער קצבים־גאַס, וואָס האָט אַזוי אויך ניט געשמעקט. ענג, דושנע, חושך, אַז מען האָט געקענט שניידן די לופט מיט אַ מעסער — אָט אין דעם „פּאַלאַץ” האָט מען עס אַריינגעפירט, אין דער שפּעטער נאַכט, דעם ביעלאַס. כדי נישט אויפצוואַוועקן דאָס הויזגעזינט, האָט די מומע שׂרה אים אָוועקגעלייגט אויף אַ באַרג לאַפּטשעס, אונטערגעלייגט אַ קישעלע אונטערן קאָפּ

און געהייסן אים דערווייל איבערשלאָפן די נאַכט. האָט ער אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעמאַכט און שטאַרק געהוסט, נישט קע־נענדיק פאַרטראָגן דעם עפּוש פון לעדער און אַניצעס. פאַרטאָג איז ער ענדלעך איינגעשלאָפן . . . דרייט ער זיך און וואַרפט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, רייסט ער פון זיך שטיקער פון די קריכנדיקע אומפּלייט . . . חלום׳ט זיך אים, אַז ער גייט אין אַ גע־דיכטן וואַלד, זוכט דעם וועג אַהיים . . . גייט ער און גייט, באָרוויס, אָן שיך, שטעכן אים דערנער און צווייגן. ער קען דעם וועג אַהיים נישט געפינען, פאַרבלאָנדזשעט. פּלוצלונג דערזעט ער פון וויטנס אַנקומען חיות: בערן און לייבן, שלאַנגען און עגדישן . . . זיי דערנענטערן זיך צו אים מיט אַ מורא׳דיק געבריל . . . וויל ער שרייען, קען ער נישט, דאָס קול פאַרלוירן . . . מאַטערט ער זיך, מיט אַלע כוחות צו רופן הילף — שטיקט אים אין האַלדז. די שלאַנגען און עגדישן הייבן זיך שוין אָן וויקלען אַרום אים . . . פּרואווט ער מיט די לעצטע כוחות שרייען: געוואַלד! געוואַלד!! — ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, זיינען אַלע שטוביקע געשטאַנען אַרום אים, אין די העמדער, געגאָסן אויף אים קאַלטע וואַסער, געדריקט אים די שלייפן . . . ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער זיך דערמאָנט וואו ער געפינט זיך און געקלערט, אַז דאָס האָט ער אַ שלעכטן חלום געהאַט, ווייל ער האָט מסתמא נישט פרום געננוג קריאת שמע געלייענט . . .

דער ביעלאַס האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, ווי איינער רעדט: ווער זיינען די אַלע אַרום? די מומע שרה, ווי אַ געניטע מאַמע, האָט פאַרשטאַנען זיין קוקן און אים באַרואיקט: דאָס זיינען דאָך דיינע געשוועסטער־קינדער — עליע, דבורה און ביילע. זיינען חברה גע־וואָרן דרייסטער און גענומען רוקן הענט, „שלום־עליכם״ . . . האָט דער פעטער משה גענומען בורטשען: „כמאַלעס מ׳טאָר דען? ניש אָפּגעגאָסן קאָ נעגל־וואַסער. ווי שעמט עך ענק ניש, אין די בלויזע העמדער . . .״

האָבן חברה אין גאַייל אַרויפגעכאַפּט ס׳ביסל אַנטועכץ און אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער. די מומע שרה האָט דערווייל גענומען מאַכן פייער, אָפּצוקאָכן אַ לעפל וואַרימס. אַריינגעלייגט פּאַפּיר, פון אויבן טאָרף, אונטערגעצונדן און גענומען בלאָזן . . . איז געוואָרן אַ רויך, אַז איינער דעם צווייטן האָט נישט געזען . . . די קינדער זיינען

דערוויל צוגעשטאַנען צום גאַסט מיט פראַגעס, האָט די מומע שרה אַנגעשריגן אויף זיי: ממזרים; לאָזט אים אופ! — און אַליין אים גענומען אויספרעגן: צו וואָס ביסטו געקומען אַהער? ווי לאַנג וועסטו דאָ פאַרבלייבן? וואָס מאַכן טאַטע-מאַמע? — ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז ער איז געקומען צום חזן ווערן אַ משורר, איז איר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן . . . האָט זי באַפוילן איר עליען, מיט-צונעמען מאַכעלען, צום ערשטן מנין און פון דאָרטן — אים גלייך אָפּפירן צום חזן.

---

שרה'ן האָט מען גערופן „אַדוואָקאַטקע", ווייל זי האָט געהאַט אַ פּיסקל אויף שרויפן און אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער — אַזוי האָט מען אין שטעטל גערעדט. אַ סימן, זי האָט זיך אַלעמאָל אויסגעדרייט פון צאָלן „פּאַדאַקטעס". האָט מען אימיצן געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, פאַר אָפּן האַלטן זונטיק דאָס קרעמל, פאַר נישט האַלטן ריין דעם הויף, פאַר נישט פאַרריכטן דעם ברוק — איז מען געלאָפן צו שרה'ן, זי האָט שוין אָנגעשפּאַרט וואו מען דאַרף און — אויס פּראָטאָקאָל. מיטן „סטראַזשניק" איז זי געווען „פּער דו". מ'דערציילט, אַז זי האָט אַמאָל אַליין גערעדט מיטן גובערנאַטאָר און ער האָט איר געזאָגט: „דאָברע זשידאָווקאָ" . . . נאָר אַלע אין קוטנע האָבן זיך געוואונדערט: מיט וועלכן כוח? דאַכט זיך אַזאַ מיאוס באַשעפעניש, אַ דאַרס, אַ קליינס, מיט אַ מויל אויסגעשטשערבעטע ציינער, שיקלט אויף איין אויג און האָט אויפן צווייטן אַ „בלאָנע". הייגט איר הולך: אַ שייטעלע, וואָס באַגעגנט זיך איינמאָל אַ יאָר מיט אַ קאַם — ערב ראש השנה. אַ קליידל מיט אַ יאַקל, וואָס זי טראָגט נאָך פון דער ערשטער קינפּעט און זי געדענקט שוין אַליין נישט וואָס פאַר אַ קאָליר די סחורה האָט געהאַט נייערהייט. הפּנים דער כוח ליגט אין איר מויל. רעדט פּויליש ווי אַ „וואַסער". ווייסט ווי אונטערצוקומען די מעשענע קנעפּלעך מיט אירע חניפה-ריידעלעך און איז דערפאַר אויסגעקאַכט מיט נאַ-טשאַלסטוואָ — האָט ס'גאַנצע שטעטל מורא פאַר איר, אפילו יאַנקל קראַדניק, ביי וועלכן מ'קויפט אויס אַלע געגאַנוועטע לייכטער, האָט אויך מורא פאַר דער בלינדער שרה'ן. איר מאַן, משה, ציטערט פאַר איר, כאָטש ס'איז נאָך קיינמאָל נישט געקומען דערצו אַז זי זאָל אים דאַרפן שלאָגן . . . ער נעמט אַלעס פאַר ליב פון זיין ווייב. ער טראַכט. זי ווערט דאָך נעבעך אַזוי פאַרשוואַרצט. זי פאָרט אויף יאַר-מערק

און שלאָגט זיך אָפּ די זייטן אויף הויכע וועגענער, איבער באָטשנע וועגן, אין די ערגסטע וועטערן. דאָס הויז, פאַרזאָרגט זי, קינדער, האָט זי . . . און ער, אומשטיינס געזאָגט — אַ חוץ זיצן און אַרבעטן, פון אויפבּרעכנדיקן טאָג ביז אין דער געזונקענער נאַכט אַריין, טוט ער דאָך גאָרנישט . . . וואָס וואָלט ער געטאָן אָן איר? וואָס וואָלטן אַלע יידן געטאָן אָן איר? וויפיל יידן האָט זי שוין געראַטעוועט פון זיצן אין „קאָזע"? . . . רופט מען זי דערפאַר „אַדוואָקאַטקע".

⁂

— מאַמע, מאַמע! — איז אַריינגעלאָפן עליע מיט אַ געשריי — האָסט געדאַרפט זען ווי שיין דער חזן וואוינט. אפשר דריי שטובן, מיט אַזעלכע אויסגעמאָלענע ווענט. און אַלע האָבן זיך דאָס דערפרייט מיט מאַכעלען. מ'האָט אונדז געגעבן אָנצובייסן, מיר אויך, ווייסע קאָווע אָפּגעצוקערט און קייזערקעס באַשמירט מיט פּוטער און . . .

— וואָס דען? — האָט שׂרה מיט אַ קרעכץ איבערגעשלאָגן עליען — אַנדערע האָבן מזל צו קינדער. דו ביסט קראַנק צו ווערן אַ משורר? . . . וואָס איז? הענדל האָט שיין געדאַרשנט, וואָס איר קומט עס און מיר נישט? . . .

## ביים קוטנער חזן

ר' צבי־הירש לאָפּאַטאַ, דער קוטנער חזן, האָט גע'שמ'ט ביי משוררים, און אפילו חזנים, פאַר אַ מנגן גדול. ער האָט פאַרמאָגט עטלעכע שאַפעס מיט פול באַשריבענע מוזיק־ביכער. ביי לאָפּאַטאָן האָט מען געזונגען בלויז קלאַסישע קאָמפּאָזיציעס פון זולצער, לע־וואַנדאָווסקי וכדומה. — האָבן משוררים פון די ווייטסטע מקומות געצויגן קיין קוטנע, כדי אָנצוקומען צו לאָפּאַטאָן אין כאָר. דער חזן אַליין האָט קיין גוטע שטימע נישט געהאַט, צו קענען זיין יענער „זאָגער", וועלכער רירט דעם יידנס האַרץ, פלעגט ער דערפאַר קלייבן זייגע משוררים „פּרימע דע־פּרימע" און טאַקע געהאַט אַ כאָר — פּרימע דע־פּרימע . . . דער חזן אַליין האָט איינשטודירט און דיריגירט זיין כאָר. האָט מען עס ביי אים אַ זונג געטאָן — אויף חידושים. יעדן שבת מברכים, אַ נייעם יהי רצון. יעדע פאַר וואָכן, אַ נייעם קבלת שבת. איז געקומען חנוכה, האָט דער כאָר, צוזאַמען מיט די שטעטל־

שע קלעזמער, אַ שאַל געטאָן „מזמור שיר חנוכת" און „הנרות הללו", אַז די וועלט האָט געקלונגען. אפילו דער וואָיענע קאַפּעלמייסטער מיט אַ פּאָר אַפּיצערן זיינען געקומען הערן בענטשן חנוכה־ליכט און גאַפן.

פונדעסטוועגן האָט דער חזן געוואוסט, אַז דער פּשוט'ער ייד איז נאָך נישט מסוגל צו פאַרנעמען אַזאַ הויך געזאַנג. קיין „שמאַטעס" וועט ער חלילה נישט זינגען. נאָר אַזוי ווי יידן האָבן ליב אַ „וואָלעכל" וואָס זאָל זיך צעגיין אין אַלע אברים, אַ „זאַגעכצל", וואָס זאָל אַ נעם טאָן אונטערן לעפעלע און אַרויסרופן אַ טרער. האָט דערפאַר דער חזן אַלעמאָל געהאַלטן אַ יינגל, אַן אַלטל — אַ סאָליסטל, וואָס זאָל אַרויסרופן אַ טרער. אַזאַ יינגל האָט דער קוטנער חזן געהאַט, בשעתו, דאָס הויקערל.

דאָס הויקערל: אַ קרענקלעך, אויסגעמאָגערט יינגל, מיט אַ גרויסן קאָפּ צווישן די פּלייצעס; אַ געל פאַרמעט־פּנים, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר קעצישע שפּיזל־אויגן; צוויי לאַנגע, דינע שטעקל־פיס, אויף וועלכע עס איז געזעסן אַ קליין ברייטביינערדיק קערפּערל, מיט צוויי הויקערס — פון פאָרנט און פון הינטן; אַ ברייט מויל, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט געל־שיטערע אויסגעשטשער־בעטע ציינער — אָט אָ דאָס הויקערל האָט גאָט באַשאָנקען מיט אַ קול, ווי אַ פּרעמיערם טייער פידעלע, מיט אַ געפיל צו זינגען, אַז עס איז גאָר קיין גלייכן נישט געווען. האָט ער געזאָגט אַ סאָלאָ, האָט זיך די שול געוויקט אין טרערן. ער האָט געזונגען אַזוי „מאָ־ראַליש" מיט אַזוי פיל התעוררות, אַז מען האָט ממש געפילט ווי דאָס זינגט ער אַרוים זיין אייגן צער און יסורים . . . אַז דאָס זינגט ער אַרוים, דאָס וויינט ער אַרוים זיין אומגליק און צווינגט אַלעמען מיט־וויינען מיט אים . . . בשעת'ן זינגען די סאָלאָ האָט ער דורכגעשפּיזט דעם עולם און טיף הנאה געהאַט פון זיין גבורה איבער זיי און יעדע ווײלע אַ גיפטיקן קוק געטאָן צו די אַנדערע משוררים, ווי איינער רעדט: אדרבא, איר זייט דאָך עפּעס גלייכע, באַווייזט איר דאָס? . . .

וויסנדיק, אַז אָן אים קען דער חזן זיך נישט באַגיין, האָט דאָס הויקערל אַלעמען געפירט פאַר דער נאָז . . . פאַר יעדער קלייניקייט געזידלט און באַליידיקט. נישט געשוינט קיינעם. דערצו האָט ער זיך געפילט תקיף וואָס ער איז אַ קוטנער און האָט די עלטערן ביי דער זייט. צו יעדער פּראָבע האָט דער חזן געמוזט שיקן שלוחים נאָך אים.

אמאָל האָט ער זיך איינגעעקשנ'ט, אַז דער חזן אַליין זאָל נאָך אים קומען — און דער חזן האָט זיך געמוזט מטריח זיין און גיין אים ברענגען. מ'האָט פון אים געליטן, אין לשער. אַ „ניגל", אַזוי האָט מען אים גערופן הינטער די אויגן, מחמת ער האָט אַלעמען געצאַפּט דאָס בלוט.

האָט דער חזן אַ צייט לאַנג געזוכט אַ יינגל, אַ סאָליסט, וואָס זאָל קאָנען פאַרנעמען דעם הויקערס פּלאַץ און איינמאָל פאַר אַלעמאָל פּטור ווערן פון דעם ניגל. און — ענדלעך געקראָגן דאָס וואונדערקינד, דעם „ביעלאַם".

איז דען אַ וואונדער וואָס ביים חזן אין הויז איז געוואָרן אַזאַ שמחה, אַזאַ פרייד, ווען עליע האָט אַריינגעפירט דעם ביעלאַם? דער חזן האָט דאָס קומען פונם ביעלאַם געהאַלטן בסוד. און איצט, זיצנ־דיק ביים טיש, ווען דער חזן האָט דערציילט, אַז דאָס בלאָנדע יינגל וועט זיין דער נייער סאָליסט, האָבן אַלע דערפילט אַ דערלייזונג — אַ לאַנג דערוואַרטעטע ישועה איז געקומען . . .

אָפּגעגעסן, אָנגעפרייט זיך, האָט דער חזן אַריינגערופן דעם ביעלאַם אין אַ חדר מיוחד און צו אים אַזוי גערעדט: „מעכעלע, דיינע טאַטע־מאַמע האָבן מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אַ גוט יינגל, מיט אַ שאַרף קעפּל און האָסט חשק צו לערנען — גוט אַזוי. אָבער איך וויל דיר אָנזאָגן, אַז מיר האָבן דאָ אַ משורר'ל, אַ הויקערל, איז ער אַ רשע מרושע. זע דו זאָלסט זיך מיט אים נישט חבר'ן. מיר וועלן דיך האַלטן ווי אַן אייגן קינד. דיך מדריך זיין אויפן דרך הישר, לערנען מיט דיר נאָטן — זאָלסטו פאָלגן און לערנען. אַלע משוררים לייענען ביי מיר בלאַט, זע דו זאָלסט זיי איבערשטייגן. די משוררים וועלן זיין גוט צו דיר, אויב דו וועסט זיך נאָר ניט חבר'ן מיטן הויקערל, ווייל ער איז אַ שלעכטער און וועט דיר וועלן בייז טאָן. דו וועסט זיין ביי מיר דער סאָליסט און אי"ה שבת נחמו וועסטו שוין זאָגן דיין ערשטע סאָלאָ אין שול און דו וועסט ווייזן די יידן וואָס דו קענסט. טאַקע היינט שוין, בלי נדר, וועסטו קריגן דיין ערשטע לעקציע אין נאָטן און זע דו זאָלסט אויסלערנען אויף אויסנווייניק. נאָר געדענק וואָס איך בעט דיך: זיך נישט חבר'ן מיטן הויקערל, ער איז אַ רשע מרושע און וועט דיר זיכער וועלן שלעכטס טאָן".

נישט לאַנג נאָכן שמועס האָט דער ביעלאַם געקראָגן זיין ערשטע נאָטן־לעקציע אין אַ נייַ ביכעלע. וועלנדיק ווייזן חריפות, האָט ער

זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקעלע און פּלייסיק גע׳חזר׳ט זיין לעקציע. אין אַ האַלבער שעה אַרום קומט ער צום חזן, דערלאַנגט דאָס ביכל און זאָגט: איך קען אויסנווייניק. דער חזן האָט אים פאַרהערט און געשטוינט. אים געגלעט איבערן קעפּל און באַמערקט: אַ וואויל בחור׳ל. איצט נאָדיר נאָך אַ לעקציע, אַביסל אַ האַרבערע, און לאָמיר זען ווי לאַנג עס וועט דיר געמען.

אין אַ האַלבער שעה אַרום קומט ער צום חזן, דערלאַנגט דאָס ביכל און זאָגט: חזן, איך קען אויסנווייניק. אַזוי פיר מאָל דעם זעלביקן טאָג, האָט דער ביעלאַס געקראָגן אַלץ האַרבערע לעקציעס און יעדע האַלבע שעה געקומען מיטן זעלביקן נוסח: איך קען אויסנווייניק — אַזוי טאָג נאָך טאָג.

די ערשטע נאַכט אויפן געלעגער, איז דער ביעלאַס געלעגן און געטראַכט: פאַרוואָס האָט דער חזן מיר אַזויפיל מאָל אָנגעזאָגט: חבר זיך ניט מיטן הויקערל, ער איז אַ רשע מרושע און ער וועט דיר שלעכטס טאָן. פאַרוואָס? — פאַרוואָס זאָל ער מיר וועלן שלעכטס טאָן? אַ נייגער האָט אים אַרומגעכאַפּט צו באַקענען זיך מיטן הויקערל, און מיט דעם נייגער איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן.

אויף מאָרגן, איבערמאָרגן און יעדן טאָג, האָט דער ביעלאַס גע־קראָגן און אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק נישט ווייניקער ווי פיר לעקציעס. דורכן טאָג, האָט ער זיך געפונען אַ ווינקעלע אויפן בוידעם, קיינער זאָל אים ניט שטערן, און שטודירט זיינע לעקציעס. און יעדן פאַרטאָג, ווען אַלע זיינען נאָך געשלאָפן, פלעגט ער זיך אַראָפּגאַנ־ווענען פון בעט, באָרוויס, מ׳זאָל ניט הערן זיינע טריט, זיך צוכאַפּן צו דער שאַפע מיט די נאָטן־ביכער און געשלונגען קאָמפּאָזיציע נאָך קאָמפּאָזיציע. געזונגען אין האַרצן און געהערט מיט די אויגן די וואונדערלעכע מעלאָדיעס. ווי אַ דורשטיקער אין אַ ברענענדיקן מדבר, האָט ער געטרונקען פון דעם רייכן מוזיק־קוואַל. איבערגעזונגען יעדע קאָמפּאָזיציע עטלעכע מאָל, ביז ער האָט געקענט יעדע פאַרטיע אויסנווייניק.

---

גלייך דעם ערשטן טאָג, ווי דער ביעלאַס איז נאָר געקומען, האָט זיך דאָס הויקערל דערוואוסט, טאַקע פון עליען, אַז עס איז אָנגעקומען אַ נייַ משורר׳ל צום חזן. עפּעס האָט זיך ביים הויקערל אָפּגעריסן אין

הארצן . . . ער איז געוואָרן זייער אומרואיק. אויף מאָרגן האָט ער באַשלאָסן אַרויפצוגיין צום חזן מיט אַן אויסרייד, זיך באַקענען מיטן נייעם משורר'ל.

## דער חזן שלאָפט

יעדן נאָכמיטאָג, אַזוי אַ קיילעכדיק יאָר, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן צוויי, האָט דער חזן ר' צבי גענומען אונטערברומען אַ ניגונ'דל און זיך געגאַנגען שלאָפן זיין טאָג-טעגלעכן שלאָף. און ווען ער האָט זיך פאַרמאַכט אין זיין שלאָף-צימער, וואָס פירט אין הויף אַריין, האָט ער, קעמענדיק די שוואַרצע באָרד מיט די פינגער, גע־לאָזן וויסן מיט אַ שטרענגען, באַפעלנדיקן טאָן: הברה, איך גיי זיך צושפּאַרן. וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז אין הויז זאָל ווערן שאַ . . . שטיל . . .

אַזוי גיך ווי דער חזן האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, האָט די חזנ'טע צוגעלייגט צוויי פינגער צום מויל און אַלע האָבן גענומען גיין אויף די שפּיץ פינגער — דער חזן שלאָפט! . . . דאָס געוויינ־לעכע ליאַרמען איז פאַרשטומט געוואָרן און מ'האָט פאַרענדיקט דאָס שמועסן אויף שטום-לשון, ווייל — דער חזן שלאָפט . . . די חזנ'טע האָט זיך גענומען צו אַ שטילער הויז-אַרבעט: פאַרריכטן וועש, פאַר־צערעוועט זאָקן, אָדער פליקן פעדערן פאַר דער עלטערער טאָכטער רחל און מיט אַ פרום פּנים געבעטן אין הארצן: גאָטעניו, שיק עפּעס צו אַ גוטן זיווג . . . די משוררים, וועלכע האָבן פאַרמאָגט עטלעכע קאָפּיקעס, זיינען אוועק צו צאַלעל מאַליאַרזש מאַכן אַ קערטל. די אַרעמערע, ווידער, האָבן זיך פאַרקליבן אין קיך, אַרום קליינעם טיש און געשפּילט קוויטלעך אויף באָרג, זיך איבערגערעדט מיט די אויגן, הענט- און מויל-באַוועגונגען — דער חזן שלאָפט . . . אפילו די קאַץ האָט זיך פאַרקליבן הינטערן אויוון, זיך געוואַשן פרום, ווי זי וואָלט געוואוסט — דער חזן שלאָפט . . . דער ביעלאָס איז געזעסן אין מיטל־צימער, ביים גרויסן עס-טיש און פּראַקטיצירט זיינע נאָטן-לעקציעס אין זיך, ווייל ער האָט אויך שוין געוואוסט — דער חזן שלאָפט . . .

יעדער פאַרטאָן אין זיינס, האָט קיינער נישט באַמערקט, ווי דורך דער קיך-טיר האָט זיך אַריינגעשאַרט, שטיל ווי אַ קאַץ, דאָס הויקערל. ער האָט זיך דערנענטערט צו די משוררים, וועלכע זיינען געווען פאַר־

טיפט אין זייער קוויטל-שפּיל, און מיט אַ דאַר הוסטעלע געלאָזן וויסן זיין אַנוועזנהייט. ווי אַלע מאָל פריער האָט ער דערוואָרט, אַז די משוררים זאָלן אים וואַרעם באַגריסן. אָבער דאָס מאָל האָבן די משוררים בלויז אויפגעהויבן די קעפּ, געשאָנקען אים אַ שטעך-שמייכעלע, אָפּגעקערט די קעפּ מיט אַ ציק פון די מויל-ווינקלען און זיך ווידער אַריינגעטאָן אין זייערע קוויטלעך, בורטשנדיק: „סידאָך דו, אַז מ׳רעדט פון מלאך קימט דער גלח . . .״

דאָס הויקערל האָט דערפילט זיין ירידה און זייער נצחון. זיינע געדאַנקען האָבן גענומען לויפן אין אַ ווילדן געיעג . . . די אויגן זיינען ביי אים געוואָרן גרעסער און בליציקער, די שוואַרץ-אַפּלם האָבן גענומען טאַנצן אַהין און אַהער, אַרויף און אַראָפּ, זוכנדיק די סיבה — דאָס נייע משורר׳ל. זיין האַרץ האָט זיך האַסטיק געהויבן און צוריקגעפאַלן. דערנענטערנדיק זיך צו דער מיטל-שטוב, האָבן זיינע אויגן זיך אָפּגעשטעלט אויפן ביעלאַס, וועלכער איז געזעסן איבער זיין נאָטן-ביכל און געפירט מיט די הענט „טאַקט״ . . . עפּעס האָט זיך אים אָפּגעריסן אין האַרצן: דאָס איז ער! — יאָ, דאָס איז ער! פּלענער, פּלענער האָבן גענומען וועבן זיך אַרום איין פונקט: „ווי אַזוי ווערט מען פּטור פון אים? ער איז דאָך געקומען פאַרנעמען מיין אָרט . . . אָבער ער וועט דאָס נישט דערלעבן״. דאָס הויקערל האָט אין גאַנצן געפיבערט . . . געשטאַנען און דורכגעשטאָכן, מיט די שפּיזל-אויגן, דאָס קליינע, בלאָנדע יינגל, דעם ביעלאַס, און געפילט ווי אַ כאַפּ צו טאָן דעם מעשענעם שטויסל פון געפּעס-שענקל און אים פּלעטן דעם מוח . . . אָדער צולויפן און איינגראָבן זיך מיט די נעגל אין זיין האַלדז און אים דערווערגן — אַ סוף זאָל עס נעמען . . .

אַ קאַלטער שוויים האָט דעם הויקערל באַגאָסן ביי דעם געדאַנק: „אַ רוצח?!! . . . ניין-ניין! עס שטייט דאָך אין דער הייליקער תורה, לא תרצח. ניין! כ׳וועל בעסער אָנשטעלן מיינע ברידער מיט זייערע חברים, די קצבים-יינגען, זיי זאָלן אים אונטערהאַקן די זייטן, אים איבערברעכן אַ ביין . . . אָדער אפשר גאָר ווערן חבר מיט אים, גוט ברודער? אַריינבעטן אין הויז, אים אויפוואַרטן מיט טיי און אַריינטאָן מייזן-סם אין צוקער, וגעט ער שוין פאַרשפּאָרן צו זינגען?״

די משוררים האָבן באַמערקט ווי דאָס הויקערל שטייט און ציטערט אין גאַנצן, מיט די לאַנגע פינגער צעשפּרייט. וועלנדיק זיך רייצן מיט אים, האָבן זיי גענומען רופן: פּס-ס-ס . . . אַ פּחד האָט

אַ בליץ געטאָן ביים הויקערל אין מוח: „אפשר האָבן זיי געהערט וואָס איך טראַכט?" וועלנדיק פאַרווישן זיינע טראַכטענישן, האָט ער זיך אומגעדרייט צו די משוררים און מיט אַ געצוואונגענעם שמייכל גענומען פרעגן ביי זיי, מיט די הענט: ווער איז דאָס יינגל דאָרט? האָבן אים די משוררים אָפּגעענטפערט, אויך אויף שטום-לשון: איינער, צולייגנדיק די רעכטע האַנט צום אויער, מיט אַ צעעפנט מויל — דאָס האָט געמיינט אַ משורר, אַ זינגער . . . אַ צווייטער, האָט קנאַקנדיק מיטן צונג אויפן אויבערשטן גומען טץ-טץ-טץ, גע-לאָזט וויסן דעם הויקערל: גלאַט אַ זינגער? — אָן אַנטיקל, אַזוינס און אַזעלכעס. און מיט אַנדערע אויגן-מויל-הענט באַוועגונגען האָבן זיי ווייטער „גערעדט": מעגסט זיך שוין באַגראָבן — ביסט שוין אויס יחסן — וועסט שוין ליגן איינגעלייגט ווי אַ מאַלפּע. דאָס הוי-קערל האָט פאַרשטאַנען אַלע זייערע „רייד", געפיבערט און דאָס ערשטע מאָל דערפילט זיך פאַרלאָרן, מאַכטלאָז קעגן זיי.

איינער פון די משוררים, הערשל מאַלאָווער, אַ בחור מיט אַ ציגן-בערדל, האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט דריבנע טריטעלעך אַריין אין דער מיטל-שטוב, אַרויסגערופן דעם ביעלאַס אין קיך אַריין און צו אים געשושקעט: „באַקען זיך מיטן הויקערל, אויך אַ משורר..."

דער ביעלאַס האָט אַ צופרידענער אויסגעשטרעקט אַ האַנט צום הויקערל און אינסטינקטיוו האָט זיך ביים הויקערל אויך אויסגעצויגן אַ האַנט צום ביעלאַס און ער האָט אַרויסגעהעשעט: ש ל ו ם ע ל י כ ם . . . עליכם שלום, האָט דער ביעלאַס אָפּגעענטפערט. ביידע האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און געהאַלטן הענט . . .

דאָס הויקערל האָט זיך אָנגעצונדן, פונם גאַנצן ביסל בלוט, וואָס איז אים געקומען און פּנים אַריין, און דערפילנדיק ווי אַ שטראָם טרערן שפּאַרן זיך פון האַלדז צו די אויגן, האָט ער אין קאַנוואולסיעס אַ שלעפּ אַרויס געטאָן די האַנט, זיך אויסגעדרייט האַסטיק צו די משוררים און אַרויסגעשיפּעט: „ממזרים! אַ מיתה משונה זאָלט עץ איינגנעמען!" — און גיך אַרויס פון שטוב אין גאַס.

אַלע משוררים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, אים נאָכ-געיאָגט מיט געשרייען: „הויקער פוקל סאַקראַמענט, צעברעך די פיס און צעברעך די הענט!"

דאָס הויקערל איז געפלויגן, מיט די פּאָלעס צעשפּרייט, איבער

דער לאַנגער גאַס און געשאָלטן מיט ווילדע קללות. אַ קוואָל טרערן האָט אַ שטראָם געטאָן איבער זיין פּנים און מיט די לעצטע כּוחות איז ער קוים דערלאָפן אַהיים, אַריין אין שטוב, צוגעפאַלן צו דער מאַמען, גענומען זי שלאָגן און בוייקערן און זיך פאַרגאַנגען אין אַ שרעקלעכן יאָמערן . . .

בשעת דאָס הויקערל איז אַרויסגעלאָפן מיט אַזאַ ווילדער רציחה, שעלטנדיק מיט ווילדע קללות און די משוררים האָבן אים נאָכגעיאָגט שרייענדיק: הויקער פּוקל סאַקראַמענט . . . איז דער ביעלאַס גע־בליבן שטיין אַ צעטומלטער, אַ צעמישטער . . . ערשט האָט ער אָנ־געהויבן באַגרייפן דעם חזנ׳ס רייד: היט זיך פאַרן הויקערל, ער איז אַ רשע מרושע, ער וועט דיר בייז טאָן. יאָ, טראַכט דער ביעלאַס, דער חזן איז געווען גערעכט. נאָר אַ רשע קען אַזוי שעלטן און האָבן אַזאַ געמיין מויל. נאָר אַ רשע קען אַרויסווייזן אַזאַ כעס און האַס. דאַכט זיך געווען אַזוי שטיל אין הויז. קיינער האָט זיך מיט קיינעם ניט געקריגט — און ער דערמאָנט זיך: ווען הערשל האָט אים אַרויס־גערופן אין קיך אַריין, אים פאַרגעשטעלט פאַרן הויקערל און ווען זיי האָבן זיך געגעבן די הענט, האָט ער געפילט ווי דאָס הויקערל פּיבערט אין גאַנצן און שטעכט אים דורך מיט אַזעלכע ביסטרע אויגן, ווי נאָר אים איינצושלינגען. פאַרוואָס? פאַרוואָן? דער חזן איז גערעכט — מ׳טאָר זיך מיטן הויקערל ניט חבר׳ן. ער איז טאַקע אַ רשע מרושע. די מאַמע פלעגט זאָגן: אַ מום איז קרום. קומט אים אויפן זינען, ווי אַ ייִנגל אין חדר האָט אַמאָל דערציילט אַזאַ מעשה:

ווען אַ רשע שטאַרבט און קומט אויף יענער וועלט, וואַרפט מען אים אַריין אין גהינום און מען ברענט אים און מען בראָט אים און מען שמייסט אים מיט אייזערנע ריטער. דערנאָך נעמט מען צו־זאַמען אַלע זיינע עבירות, מ׳מאַכט פון זיי אַ פּאַק, מ׳הענגט עס אָן דעם רשע אויף דער פּלייצע און מ׳שיקט אים אַראָפּ צוריק אויף דער וועלט אָפּקומען פאַר זיינע זינד — אַ הויקער איז אַ גלגול פון אַ רשע; און אויב איינער איז אַ רשע מרושע, האָט ער דאָך מער עבירות, ברענט מען, בראָט מען, שמייסט מען אים נאָך מער אין גהינום. און פון זיינע עבירות מאַכט מען צוויי פּעק, מ׳הענגט זיי אים אָן, איינעם פון פאָרנט און איינעם פון הינטן, און מ׳שיקט אים צוריק אַראָפּ אויף דער וועלט קריגן זיין אָפּקומעניש — דערפאַר איז אַ הויקער־פּוקל, אַ גלגול פון אַ רשע מרושע . . . יאָ — באַשליסט

דער ביעלאס ביי זיך — דאָס הויקערל איז זיכער א גלגול און מ׳טאָר מיט אים ניט האָבן צו טאָן . . .

אין געיעג נאָכן הויקערל, האָבן די משוררים דערוויל פאַרגעסן, אַז דער חזן שלאָפט, און זיינען אריין אין שטוב מיט אימפעט און ליאַרעם. איינער דעם צווייטן האָט געוואָלט איבערשרייען און דער־ציילן דעם ביעלאס, אַז . . . דאָ האָט זיך פלוצלונג באַוויזן דער חזן אין די גאַטקעס, גרייט צו דערלאַנגען די משוררים פאַר דער חוצפה אים אויפצואוועקן — האָבן די צעשראָקענע משוררים פאַרכאַפּט און גענומען אויף גיך דערציילן: דאָס הויקערל איז דאָ געווען, געוואָלט זען דאָס נייע משורר׳ל און . . .

— שאַ, שאַ! — האָט דער חזן צעעפנט די אויגן און אַרונטער־געלאָזן די ברעמען — נישט אַלע מיט אַמאָל. מממ . . . דאָס הויקערל איז שוין דאָ געווען . . . נו?

— נו, — האָט הערשל מאַלאַוועך אַוועקגעשאַרט די אַנדערע משוררים אַן אַ זייט. אַזוי ווי זיי האָבן זיך דערזען, האָט דער הויקער זיך אַנגעצונדן ווי אַ העליש פייער, גענומען שעלטן מיט טויטע קללות, אין אים זאָל עס אריין און . . .

— גענוג, גענוג! — האָט דער חזן באַפוילן שטרענג — דעם הויקערס פּוס זאָל מער מיין שוועל נישט איבערטרעטן! מ׳וועט איה״ש בענטשן ראש חודש תמוז אַן אים. און דו לייבל, האָט ער זיך געווענדט צו זיין עלטסטן זון, זעץ זיך תיכּף אַוועק מיט מעכעלען און חזר איין מיט אים די סאָלאָס פון „ושמרו“, „מגן אבות“ און דעם גרויסן „יהי־רצון“. און דו, מעכעלע, זיי אַ גוט יינגל, פּליים זיך נאָך היינט צו קענען די סאָלאָס און מאָרגן, בלי נדר, וועלן מיר מאַכן פּראָבע מיטן כאָר.

ווי אַ געניטער גענעראַל, האָט דער חזן געגעבן באַפעלן צו זיין „אַרמיי“ און צוריקגייענדיק אין זיין אַלקער, האָט ער מיט אַ וואונק אריינגערופן צו זיך סראָלקען און כאַצקלען און זיי אָנגעזאָגט: איר זייט דאָך עפּעס שטאַרקע, זאָלט איר אָפּהיטן דעם ביעלאס, אים נישט אָפּלאָזן פון אויג, ווייל די מאַליאַרזשעס קענען אים נאָך עפּעס אָפּטאָן אַ רשעות. אָבער זעט אויסמיידן געשלעגן, נישט מאַכן קיין לייטיש געלעכטער.

## פּראָבע

דאָנערשטיק אוונט, גלייך נאָך מעריב, האָט זיך דער חזן פאַר־מאַכט אין זיין אַלקער מיטן ביעלאָס, פאַרהערן אים די סאָלאָס, און אין דער מיטל־שטוב זייגען שוין געווען פאַרזאַמלט אַלע משוררים, גרייטנדיק זיך צו דער גענעראַל פּראָבע, פאַר ר״ה בענטשן.

לייבל דעם חזנ׳ס, דער פּאַמאַטשניק דיריגענט, טיילט פונאַנדער די גראָבע ביכלעך און בעט: „חברה, קוקט איבער אייערע פּאַרטיעס פון נייעם יהי רצון און די אַנדערע נייע זאַכן. זעט, אַז דער חזן זאָל ניט האָבן קיין עגמת נפש ביי פּראָבע״.

לויפט מען איבער אויף גיך די פּאַרטיעס מיט די אויגן. דערנאָך נעמט זיך יעדער זיין קאַמערטאָן, ווער ס׳בלאָזט אין אַ פּייפל, ווער ס׳קלאַפּט אַ שטאָלענעם קאַמערטאָן אין דעם קלאָץ פון אַ שטיוול און לייגט צום אויער, ווער עס צופּט מיט די פינגער און שטעלט דעם שפּיץ צווישן די ציינער — ווערט אַ זינגעריי, אַז מ׳קען פאַרטויבט ווערן. יעדער וויל אויספּראָבירן די „כלי״, די שטימע הייסט עס.

דער איזשביצער באַס, אַ דאַרער, לאַנגער יונג, מיט אַ קנאָפּ אויפן אויסגעצויגענעם גאַרגל, וועלכער האָט אַ שטימע ווי אַ לייב, שטייט אין קיך אַנטקעגן אַן עלפער הענגלאַמפּ און וויל באַווייזן, אַז ער קען מיט איין שטאַרקן טאָן פון זיין „פּערפונדע־באַס״ פאַרלעשן דעם לאַמפּ. פּרוּווט ער איינמאָל, נאָך אַמאָל, ווידער אַמאָל — און דער לאַמפּ ברענט נאָך אַלץ. כאָטש דער פלאַטשיקער פלאַם ציטערט שטאַרק פון זיין ריטשען. הינטער אים וואַקסט אויס סראָלקע, אויך אַ באַס און אויך מיט אַ קנאָפּ, און ביידע צוזאַמען האָבן ענדלעך פאַר־לאָשן דעם לאַמפּ — מיט אַ שטאַרקן בלאָז . . .

צאַלקע די ציג, אַ קליין קיילעכדיק יידל, מיט אַ שיטער ציגן־בערדל, ציט גאַמעס אַרויף־אַרויף, העכער־העכער — דאָס וויל ער ווייזן, אַז ער קען גרייכן אַן אויבערע „צע״ — ביז ער רייסט זיך איבער מיט אַ קריי . . . ווערט אַ געלעכטער: „אהא, די ציג האָט זיך שוין צעמעקעט. געקוועטשט און געקוועטשט אַ „צע״ און ס׳איז ניע־בע ניע־מע . . .״ ווערט צאַלקע אין כעס און צעקרייעט זיך: „איך וועל אייך נאָך ווייזן ווי מ׳נעמט אַן אַבערע צע״.

אַלע: מע־ע־ע־ע . . .

הערשל מאלאווער, דער „קאַקעט", וועלכער חנ'דלט זיך צום חזנ'ס טאָכטער רחל'ע, און מ'שמועסט יאגבע, אַז מ'האָט אים געהערט קרעכצן ביינאַכט פון שלאָף: רחל . . . רחל . . . האָט זיך הערשל פאַרקליבן אין אַ ווינקל, געציקלט זיין טענאַר אַרויף און אַראָפּ, וועלנדיק צום וויפלטן מאָל מאַכן „קאָלאָראַטורע" און — כאָטש צעריים זיך, עס גייט נישט. סיידן ער קלאַפּט שנעל מיטן וויַיז-פינגער אויפן גאָרגל, בשעת ער ציט דעם טאָן. פאַלן פון אַלע זייטן שטעך-ווערטלעך:

„אהא, הערשל דרייט זיך שוין אויפן קאָרעק".

— די פרימעדאָנע לאָזט זיך שוין אויפן דראַנדזשיק".

„ס'קלינגט, ווי מ'שיט אַרבעס אויף אַ בלעך". — און נאָך אַזעלכע שטעך-ווערטלעך.

הערשל צינדט זיך אָן ווי אַ בורעק און וויל זיי דערלאַנגען, ווערן אים די ווערטער פאַרשטיקט אין האַלדז, ווען ער באַמערקט פלוצלונג אַריינקומען רחל'ען, פאַרבייסט ער די ליפּן און פאַרשווייגט זיי איצטער.

משוררים באַמערקן זיין פאַרלעגנהייט און נעמען זיך שטורכען:

„נו, וואָס האָב איך דיר געזאָגט?"

„ער ווערט דאָך די כפרה פאַר איר".

„רחל, האָסט שוין געהערט הערשלס קאָלאָראַטורע?"

„רחל, וואָס מאַכט עפּעס דיין ב ר אָ ט י ג א ם?"

הערשל בייסט די ליפּן פאַר כעס און האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות . . .

דער „גראָבער קאָפּ", אַ געזונטער, שווערער יונג, וואָס דאָס געהער איז אים אַביסל שטומפּיק, איז געזעסן איבער זיין נאָטן-ביכל און גע'חזר'ט זיין פּאַרטיע אַזוי פאַרטיפט, אַז קיין זאַך האָט ער ניט געזען און ניט געהערט. איז כאַצקל מזיק דערווייל געלעגן אונטערן טיש און צוגעבונדן דעם גראָבן קאָפּס אַ פּאָלע פון דער קאַפּאָטע צו אַ פוס פון טיש. ווען כאַצקל איז פאַרטיק געוואָרן, איז ער שטיל אַרויסגעקראָכן און זיך געשטעלט קעגן דעם גראָבן קאָפּ. האָט מוישקע, זיין אַרויסהעלפער, ווי אָפּגערעדט פון פריער, דערלאַנגט דעם גראָבן קאָפּ אַ שטאָך מיט אַ שפּילקע אויפן געזעס — ווי אַן אָפּגעבריטער האָט דער גראָבער קאָפּ זיך געגעבן האַסטיק אַ הויב, איבערגעקערט דעם טיש און אַליין זיך אויסגעצויגן איבערן טיש. כאַצקל, זייענדיק צוגעגרייט, האָט גלייך נאָכן שטאָך אַ כאַפּ געטאָן

דעם בליץ-לאָמפּ פון טיש, ס׳זאָל חלילה נישט ווערן קיין שרפה. פון דעם פּלוצלונגדיקן קנאַל איז געוואָרן אַ קוויטשעריי און געלאַף פון אַלע זייטן. דער חזן האָט געגעבן אַ פּראַל-אויף די טיר מיט אַ געשריי: וואָס איז דאָ געוועזן, אַן ערדציטערניש ?! נאָר זעענדיק ווי כאַצקל שטייט מיטן בליץ-לאָמפּ און דער גראָבער קאָפּ ליגט איבערן טיש, האָט ער זיך געוואָלט צעלאַכן, ווייל ער קען דאָך זיין תכשיט כאַצקל. אָבער אַ חזן מוז זיך האַלטן אין דער מדרגה, דאָס פּאַסט פאַר אַ פּשוט׳ן משורר. האָט דער חזן אָנגעשטעלט אַן ערנסט פּנים און אַ געשריי געטאָן: וואָס ליגסטו ווי אַ געקוילעטער אָקס—בהמה !!

האָט מען אָפּגעבונדן די פּאָלע פון טיש. באַפרייט דעם גראָבן קאָפּ, וועלכער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו כאַצקלען, וועלכער האָט אויף גיך דערלאַנגט מוישקען דעם לאָמפּ.ביידע האָבן גענומען לויפן אַרום טיש און אַלע האָבן געקייכט פון געלעכטער, ביז דער חזן האָט זיי אָפּגעשטעלט, דערשטיקט אין זיך דאָס געלעכטער און געגראָזשעט מיטן פינגער צו כאַצקלען: „וואַרט, איך וועל דיך שוין אָנלערנען״. באַפוילן גלייך שטעלן דעם טיש, נעמען די ביכלעך, זיך אַוועקזעצן און אָנהויבן פּראָבע.

מישט מען אויף דעם גרויסן יהי רצון, וועלכער הייבט זיך אָן מיט דער סאָלאָ פאַרן ביעלאַס. דער חזן שטעלט דעם טאָן. אַלע האַלטן איין דעם אָטעם, שפּיצן אָן די אויערן און וואַרטן מיט געשפּאַנטקייט אויף דער סאָלאָ פונם נייעם משורר׳ל.

דער חזן גיט דעם צייכן און דער ביעלאַס הייבט אָן: „יהי רצון . . . מלפניך . . . . — דאָס שטימעלע איז קלאָר, ריין אָן אַ פּגימה, עפּעס אַזעלכעס וואָס מען האָט נאָך ניט געהערט. אַ צופרידענער שמייכל צעגיסט זיך איבער אַלעמענס פּנים׳ער. מ׳וועגט און מ׳מעסט, מ׳שאַצט און מ׳זאָגט מבינות אין געדאַנק: ס׳איז אפשר נישטאָ די טרער וואָס ביים הויקערל, נאָר ער דרינגט אַריין אַזוי טיף אין האַרצן, דאָס שטימעלע קלינגט ווי אַ טייער פידעלע אויף די אונטערשטע טענער . . . דער חזן שטראַלט און קוועלט. ער פילט ווי אויסצושרייען: אָט דאָס הייסט געזונגען! נישט געקוועטשט קיין ציבעלע טרערן . . . נאָר ווי טייערער, אַלטער וויין — צעגייט זיך אין אַלע אברים . . . ווען דער ביעלאַס ענדיקט די סאָלאָ, הייבט אָן דער באַר, וועלכער זינגט אויך היינט שענער, פייערלעכער, מיט מער פליים און דערהויבנקייט.

ווי יעדן דאַנערשטיק, קלייבט זיך אָן עולם הינטער די פענסטער. דערהערנדיק אַ נײַ קול, איז מען נייגעריק צו וויסן ווער דאָס זינגט אַזוי שיין. אַזוי ווי דער חזן וואוינט אַ פּאָר שטיגן אַרויף און די פענסטער זיינען הויך, הייבט מען אויף אַ ייִנגעלע, וועלכער קוקט אַריין און לאָזט וויסן: עפּעס אַ נײַ זינגערל, נישט קיין היגער. דער עולם איז אַנטציקט:

— איי זינגט ער! . . .

— וואָס זאָגט איר, ווי אַ פּרעמיערס פידעלע.

— אַ כּפּרה געבראָטענע קאָפּ-הענער פאַר אַזאַ געזאַנג . . .

— דאָס איז דאָך עפּעס גאָר אַ טייער אַנטיקל.

אויף מאָרגן אין בית-מדרש האָבן ייִדן אַרומגערינגלט דעם חזן מיט פראַגעס:

— וואו האָט איר געקראָגן אַזאַ כּלי? — ווער איז ער? — פון וואַנען קומט ער?

— וואָס איז די נפקה מינה, — ענטפערט דער חזן — ער געפעלט אייך?

שייך זאָגן געפעלן, — זאָגט בעריש מלמד, וועלכער האַלט זיך פאַר אַ בעל-מנגן און רייסט זיך צום ברעטל — ער איז דאָך גאָר אַ וואַזשנע כּלי.

— ר'האָט שוין „טעג״? — פרעגט כועל קצב — ביי מיר קען ער עסן שבת — ביי מיר זונטיק — ביי מיר דינסטיק — און ביי מיר דאָנערשטיק — הערן זיך שטימען פון אַלע זייטן.

— אי״ה נאָך שבת וועל איך זען וועגן „טעג״, דערווייל עסט ער ביי מיר, — זאָגט דער חזן מיט שטאָלץ — וואָס איז דאָס געאייל?

דער חזן גייט אַוועק און טראַכט: קצבים און פישערס זיינען נישט אַנדערש געוואוינט, נאָר אַזעלכענע „טעג״. זיי קענען נעמען אַ פּראָסטן משורר און דער ביעלאַס וועט גיין צו די גבירים . . . אַזוי גייענדיק אַהיים, רעדט דער חזן צו זיך אַליין: עפּעס צוגעשיקט פון גאָט אַזאַ טייער אַנטיקל. אַחוץ זיין זינגען, האָט ער דאָך אַזאַ גאון'ישן קאָפּ מיט אַזאַ מערקווירדיקן זכרון, אַזאַ חשק צו לערנען און דערצו אַ שטילע, גוטע טויב. אַך! . . . ווען ער איז אַביסל עלטער און מיין רחל אַבילם יונגער . . .

# שבת מברכים

האָט זיך עס גערודערט גייענדיק פון שול, נאָכן ראש־חודש־בענטשן. יונג און אַלט, מתנגדים און אפילו חסידים, האָבן נישט געקענט קומען צו זיך, פון דעם נייעם משורר׳ל, דאָס בלאָנדע יינגל, וועלכער האָט אַזוי וואונדערלעך געזונגען זיינע סאָלאָס און אַלעמען פאַרשאַפט אַזאַ עונג רוחני.

דער טאָג איז געווען איינער פון יענע סוף סיוון טעג, ווען די זון שטייט הויך, אין אַ טיף־בלויען הימל, ליכטיקט אַזוי גאָלדיק־העל, וואַרימט דורך די ביינער און מאַכט פילן אַזוי גוט.

אהיימגעקומען פון דאַוונען, האָבן יידן געמאַכט קידוש, פאַרביסן מיט געפילטע פיש און געהאַקטע ציבעלע מיט שמאַלץ, געזונגען מיט מער חשק זמירות און באַפוילן צום בעקער, ער זאָל היינט פריער „ריקן טשאָלנט" . . . זיינען עפּעס דעם מאָל די טשאָלנטער געווען געראָטענער ווי געוויינטלעך. האָבן באַלעבאַטים געשיקט גרעסערע פּאָרציעס קוגל צום חזן און אַליין אָפּגעגעסן אויף גיך, אפילו נישט צוגעלייגט זיך שלאָפן נאָכן פעטן טשאָלנט, ווי דער שטייגער איז, נאָר גלייך נאָכן בענטשן אָפּגעזאָגט דעם פּרק און זיך געלאָזן אין גאַס. וואוהין גייען יידן? — צום בית־המדרש.

קצבים, פישערס, קרעמערס, באַלמעלאָכעס, מעקלערס און וואויל־לערנערס. אַלע, אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט ביים בית־המדרש, גרופּירט און זאָגן מבינות:

— אַ פּיסקל ער האָט עם? ! און היינט אַ קעלעכל! אוי־וואַ! !...

— וואָס זאָגט עך צו זיין זינגען? אַ נאַכטיגאַל, אַ קאַנאַריקל. אַ־האַ־האַ . . .

— עך האָט געהערט אַ „חיים של פּרנסה"? מ׳קען דאָך טאַקע געהאָלפן ווערן פון אַזאַ זינגען.

אימיץ האָט אים אפילו פאַרגליכן צו ירוחם הקטן. האָט אַ צווייטער אָפּגעווענדט: גיי שוין גיי, ירוחם איז געווען אַ קלאָגער און ער — איז אַ טרייסטער. מ׳פילט דאָך ווי ער גרייכט מיט זיין געבעט די שערי רחמים און טענה׳ט זיך אוים מיט גאָט ברוך הוא. עך האָט דאָך געהערט ווי ער האָט געבעטן: חיים — חיים של ברכה, חיים —

חיים של פרנסה, חיים — חיים של עושר בכבוד. חיים, חיים, אוי חיים. וואָס מיינט עך, אַז דאָס האָט ער גלאַט איבערגעזאָגט אַזויפיל מאָל, פאַר שיינקייט וועגן — חלילה, דאָס האָט ער זיך ניט געלאָזן אָפּדינגען, געפּאָדערט זיינס פאַרן כלל ישראל, פאַר אונדז. אין זייער באַגייסטערונג האָבן זיי פאַרגעסן, אַז דאָס רעדן זיי וועגן אַ קינד, וואָס איז נאָך ניט קיין בר־מצוה.

כועל קצב האָט איבערגעשלאָגן די באַגייסטערונג, מיט זיין גראָב קול: „וואָס טויג מיר די אַלע רייד — „טעג" האָט ער שוין? !"

— טאַקע, טאַקע — האָבן זיך געהערט קולות פון אַלע זייטן, מיט אָנבאָטן „טעג". זיינען אָבער געווען צופיל בעלנים און מ'האָט זיך גענומען דינגען, פּשוט קריגן. ווער פאַר אַ „זונטיק", ווער פאַר אַ „דינסטיק" און גאָר אַ סך פאַרן „שבת" — ביז אפרים פישער, אָדער „פראָים ריז", ווי מען פלעגט אים רופן, ווייל ער איז געווען אַ גיבור און נישט איין שונא ישראל האָט ער שוין צעבראָכן די ריפּן מיט אַן אָרטשיק — ביז אפרים פישער האָט זיך צעלאַכט, כאַ־כאַ־כאַ! . . . קריגט זיך יידעלעך, דינגט זיך פאַר אַ „טאָג" און אונדזערע דאַזאָרעס האָבן אים שוין מסתמא פאַרזאָרגט מיט „טעג" ביי די גבירים און זיי לאַכן פון אייער טאַטנס־טאַטן . . .

— פראָים איז גערעכט, — האָט כועל קצב, אויך נישט קיין מפּיל־קינד, געזאָגט — דאָס נייע משורר'ל האָט געדאַרפט עסן ביי אונדזערסגאָל. ער איז דאָך אויסגעדאַרט און אויסגעקוואַרט. ביי אונדז וואָלט ער דאָך געקריגן געפילטע קישקע מ.ט אַ פערטל עוף, אַ פעטע יויך מיט קליסקעלעך און אַ גוטן מייערן־צימעס, אַ גלעזל ביירייש ביר מיט געזאָטענע אַרבעס — וואָלט ער געהאַט כוחות צו זינגען. ביי זיי, ביי די נגידים, וועט מען אים געבן אַ ביסיע יויך מיט אַ לאָקש, אַ גערגעלע מיט אַ פליגעלע, אַ וויינטרויב מיט אַ סך געשיר און צום עסן — קדחת אין אַ קליין טעפּעלע.

— וואָס דען, ר' כועל איז נישט גערעכט, — האָט ברוך בעקער געזאָגט — אַ גוט ביסל ווישניק מיט קעז־קיכלעך, מיט שטרודל, מיט אייער־בייגל — נישט ווי ביי זיי: אַ דאַר קיכל, איידל געפּאַטשקעט פון דער דאַטשער שיקסע, די קעכניע. ער וועט דאָך איינגיין ביי זיי, פון זייערע „מעטעקעטעס" . . .

— אַ קאָפּ פון אַ לעשטש מיט אַ שטיק רויגן און אַ גלעזל זעקס־

און־ניינציקער, אַז דאָס וואָס ער דאַרף — האָט פראָים פישער גע־זאָגט — אַז מען לייגט אַריין, נעמט מען אַרויס.

— ער דאַרף טרינקען רויע אייער פון דער הון אַוועק, אַ סך קעז, פוטער און שמאַנט, — האָט מענדל דער מילכיקער געזאָגט — מיינע וואָלט אים שוין פעט געמאַכט. ביי זיי, ווען ער דאַרף טרינקען וואַסער מיט מילך, עסן מיט אַ גאָפּל און לאָזן דאָס פלייש אויף די ביינער, ווייל ס'איז נישט שיין צו עסן מיט די הענט, אַ ניכפּע אויף זיי.

דער חזן גייט, דער חזן גייט — האָבן זיך דערהערט שטימען און אַלע האָבן אַנטקעגן געטראָגן דעם חזן אַ ברייטן גוט שבת.

— גוט שבת, אַ גוט יאָר! — האָט דער חזן געענטפערט — פון וואָס רעדן דאָס יידן אַזוי היציק?

— טאַקע פון אייער משורר'ל, — זאָגט כועל קצב — מיר האָבן שוין אַלע „טעג" פאַר אים.

— אַ גרויסן יישר כוח אייך פאַר אייערע גוטע הערצער, נאָר ער האָט שוין אַלע „טעג", חוץ פרייטיק. ר' ישראל קיבעל גיט אים שבת, הער באַרנשטיין פון דער „קשענגאַרניע" — זונטיק, ר' . . .

— נישט שיין חזן, — זאָגט שלמה מלאך, דער לאַנגער באַלע־גאָלע, בייז — עפּעס רעכטס גיט איר די נגידים און די טראַמבעניקעס שיקט איר צו אונדז. מיר וועלן זיי נישט אַריינלאָזן, שיקט זיי אויך אַהין. אוודאי, גערעכט, טאַקע אַזוי, — האָבן זיך דערהערט שטימען פון אַלע זייטן — מיר צאָלן אויך „עטאַט" און ביי אונדז וואָלט ער זיך געפּאַשעט, ער איז דאָך הויט און ביינער . . .

— איך וועל זען בייטן — האָט דער חזן געזאָגט מיט אַ ציטער־דיקער שטימע און איז אויף גיך אַריין אין בית־המדרש אַ צעטראָ־גענער . . .

---

אַזוי ווי דער ביעלאָס איז שוין געוואָרן אַ מענטש פאַר זיך, איינער אַליין אין דער פרעמד, אָן טאַטע־מאַמע ביי דער זייט — ווען מיר אים, פון איצטער אָן, לאָזן אַליין דערציילן און זאָלן די לעזער קריגן זייער אימפּאַרטאַציע פון דער ערשטער האַנט. מיין ליבער ביעלאָס, נאַ דיר די פען מיט גענוג פּאַפּיר און שרייב ווייטער — אַ דאַנק!

מ. ג.

# „טעג"

שבת-צו-נאַכט, האָט דער חזן מיך צוגערופן און מיר געזאָגט: „פון מאָרגן אָן גייסטו אַריבער אויף דיינע אייגענע „קעסט". איך האָב פאַר דיר שוין באַשטעלט אַלע „טעג", אין די רייכסטע הייזער, ווי איך האָב צוגעזאָגט דיינע עלטערן. זאָלסט זיך ניט שעמען און עסן אַלץ וואָס מען גיט דיר, וועסטו האָבן כוחות צו זינגען. גלייך פון עסן זאָלסטו קומען אַהיים און זיך זעצן לערנען".

וואָס „עסן טעג" מיינט, האָב איך שוין געוואוסט, ווייל ביי אונדז אין שטעטל האָבן די משוררים „געגעסן טעג" און דערציילט, אַז אין מיטן וואָך גיט מען זיי זעמל מיט פוטער אויף אָנבייסן; כריטקע מיט יויך, מיט אַ גאַנץ פערטל עוף אויף מיטאָג און טיי מיט צוויי שטיקלעך צוקער אָפּגעצוקערט . . . איך האָב דאָס נישט געוואָלט גלויבן, ווייל ביי אונדז אין הויז, וואו עס זיינען, קיין עין הרע ניט, געווען פערצן מיילער צום עסן, האָט מען זונטיק געבאַקן ברויט אויף אַ גאַנצער וואָך, עס זאָל זיין שפּאָרעוודיקער. דאָס ברויט, אָן פּוטער, מיט אַ קאַרטאָפל-זופּ, אָדער קרופּניק — אויף דעם האָבן מיר געלעבט אַ גאַנצע וואָך. נאָר שבת, ווען ס'האָט שוין געמוזט זיין אַ שטיקל פלייש, האָט מען די צוויי פינטלעך פלייש געמוזט איינטיילן אויף צוויי מאָלצייטן און נאָך איבערלאָזן פאַרן טאַטן אויף שלוש-סעודות. פרייטיק-צו-נאַכט און שבת בייטאָג, פלעגט די מאַמע איינטיילן יעדן זיין „פּאָרציע" פלייש אויף אַ לעפל, אויסער דעם טאַטן און דעם עלטסטן ברודער, דעם פאַרדינער, אויף טעלערלעך. קיין חלה האָט מען שוין צום פלייש נישט געגעסן, כדי צו שפּירן דעם גאַנצן טעם פון פלייש . . .

כ'געדענק ווי דער טאַטע איז איינמאָל אַהיימגעקומען אַ האָפער-דיקער, מיט אַ זשמעניע פּאַפּיר-געלט אין דער האַנט און אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען: הענדלשי, מיר זיינען באַגליקט געוואָרן. גאָט האָט מיר געהאָלפן און כ'האָב אויסגעפירט אַ גבירישן שידוך. נאַ — און קויף אָפּ אַ יום-טוב'דיקן מיטאָג. האָט די מאַמע גענומען ס'געלט, באַרעכנט וועמען מ'דאַרף אַלץ באַצאָלן חובות און אין אַ פּראָסטן מיטוואָך האָט די מאַמע געקאָכט אַרבעס מיט שילגערלעך (אַזעלכע

פלאַטשיקע פערפעלעך) צוגעריישט מיט גאַצן־פּעטץ. האָט דאָס ריי־שעכץ פאַרשמעקט דאָס הויז און גערייצט דעם אַפּעטיט. זיינען מיר קינדער נישט אַפּגעטראָטן פון קיך און געשלונגען דאָס שפּייעכץ. זולל וסובא׳ס, האָט די מאַמע געשריגן, אַוועק פון קיך! גייט צום טיש. ס׳איז דאָ גענוג פאַר אַלעמען.

ווען מיר זיינען געזעסן אַרום טיש — וואָשן האָט מען זיך נים געדאַרפט, ווייל צו אַזאַ מיטאָג האָט מען קיין ברויט נים געגעבן — און די עלטערע שוועסטער האָט יעדן דערלאַנגט אַ טיפּן טעלער עסן, האָט יעדער געקוקט צום אַנדערן אין טעלען זען, וויפיל גריוון יענער האָט. יונה הערש, וועלכער איז געווען אַ קרענקלעכער און דערפאַר אַ קנאַפּער עסער, האָט פאַרקויפט צו משה שמעונ׳ען צוויי לעפל עסן פאַר איין גריוו און פינף לעפל עסן פאַר צוויי גריוון. אַרום טיש איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצער האַנדל . . . יענע גליקלעכע וואָך האָבן מיר לאַנג, לאַנג געדענקט. — דערפאַר איז מיר שווער געווען צו גלויבן, אַז אַ משורר זאָל מען געבן אין מיטן וואָך עוף מיט אָפּגעצוקערטן טיי, אפילו ביי אַ גביר. און דערפאַר האָב איך זיך געפילט גליקלעך, ווען איך האָב דערהערט, אַז פון מאָרגן אָן גיי איך עסן „טעג" אין רייכע הייזער.

ווען איך בין געקומען אויפן ערשטן „טאָג", האָב איך געטראָפן די באַלעבאָסטע אַליין, אַ יונג, שיין ווייבל, וועלכע האָט מיך געהייסן וואַרטן אין קיך ביז די דינסט וועט צוריקקומען פון מאַרק, און זי איז אַוועק אין אַן אַנדער צימער. אַן אייביקייט, דוכט מיר, האָב איך געוואַרט ביז די דינסט איז געקומען. ווען די דינסט איז אַריין, האָט זי מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס. דערזעענדיק מיין הולך, האָט זי רחמנות׳דיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַריינגערעדט אין צווייטן צימער: מאַדאַם, דאָס משורר׳ל איז דאָ.

— גיב אים אָפּעסן און קוק זיך אַרום — האָט זיך דערהערט דער מאַדאַמס קול.

אַ שוידער איז מיר דורך די ביינער.

די דינסט, אַ חנ׳עוודיק מיידל, מיט אַ פּאָר גרויסע, ליכטיקע אויגן, האָט מיך געבעטן גיין וואָשן און דערלאַנגט צום טיש אַ קווי־שעלע זעמל, צוויי שטיקלעך הערינג, געפּרעגלט פאַר מיר אייער — איך האָב מיינע אויגן נישט געגלויבט. אָפּגעגעסן, אָפּגעבענטשט —

האָב איך זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגיין, האָט זי מיר דערלאַנגט עפּעס אין אַ סערוועטקע און געזאָגט שטיל: באַהאַלט עס הינטער דער פּאָלע, וועסטו האָבן אויף שפּעטער . . .

דער טאָג איז געווען פון מיינע בעסטע טעג, ביז ס'איז אָנגעקומען אַ נייע דינסט, אַ לאַנגע, דאַרע, מיאוסע מויד, וועלכע האָט מיך גע־לאָזט וואַרטן און וואַרטן. זי האָט זיך גערדרייט הין און צוריק, ווי זי באַמערקט מיך גאָרנישט. הפּנים, אַז קעגן מיר האָט זי געוואָלט שפּילן די ראָלע פון אַ „מאַדאַם". אַזוי האָט זי געצאַפּט דאָס בלוט פון מיר, ווי די מאַדאַם האָט מסתמא געצאַפּט דאָס בלוט פון איר. ווען זי פלעגט מיר שוין ענדלעך געבן עסן, האָט זי געוואָרטשעט בייז: עס אָפּ אויף גיך און ווען דו וועסט קומען אַ צווייט מאָל, רייב אָפּ די שטיוול אין דרויסן און טראָג נישט אַריין די בלאָטע פון גאַס — כאָטש ס'איז קיין בלאָטע נישט געווען — אַ מרשעת . . .

ביינאַכט אויפן געלעגער, האָב איך זיך גוט אויסגעוויינט און אויף דער צווייטער וואָך, האָב איך זיך לאַנג געדרייט פאַרן הויז און זיך גע'ישוב'ט: אַריינגיין צי ניט? אַזוי האָב איך זיך געמוטשעט עטלעכע וואָכן, ביז איך האָב מער נישט געקענט אויסהאַלטן און מער נישט געגאַנגען אויף דעם „טאָג". דעם חזן האָב איך מורא געהאַט צו דערציילן און דעם טאָג אין וואָך האָב איך געפאַסט. דריי מאָל דעם טאָג בין איך כלומר'ש געגאַנגען עסן און זיך ערגעץ באַהאַלטן, קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן און באַוויינט מיין ביטער מזל. פעלט מיר שוין איין „טאָג" — זונטיק . . .

---

הערט איר, אַנשטאָט צו זאָגן: משוררים עסן טעג, וואָלט געווען ריכטיקער צו זאָגן: די „טעג" עסן משוררים. אוי, האָבן די „טעג" אונדז געגעסן! . . . וויפיל באַליידיגונג און שפיחת דמים מ'איז אויס־געשטאַנען. ס'איז דאָך נישט אַזוי וואָס מ'האָט געגעבן צו עסן — נאָר ווי אַזוי מ'האָט געגעבן. מ'קאָן געבן געבראָטענע אינדיקעס מיט מאַרצעפּאַנעס — און ס'זאָל זיין ביטער ווי גאַל; פאַרקערט, מ'קאָן געבן אַ שטיקל טרוקן ברויט מיט הערינג, אַ טעפּל ציקאָריע אָן צוקער, אַ קרופּניק מיט אַ ביין — און מ'זאָל פילן אין דעם טעם גן־עדן.

איינער גיט אַ „טאָג", און מ'פילט ווי מען נעמט קצבה. דערצו גיט ער עס מיט „גלעקלעך": זאָלן די קבצנים וויסן, אַז איך האַלט

אוים אָרימע בחורים'לעך פון דער פרעמד — דאָס זיינען מערסטנס די גבירים . . . אָן אַנדערער גיט אַ „טאָג", ווייל ער גלויבט, אַז ער טוט אַ מצוה און מיט זיין עסן וועט אַן אָרימער בחור כוח האָבן צו לערנען תורה — דאָס זיינען דוקא די פראָסטאַקעס, די האַרעפּאַשניקעס און באַלמעלאָכעס.

איך האָב געהאַט דאָס גליק און דאָס אומגליק צו עסן ביי ביידן. צו די רייכע בין איך געגאַנגען אין חשק, בלייבן שטיין ביים טיר און וואַרטן ביז מ'האָט זיך דערמאָנט אָן מיר, מיך געהייסן זעצן ביים ברעג טיש, אין קיך, און מיר דערלאַנגט דאָס „געבראָטנס" קאַלט, איבערגעשטאַנען — האָב איך געגעסן, ווייל דאָס האַרץ איז מיר געווען איבערגעגאַנגען און כ'האָב פּשוט געמוזט שטילן מיין הונגער. צו די אָרימעלייט בין איך געלאָפן מיט פרייד. דאָ האָט מען מיך געזעצט אויבנאָן, נעבען באַלעבאָס. דאָס גאַנצע הויזגעזינט האָט געגעסן צוזאַמען. דאָס ראַזעוואַטע ברויט האָט געשמעקט ווי גוטער לעקעך. און דאָס שטיקל הערינג — ווי טייערע פיש. די ערשטע שבתים האָב איך געגעסן ביי ישראל קיבעל, אַ ייד אַ בעל-גוף און אַ יצר-הרע'ניק. אַ האַלבן מאַרק הייזער האָט ער פאַרמאָגט — רייך ווי קורח.

שבת נאָכן דאַווענען, גייענדיק פון שול, פלעגט ער גיין פאָראויס און איך בין אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן. יעדע ווײַלע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט אימיצן שמועסן און איך — בין געבליבן, שטיין פון הינטן וואַרטן און זיך געפילט, ווי אַ הינטל, וואָס לויפט נאָך זיין באַלעבאָס. אַזוי-אָ ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין הויז אַריין.

געוואוינט האָט ער אין אַ האַלבער הויז, הינטער דער אַפּטייק. פיר גרויסע שטיבן און איין לענג מיט אַ קיך. דאָס ווייב זיינס איז געווען אַ בלינדע און פלעגט דערשמעקן זיינע טריט. אַזוי ווי מיר זיינען נאָר אַריין אין הויז, איז ער אַוועק אין קיך און מיך געהייסן גיין אין דער סאַליע. דאָס ווייב האָט גענומען קלאַפּן מיטן שטעקן און שרייען: ישראל, וואו ביסטו ? ! זי האָט געקענט איר מאַן, צו־ליב וועמען זי האָט אַלעמאָל געהאַט צרות מיט די דינסטן . . . און ווען דער מאַן האָט ניט געענטפערט, האָט זי גענומען רופן: מויד ! מויד ! וואו איז דער הער ? ! די דינסט איז אַריינגעלאָפן אַ צעשוי־בערטע, אַ צעיאַכמערטע און געזאָגט מיט אונטערטעניקייט: דער הער איז געגאַנגען אין הויף אַריין . . .

ווען מיר זיינען שוין געזעסן ביים טיש און די דינסט האָט גע־נומען דערלאַנגען די עסנס, האָב איך געמוזט וואַרטן, ביי יעדן מאכל, ביז דער באַלעבאָס וועט אָנהייבן און דערנאָך ערשט איך — מחמת דרך־ארץ . . . בשעת'ן עסן, פלעגט דעם באַלעבאָס רינען פון דער באָרד און וואָנצעס, פאַרגליווערטע שטיקער פיש־יויך אָדער פעטץ, צוריק אין טעלער אריין. דערביי פלעגט ער אַ נעם טאָן מיט די הענט אַ שטיק געפילטע פיש, אַ פולקע און אַריינלייגן צו מיר אין טעלער, אַז די גאַל פלעגט זיך מיר איבערקערן — און מער ווי איין מאָל האָב איך אין גאַס צוריקגעגעבן דאָס „עסן" מיט פראָצענט . . .

נישט בעסער איז געווען אויף די „רייכע טעג" אין ד'ערוואַכן. כ'האָב געהאַט דאָס געפיל ווי איך נעם בעטל־ברויט. נאָר ווי זאָגט מען עס: דאָס קריגל גייט אַזוי לאַנג צום וואַסער, ביז דאָס אויער רייסט זיך אָפּ — איך האָב מער נישט געקענט איבערטראָגן און אויפגעהערט גיין אויף די „רייכע" טעג און זיך אַליין געקראָגן „אָרימע". זאָל איך מיר שוין האָבן אַזאַ יאָר. די אויפנאַמע, די באַהאַנדלונג, דאָס קוקן אין די אויגן אַריין צי עס שמעקט גוט. היינט די מאכלים: אַ היימיש שטיקל ראָסל־פלייש מיט געפילטע קישקע ביי דער זייט; צעריבענע קאַרטאָפל מיט רויטן באַרשט, וואָס האָט געהאַט דעם טעם פון טייערן וויין און דאָס שיינע גלאָז טיי. דערנאָך, דאָס פרעגן צי איך בין זאַט און דאָס אָנזאָגן, איך זאָל למען השם נישט פאַרגעסן צו קומען עסן נאַכט־עסן, און איך פלעג טראַכטן: ווער איז אין אמת'ן רייך? דער וואָס האָט אַ פולן בייטל און אַ ליידיק הארץ — אָדער פאַרקערט? . . .

איך געדענק, ווי איינמאָל האָט דער חזן מיט מיר געהאַט אַ טענה, פאַרוואָס איך האָב אַוועקגעוואָרפן די „רייכע טעג" און געפאָדערט פון מיר, אַז נאָך דעם זעלביקן טאָג זאָל איך גיין אויף איינעם פון די געוועזענע „טעג". בין איך אַוועק פון הויז אָן אַן ענטפער און גע־גאַנגען אויף מיין „אָרימען טאָג". אין אָוונט האָב איך מורא געהאַט אַהיימצוקומען שלאָפן און זיך אַרומגעבלאָנקעט ביז שפעט אין דער נאַכט. ווינטער איז עס געווען און אַ דראָבנע, נאַס שנייעלע האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער. אָן אַ וואַרימען שפּענצער, האָב איך זיך געקאָרטשעט פון קעלט, ביז איך האָב דערפילט אַ מידקייט אין די פיס, וועלכע האָבן מיך קוים געטראָגן. האָב איך זיך מיט די לעצטע כוחות קוים דערשלעפּט צו יאַנקל קראַדניקס הויז און אַרויפגעקראָכן

אויפן בוידעם, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַ באַרג שמאַטעס און אַזוי לאַנג געוויינט, ביז איך בין אַנשלאָפן געוואָרן . . . דאָ איז מיר צו חלום געקומען דאָס הויקערל. ער האָט זיך גענומען שאַרן צו מיר, מיט זיינע לאַנגע, שאַרפע נעגל און מיך גענומען ווערגן . . . איך האָב זיך גענומען ווערן און שרייען — ביז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שרעקלעך געשריי און דערהערט אַ מאָדנע ריטשען און לויפן . . . איך בין געווען זיכער, אַז דאָס זיינען שדים, רוחות . . . מיט די לעצטע כוחות האָב איך גענומען לויפן פון בוידים און בין אַראָפּגעפאַלן פון אַלע שטיגן . . .

אַ פּאָר וואָכן בין איך געלעגן אין בעט און, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, האָט מען זיך שוין אויף מיר ניט גערעכנט. נאָר אַז עס איז באַשערט יאָרן, בין איך געבליבן לעבן און האָב וויטער געזונגען. אַהיים האָב איך מורא געהאַט צו שרייבן וועגן דעם. אָבער איין זאַך האָב איך אויסגעפירט — אויף די „רייכע טעג" בין איך מער נישט געגאַנגען.

צום יאָר, בין איך אַהיים געפאָרן צו גאַסט. ווען די מאַמע האָט מיך דערזען, האָט זי פאַרבראָכן מיט די הענט און מיט טרערן גערעדט צום טאַטן: „קוק אָן אַ קינד, הויט און ביינער. דאָס האָסטו דיר דיינע רייכע טעג. נו, אהרן, וועסט נאָך אַוועקשיקן דאָס קינד אין דער פרעמד? . . .

פונדעסטוועגן בין איך אין אַ וואָך אַרום ווידער געפאָרן קיין קוטנע און ווידער געגעסן „טעג" און נאָך מער געוויינט דורך די נעכט. דערפאַר האָב איך געהאַט איין טרייסט: לערנען, לערנען נאָטן. גאַנצע ביכער מוזיק האָב איך געקענט אויסנווייניק. געדענקט יעדע נאָטע פון יעדער קאָמפּאָזיציע, יעדן נומער פון יעדן בוך, וואו יעדע זאַך געפינט זיך. אין די נאָטן, אין די נגונים — האָב איך געפונען אַ טרייסט פאַר אַלע מיינע תעניתים און שלאָפלאָזע נעכט.

## חתונות און ברית'ן

קיינער איז ניט געווען אַזוי פאַראינטערעסירט, אַז ביי יידן זאָלן זיין וואָס מער שמחות — ווי משוררים. אויסער, נאַטירלעך, שדכנים און קלעזמער, וועלכע האָבן געבעטן נאָר אויף חתונות. דער משורר אָבער איז געווען פאַראינטערעסירט אין חתונות, ברית'ן און אפילו לויה'ס.

שלאָפֿן פֿלעגן די משוררים ביים חזן, צו דריי און פֿיר אויף איין שעניק. קיין שבירות ביים חזן האָבן די משוררים נישט געקריגן. זיי האָבן געצויגן זייערע הכנסות פֿון חתונות, ברית׳ן, חנוכה־געלט, דעם גאַנצן חודש אלול אויפֿן גוטן אָרט, ערב יום־כפור שטעלען אַ טעלער וכדומה. אויף חתונות און ברית׳ן האָבן משוררים, חוץ מי־שברך־געלט, אויך געקריגן אַ בולקע מיט פֿיש. פּונקט ווי מ׳פֿלעגט באַטיטלען אַ גנב „קלעפּיקע פֿינגער", „לאַנגע הענט", אַ שדכן — „שלום־פֿער", פּונקט אַזוי האָט מען אַ משורר גערופֿן: „אַ בולקע מיט פֿיש". דערפֿאַר האָבן משוררים אַזוי געבעטן אויף שמחות ביי יידן.

אויף אַ חתונה האָט מען געגרייט פֿאַר משוררים און קלעזמער אַ באַזונדער טיש. האָבן מיר שוין געמאַכט „בלאַט" מיטן סאַרווער ער זאָל אונדז געבן די גרעסטע פּאָרציעס. האָט שוין דער סאַרווער געזען, אַז די גרעסטע שטיקער פֿיש זאָלן צעבראָכן ווערן, ס׳זאָל ניט זיין שיין צו דערלאַנגען די געסט און ס׳זאָל אָנקומען צו אונדז. קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף אונדז ווי מיר עסן — האָבן מיר געגעסן ווי מענטשן: געסמאַטשקעט יעדעס ביינדל און געפֿילט דעם גאַנצן טעם. געגעסן עוף מיט די הענט, אָן אַ גאָפּל, און זיך מחיה געווען . . .

און פֿריילעך איז געווען ביים טיש — אין לשער. וויצן האָבן זיך געשאָטן פֿון אַלע זייטן און מיר האָבן געקייכט פֿון געלעכטער. חתן־כלה, די מחותנים און ווער נישט? — זיינען אַזוי באַאַרבעט געוואָרן, אַז ווען זיי דערזויסן זיך כאָטש אַ צענט־חלק דערפֿון, וואָלט אונדז שוין קיין צרות נישט געפֿעלט. דערנאָך האָבן מיר אָפּגעגעבן „קאָנצערט", אָפּגעמאַכט „מי־שברכ׳ס", אָפּגענומען די פּאָר גראָשן — זיינען מיר ערשט אַוועק צו צאַלעל מאַליארזש מאַכן אַ קערטל און דערביי צעלייגן אויף טעלערלעך, אָפּ׳חוזק׳ן פֿון חתן־כלה אויפֿן אמת׳ן לצנות׳שן שטייגער — ס׳איז געווען חי, געלעבט! . . .

מ׳האָט דאָך געדאַרפֿט זיין שטאַרקער פֿון אייזן, זיך איינצוהאַלטן און נישט אָפּלאַכן פֿון די מאָדנע, נישט גלייכע, אומגעלומפּערטע שידוכים. גיי לאָך נישט אָפּ, אַז אַזאַ שיינע, געזונטע, רייצנדיקע מויד ווי בלומטשע — האָט חתונה געהאַט עפּעס מיט אַ דאַרן כניאָק, אַן אויסגעווייקטער הערינג, וואָס זי וואָלט אים געקענט פֿאַרבייסן נאָך אַ טרונק בראָנפֿן . . . וואָס איז? — איר טאַטע, דער גביר, האָט זיך געוואָלט איינקויפֿן אין יחוס, זיך איינהאַנדלען אַ לערנער פֿאַר

אַן איידים — גיי טרייב נישט קיין וויצן איבער אַזאַ זיווג . . . איי, האָבן מיר געטראַכט — נאָר צו וואָס דערציילן וואָס מיר האָבן גע־טראַכט . . .

נאָך בעסער האָבן מיר ליב געהאַט אַ ברית. דאָרט האָבן מיר קיין קאָנקורענטן נישט געהאַט. נישט קיין קלעזמער, נישט קיין בדחן — מיר זיינען געווען די איינציקע פריילעך־מאַכער, די איינציקע בולקע־מיט־פיש־עסער און איינציקע געלט־נעמער. אמת, אַז ביי אַ ברית האָט מען נישט געקענט אָפּשפּעטן און זיך וויצלען. ווייל פון וועמען? די קינפּעטאָרין, נעבעך אַ שוואַכע, איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ שפּאַניש ווענטל, אָדער פאַרהאַנגען מיט אַ ליילעך. דאָס ניי־געבוירענע עופה'לע? — פּשוט געווען אַ רחמנות אויף דעם. אַזעלכע יסורים ביים מל־זיין און די שפּעטערדיקע צרות פון דעם בעל־מציצה, דעם לאַנגען עוזר מיט די פאַרפּוילטע ציינער און אייטערדיקע יאַסלעס...

נישט אומזיסט האָט מען געזאָגט אויף משוררים: „אַן אָרים פאָלק — אָבער אַ פריילעך פאָלק". און ווי פלעגן משוררים אַליין זאָגן: „אָבי געזונט און יאָרן — קיין צרות וועלן נישט פעלן". האָט מען די צרות פאַרטריבן מיט וויץ און געזאַנג.

---

זאָל מען נישט מיינען, אַז די זאָרגלאָזע משוררים, חברה לצים, זיינען געווען פוסטע קעפּ. במעט ביי יעדן משורר האָט מען געקענט געפינען אַ פאַרשריבן טאָג־ביכל. וועגן וואָס האָבן זיי געשריבן? — וועגן וואָס האָבן זיי נישט געשריבן? וועגן אַלץ און אַלעמען. וועל איך דאָ איבערגעבן אַ פּאָר בלעטלעך פון אַ משורר'ס נאָטיץ־ביכל אונטערן קעפּל זומער־לעבּ. „נאָכן לאַנגען, בייזן ווינטער — קומט דער ליבער, שיינער פרילינג. קומט דער פרילינג, טרייבט ער ווינטער. קומט די זון מיט היים געלעכטער, שיקט זי שטראַלן־שפּיזן אין דעם שניי. ווײנט און שמעלצט דער שניי. און פון די טרערן — לאַנגע ריטשקעס וואַסער ווערן. אַנטלויפן ריטשקעס הינטער שטאָט, איבער באַרג און איבער טאָל. נאָר די קליינע, שוואַכע ריטשקעלעך, וועלכע קענען נעבעך זייערע שוועסטער נישט דעריאָגן — בלייבן שטעקן אין די גאַסן. ווייל די ערד פון שטעטל זיי נישט איינזאַפּן. ערד איז זאַט שוין, אַזש געשוואָלן, און קען מער נישט פאַרדייען. זוכן ריטש־קעלעך אַ תיקון און קענען נישט געפינען. גייען יידן דאַוונען, לויפן

ווייבער קויפן, גייען קינדער אין חדרים, גייט משורר איבער הייזער. האָבן שיך און שטיוול מיילער, קריכן ריטשקעלעך אין זיי. טרעפן זיי מיט פיס זיך אָן, ווערט זיי ענג דאָרט מיט די פיס, קוואַטשקען זיי, שרייען זיי. ווייסן זיי נישט וואָס צו טאָן — לויפן זיי אַרויס־אַריין, אַריין־אַרויס. ווערן בלאָטעס אין די גאַסן. פאַרדריסט עס פרילינג: אַזאַ חוצפה! פאַרמיאוסן מיין שיינקייט. שיקט ער זון אַרויס אין געסלעך, ברענט און בראָט די זון די בלאָטעס, און אָן עסן און אָן טרינקען, ווערן בלאָטעס איינגעטריקנט. וואַכן אויף פון ווינטער־שלאָף אַלע גראָזן, אַלע בלומען; אַלע ביימער, אַלע פרות. שטעקן זיי פון שרעק די קעפּלעך אַרויס און דערזען פאַר זיך אַזאַ ליכטיקע וועלט: אה . . . בייגן קעפּלעך זיך צו קעפּלעך, סוד'ען אין די אויערן זיך: געענוג געשלאָפן, שטייט שוין אויף, פרינצעסין פרילינג איז דאָך דאָ. קומט אַרויס אויף דער פרייער וועלט. כאַ־כאַ־כאַ, לאַכן זיי. א־האַ־האַ, שמעקן זיי. שפּאַרן ריחות אָן אין הייזער. רייסט די זון אויף טיר און פענסטער. לויפן קינדער אין גאַסן, טאַנצן זיי און שפּילן זיי. זינגען פייגל טרי־לי־לי, זשוזשען בלעטלעך זשו־זשו־זשו, פּלושקען וואַסערלעך פּלו־לו, גלעטן ווינטלעך — איי ווי גוט. איין פּרעכטיקע סימפאָניע — פרילינג! אַלע געוויקסן קוועלן און וואַקסן פון נחת.

זיינען פרות רייף געוואָרן — לאָקן, רייצן אַפּעטיט. שטייען ביימער אין סעדער פול באַלאָדן מיט אויבסן: גרינע אַגרעסן, רויטע וויינפּערלעך, שוואַרצע קאַרשן, בלויע יאַגדעס. רייסט מען פרות פון די ביימער, פילט מען פולע קוישן אָן. פירט מען קוישן פרוכט אין מאַרק. שפּאַנען יונגוואַרג צווישן קוישן. לאָקן הערצלעך — ווינקען פרות ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן: קומט און עסט און האָט הנאה. גאָט האָט אונדז באַשאַפן נאָר, אַז איר ליבע קינדערלעך זאָלט ברכה־מאַכן איבער אונדז. דאַרף מען פרוכטן אָבער קויפן — גיי און קויף אָן אָקם פאַר אַ גראָשן, אַז דער גראָשן איז נישטאָ."

יאָ, פאַר וועמען דער זומער איז געווען אַ ברכה, אָבער פאַר אונדז משוררים — איז דער זומער געווען אַ קללה. ווייל מיטן אָנקומען פון זומער האָט מען אויפגעהערט ביי יידן חתונה צו האָבן. נישט חלילה ווייל מען האָט נישט געוואָלט, נאָר פּשוט — מ'טאָר נישט. זעקס לאַנגע וואָכן, פון פסח ביז שבועות, איז ספירה — טאָרן קיין חתונות נישט זיין. בלויז איין טאָג, ל"ג בעומר. פלעגן יענעם אָוונט זיין 4 - 5

חתונות. כאָטש נעם און לויף אויף אַלע פיר. איז מער ווי הארץ־ווייטיק האָט מען נישט געהאַט.

אַ גאַנץ יאָר זיינען יידן פאַרהאָוועט. ווער מיט האנדל — ווער מיט מלאכה; ווער מיט מעקלעריי און ווער מיט זוכן פרנסה. איז ווי זאָגט מען עפּעס: ווען עסט דאָס ווייב גוט? — ווען זי ליגט אין קינפּעט; ווען עסט דער מאַן גוט? — ווען ער זיצט אין סוכה; ווען עסןביידע גוט? — ביי יענעם אויף אַ שמחה; און ווען עסן ביידע אַ קרענק? — ביי זיך אויף אַ שמחה.

איז דערפאַר, אַז יידן קומען צו יענעם אויף אַ שמחה, עסט מען און מ׳האָט הנאה. אַז מען האָט הנאה, איז מען גוט אויפגעלייגט. קומט דער חזן מיט די משוררים, וויל מען הערן אַ שיינעם זמר און נאָך אַ זמר. הייסט מען מאַכן דעם ברייטן מי־שברך — באַלוינען יידן מיט דער ברייטער האַנט. אָבער, אַז עס מאַכן זיך 4־5 חתונות אין איין וואָך, אַ שטייגער ל״ג בעומר, — פאַלט מען אריין אָן אָן אָטעם, קלאַפּט מען אָפּ אַ זמר, כאַפּט מען אָפּ מי־שברכ׳ס, שטעלט מען אויס די האַנט און מ׳קריגט אַ מכה. מאַנען קען מען נישט — הוסט מען, ברומט מען, גיט יענער אַ בייזן קוק: וואָס איז, איר האָט קיין צייט נישט? הערסטו, דאָס איז עס דאָך, טראַכטן מיר, פאַרשעמט מען זיך ווי שולדיקע און מ׳לויפט שנעל אויף דער צווייטער חתונה — חזר׳ט זיך איבער דאָס זעלביקע. אַזוי אויף יעדער חתונה. איז ווי זאָגט שלום עליכם: „ויסעו ויחנו — טו דאי אי נאַזאַד”, און ווי זינגט זיך אין יידישן טעאַטער: אריינגעגאַנגען, אויסגעדרייט זיך און אַרויסגעגאַנגען צוריק. געהאָרעוועט טאַקע, אָבער אין קעשענע — אַ מכה . . .

מילא דאָס געלט, ווי דאָס געלט — האָט מען געמאַכט גראָשנס אָנשטאָט גילדנס. נאָר דער מאָלצייט: לעקעך און בראַנפן, פריקאַזי, געפילטע פיש, אַ פעטע יויך מיט מאַנדלען, אַ גוט שטיקל עוף — דאָס וואָס האָט אונדז אַממערסטן פאַרדראָסן. פלעגן מיר שעלטן דאָס ביטערער מזל, אַז גאָט גיט — גיט ער אַלץ מיט אַמאָל. און וואו צופיל, דאָרט איז אַ צרה. איין חתונה אַ נאַכט, האָט מען געגעסן און הנאה געהאַט. אָבער 4־5? איז ווי זאָגט טאַקע טעוויע: „עני חשוב כמת — נישטאָ פּאַפּאַ, גיי שלאָפן”.

אָפּגע׳פּטר׳ט ספירה און איידער וואָס־ווען — האָבן זיך אונטערגערוקט די דריי וואָכן, טאָר מען ווידער נישט חתונה האָבן. און

גלייך דערנאָך — סליחות־טעג, ימים נוראים — איז וועמען ליגט דאָן אין זינען חתונות, אַז אפילו אַ פיש אין וואַסער ציטערט פאַרן גרויסן יום הדין?

איז ווינטער, ווען ס׳זיינען פאַראַן חתונות און מ׳פאַרדינט — זיינען קיין אויבסן נישטאָ. זומער ווידער, ווען ס׳קומען אויף די פרישע פּרות, וועלכע לאָקן און בעטן זיך מ׳זאָל זיי עסן — האָבן מיר נישט פאַרדינט און געהאַט בלויז האַרץ־ווייטיק. די כוואַטסקע און גע־שיקטערע פון אונדז, פלעגן זיך אַריבערכאַפּן איבערן פלויט צום סעדער און רייסן פון דיביימער. אמת, אַז אַמאָל פלעגט אַזאַ איינער צוריקקומען אָן אַ פּאָלע מיט אַן איינגעביסענער ליטקע פון דעם גרויסן הונט. אָבער מיר שרעקנדיקע — האָבן געשלונגען דאָס שפּייעכץ און אין בעסטן פאַל אַוועק ווייט - ווייט הינטערן שטעטל, אין וועלדל און געקליבן ווילדע יאַגעדעס.

גאָט פאַרלאָזט אָבער נישט אַ ווערימל הינטער דר׳ערד. אויב מיר האָבן נישט געקענט געניסן פון די וויינפּערלעך, אַגרעסן, קאַרשן און פערישקעס — די פרי־זומער־פּרות — האָבן מיר אָבער גענאָסן און הנאה געהאַט פון פאַרגאַמיטן־עפּל, לעזילקעס - קליינע באַרעלעך, צוקרופּקעס, פּאַנעס, וויין־באַרנעס און פלוימען — די נאָך־זומער־פּרות. ווי אַזוי, ווילט איר וויסן? — אָט וועלן מיר אייך דערציילן:

ווען איך בין געגאַנגען אין חדר, האָב איך אַלעמאָל געטראַכט, אַז די טויטע האָבן גאַרנישט געדאַרפט געבוירן ווערן. ווען איך דער־מאָן זיך די שרעק, האַרץ־קלאַפּעניש, און פיס־אונטערברעכעניש, וואָס יידישע קינדער פון יידישע שטעטלעך האָבן איבערגעלעבט — כאַפּט מיך נאָך היינט אָן אַ פחד. האָט אַ קינד נישט געפאָלגט — האָט מען עס געסטראַשעט: „אַ טויטער וועט דיך קומען ווערגן ביינאַכט״ . . . האָט מען געטאָן אַן עבירה — האָט מען געשראָקן מיט גהינום נאָכן טויט . . . אַ ריזיקע מאַסע פון טויט־שרעק איז געהאַנגען איבער די קעפּ פון יידישע קינדער.

דאָס האָט אַזוי געווירקט, אַז חדר־יינגלעך האָבן זיך אָנדערציילט משונה׳דיקע מעשות וועגן גלגולים, שדים און רוחות. האָבן קינדער געגלויבט, אַז נאָך האַלבער נאַכט קלייבן זיך צוזאַמען אַלע מתים דאַוונען אין שול, בעטן פאַר זייערע נשמות . . . אָדער אַז אין קאַשטשאָל (קירכע) קומען זיך צוזאַמען יעדע נאַכט נישט־גוטע, שדים און רוחות מיט דער לילית און טאַנצן דאָרט ווילדע שדים־טענץ . . .

און אַז מען גייט פֿאַרביי, קאָן מען חלילה געשעדיקט ווערן. האָבן טאַקע יידישע קינדער מורא געהאַט אין אָוונט פֿאַרבייצוגיין דעם קאַשטשאַל, אָדער, להבדיל, די שול. פֿלעגט מען פֿון חדר, דורך די ווינטער־נעכט, גיין אין מחנות, ס׳זאָל זיין פֿריילעכער, מיט פּאַפּי־רענע לאַמטערנעס, און זינגען אויפֿן קול, צו פֿאַרטרייבן די שרעק . . .

און דאָך — פֿלעגט דער קלענסטער שאָרך איבערשרעקן אויף טויט. האָט אימיץ געמוזט זיך אָפּטיילן פֿון די חבֿדים, קומענדיק נאָנט צו זיין הײם — האָט ער גענומען לויפֿן, לויפֿן, לויפֿן אָן אַ אָטעם און מיט אַ פּראַל־אויף די טיר אַריינגעפֿאַלן אין שטוב, נישט־טויט־נישט־לעבעדיק. הייגט די אָן אַ שיעור אָבערגלויבנס וועגן טויטע?

די איינציקע גליקלעכע, וואָס זיינען אויסגעהיילט געוואָרן פֿון שרעקן זיך פֿאַר טויטע — זיינען געווען משוררים. דעם גאַנצן חודש אלול, ביז ערב יום כּפּור, האָבן מיר געלעבט מיט די טויטע אויפֿן בית־עולם.

איך האָב שוין דערציילט, ווי דעם גאַנצן זומער האָבן מיר קיין הכנסה נישט געהאַט, ווייל עס זיינען קיין חתונות נישט געווען. האָבן מיר דערפֿאַר אומגעדולדיק געוואַרט אויפֿן בית־עולם יאַריד, ווען עס קומען „קבֿר־אָבֿות׳ניקעס", לאָזן זיך מאַכן „אל מלא רחמים׳ס" און גיבן נישט ווייניקער ווי ח"י . . . אָן אָרימאַן — ח"י גראָשן; אַ פֿאַרמעגלעכער — ח"י קאָפּיקעס, און אַ גבֿיר — ח"י גילדן. האָט אונדז אַלעמאָל פֿאַרדראָסן, וואָס דאָס פֿעלד איז פֿול מיט אָרימע־לייט און אַזוי ווייניק גבֿירים. ווייל וואָס רייכער דער גבֿיר איז געווען ביי זיין לעבן — וואָס גרעסער איז געווען אונדזער הכנסה נאָך זיין טויט.

האָבן געטראָפֿן שלעכטע טעג, ווען קיין „קונים" זיינען נישט געקומען — זיינען מיר חלילה נישט געזעסן ליידיק. האָבן מיר דער־ווייל איינגעזונגען די ימים־נוראָים׳דיקע קאָמפּאָזיציעס און צווישן איין געזאַנג און דעם צווייטן — דערווייל געטריבן וויצן וועגן די טויטע. אַנישט האָט אַ ספּריטנער משורר זיך אַריינגעכאַפּט אין צדיק׳ס אוהל, קונציק געעפֿנט אַ פּאָר צדקה־פּושקעס, געטיילט זיך חצי שלי וחצי שלך — געזען, אַז די טויטע שווייגן, האָבן מיר אויך געשוויגן . . .

האָבן מיר אָבער געהאַט אַ גוטן טאָג פּרנסה . . . האָט מען גע־שיקט איין משורר אין שטעטל אַריין איינקויפֿן און געפּראַוועט אויפֿן בית־עולם אַ סעודה, כּיד המלך! און פֿאַרביסן מיט אַלע סאָרטן פֿרוכטן.

אַ דאַנק די טויטע, האָבן מיר געלעבט אַ טאָג . . . היינט פאַרשטייט איך שוין פאַרוואָס מיר האָבן געקענט געניסן פון די סוף-זומער פּרות ?

דערנאָך האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזן צו איינעם פון די ליגנדיקע קאַסטן-מצבות, פון גלאַטיקן מאַרמאָר, און געמאַכט אַ קערטל און דערציילט וויצן און וואָס ניט ? . . . אַזוי, אַז דער בית-עולם איז פאַר אונדז משוררים געווען טאַקע אַ „גוט אָרט” . . . מער ווי איין לעבע־דיקע קאָמפּאָזיציע האָבן חזנים און משוררים געשאַפן אויפן שוים פון די טויטע. ווי פלעגט צאַלקע זאָגן : „לעבן זאָלן די טויטע ; זיי גיבן פּרנסה און רעדן נישט אויס”.

## איך פאַרלאָז קוטנא

עס איז געווען פרייטיק-צו-נאַכט פון שבת חנוכה. די שול איז געווען געפּאַקט. איך האָב געדאַרפט זינגען אַ גרויסע סאָלאָ. איך הייב אָן זינגען און איך פיל ווי עס קרעלט מיר אין האַלדז. איך פּרוּוו אָראָפּשלינגען עטלעכע מאָל און זינג ווייטער. ווען עס קומט צו די הויכע טענער, פיל איך ווי די כוחות לאָזן זיך מיר אויס . . . איך זינג . . . איך זינג און מיר דוכט זיך, אַז איך האָב געהערט אַ קריי . . . עפּעס האָט זיך ביי מיר איבערגעריסן. עס הייבט מיר אָן שווינדלען פאַר די אויגן . . . איך געדענק ניט צי איך האָב פאַרענדיקט די סאָלאָ . . . נאָר דאָס געדענק איך : נאָכן דאַווענען האָבן די משוררים גערעדט צווישן זיך : דער ביעלאַם סמאַליעט שוין . . . ער פאַרלירט שוין די שטימע . . .

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך קיין אויג ניט צוגעמאַכט און געטראַכט : וואָס טו איך איצט ? איך בין שוין אין די יאָרן ווען איך מוז פאַרלירן די שטימע. היינט האָב איך זיך איבערגעריסן און באַלד — מער גאָר־נישט קענען זינגען. וואָס קען איך טאָן ? . . . דאָ קומט מיר אויפן געדאַנק מיין שטענדיקער שטרעבן צו ווערן אַ דיריגענט. יאָ, איצט איז געקומען די צייט איך זאָל ווערן אַ דיריגענט. אָבער נישט דאָ, אין קוטנע. איך מוז אַוועקפאָרן פון דאַנען. פאָרן אין דער וועלט אַריין, געפינען אַ שטעלע אַלס דיריגענט. וועל איך האָבן אַ מעג־לעכקייט צו שאַפן אייגענע קאָמפּאָזיציעס, אויספּרוּוון זיי מיט מיין אייגענעם כאָר. יאָ, איך מוז אַוועקפאָרן און וואָס גיכער.

אָבער ווי אַזוי קען איך פּלוצלונג איבערלאָזן דעם קוטנער חזן, וועלכער איז צו מיר געווען ווי אַ געטרייער פאָטער און פון וועלכן איך האָב אַזויפיל געלערנט? איך האָב זיך געראַנגלט מיט דער דעה: אַוועקפאָרן — אָדער בלייבן? . . .

⁂

עס איז שוין באַלד טאָג — און איך האָב נאָך אַלץ מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. קוים דערלעבט דער עולם זאָל אויפשטיין. אַלע האָבן זיך אָנגעטאָן, נאָר איך בין געבליבן ליגן אויפן געלעגער.

— נו, וואָס שטייסטו ניט אויף! — האָבן זיך געהערט קולות פון אַלע זייטן.

— איך קען ניט . . . איך בין קראַנק . . . זייער קראַנק. אין שטוב איז געוואָרן אַ מהומה.

— ווער וועט זאָגן די סאָלאָס? . . .

דער חזן האָט מיר אָנגעטאַפּט דעם קאָפּ און געברומט: יאָ, ער האָט היץ, דוכט מיר.

— רחל, — האָט זיך דער חזן געווענדט צו דער טאָכטער— גיב אים עטלעכע גלאָז טיי מיט אַ סך לימענע און לייג אים צו אַ קאַלטן האַנטוך צום קאָפּ.

ווען אַלע זיינען אַוועק, האָט זיך מיר אויך אָנגעהויבן דוכטן, אַז איך בין קראַנק. נאָר אויסטרינקענדיק די עטלעכע גלאָז טיי, מיטן קאַלטן, נאַסן האַנטוך און רחל'ס סאַמעטענע הענט אויף מיין פּנים — האָב איך זיך דערפילט בעסער און בין איינגעשלאָפן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען נאָכמיטאָג. דער חזן איז געווען זייער צופרידן צו הערן, אַז איך פיל בעסער.

נאָך הבדלה האָבן די משוררים, לכבוד חנוכה, געמאַכט אַ קערטל און דער חזן האָט זיך געזעצט שפּילן אַ שאָך, מיט ר׳ עוזר דיין.

ווען דער זייגער האָט געוויזן עלף, האָט דער חזן געגעבן אַ באַפעל צו מאַכן די געלעגערס.

איך האָב ווידער ניט געקענט צומאַכן מיט קיין אויג און זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער. מיך האָט אַלץ געמוטשעט דער געדאַנק: אויסזאָגן דעם חזן — אָדער אַנטלויפן בשתיקה?

אויסזאָגן דעם חזן? — וועט ער דאָך מיך נעמען פרעגן: „פאַר-

וואָס, פאַרוועןּ? מיר האָבן דיך חלילה שלעכט באַהאַנדלט? דאַכט זיך, געלערנט דיך נאָטן לייענען, יידישקייט און מידות טובות. דיר געקריגן די בעסטע „טעג" ביי די רייכסטע באַלעבאַטים און דיך געהאַלטן פאַר אַן אייגן קינד?" — און איך האָב געפילט, אַז איך וועל ניט קאָנען ביישטיין דעם נסיון. און מוזן ווייטער פאַרבלייבן אין קוטנע, ווייל אַלץ איז דאָך אַזוי אמת . . . בלייבן ווידער — קאָן איך אויך ניט! אַלץ איז מיר אַזוי נמאס געוואָרן: די „טעג", דאָס גיין אויף חתונות און ברית'ן אָפּזינגען און אויסשטעקן אַ בעטל-האַנט נאָך „מי-שברך-געלט". און די משוררים, וועלכע עסן מיך מיט קנאה . . . און נאָך אַלעמען, בין איך דאָך שוין מער ניט קיין קינד. ווי לאַנג נאָך וועל איך קענען זינגען סאָלאָס? ביים גילדערנעם גוטן ווערט דאָך דער בעסטער משורר אפילו באַטראַכט פאַר אַ נידעריקערער באַשעפעניש און די באַלעבאַטישע מיידלעך וויי̇כן פון אים . . . וויפיל שלאָפלאָזע נעכט האָב איך פאַרבראַכט טראַכטנדיק פון דער שיינער גוטשען, ביי וועמעס עלטערן איך האָב געגעסן אַ „טאָג"? . . . איך בין זיכער, אַז זי האָט געוואוסט מיינע געפילן. ווייל יעדן מאָל וואָס איך פלעג קומען צו זיי עסן, איז זי געזעסן אויפן באַלקאָן, צעלאָזן אירע גאָלדענע צעפּ, לייענענדיק אַ בוך און זיך מאַכן, ווי זי באַמערקט מיך אפילו ניט . . . כאָטש אירע גרויסע אויגן האָבן מיך דורכגעשטאָכן. ניין, ניין! איך מוז אַוועק און וואָס גיכער. אַלע משוררים וועלן זיך טאַקע פרייען און גוטשע וועט אפשר וויינען דורך די נעכט . . . גוט אַזוי, זאָל זי אויך פילן אַביסל מיין טעם . . . יאָ, אַנטלויפן ביינאַכט, קיינער זאָל ניט וויסן . . .

אָבער וואָס וועט דער גוטער, ליבער חזן טראַכטן פון מיר, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז איך בין אַנטלאָפן אין מיטן דער נאַכט? עוקר געווען ווי אַ גנב . . . איך וועל דאָך אַלצדינג האָבן פאַרלוירן ביי אים און ער וועט דאָך אַזוי שטאַרק ליידן דערפון. ניין! איך טאָר דאָס ניט טאָן! האָב איך גערעדט צו זיך אַליין, אין געדאַנק: איך וועל דעם חזן דערציילן און אויסגיסן פאַר אים מיין האַרץ. איך בין זיכער, אַז ער וועט מיך פאַרשטיין און מיך לאָזן פאָרן. ער איז דאָך אַזאַ חכם. איך דערמאָן זיך, ווי איינמאָל האָט דער חזן דערציילט אַזאַ ענלעכע געשיכטע פון זיך אַליין און האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „ווען איך וואָלט ניט דאַמאָלט אַוועק פון מיין חזן אין דער גרויסער וועלט אַריין, זוכן און געפינען מיין גליק — וואָלט איך פאַר-

בליבן אַן אייביקער משורר״ . . . איך האָב דערפילט אַ דערלייכטערונג און בין ענדלעך איינגעשלאָפן . . .

ווען עס האָט נאָר געגומען שאַראיען אויף טאָג, בין איך אַראָפּ פון געלעגער, זיך שטילערהייט אָנגעטאָן, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און אויף די שפּיץ פינגער זיך אַרויסגעשלייכט פון שטוב, אַוועק אין בית־המדרש צום ערשטן מנין, פרום אָפּגעדאַוונט און געוואַרט אויפן חזן, וועלכער קומט געוויינלעך צום צווייטן מנין.

בין איך געשטאַנען אין פלוש און געוואַרט אויפן חזן. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס: וואָס זאָל איך רעדן? ווי אַזוי זאָל איך אָנפאַנגען? רייד, רייד . . . טויזנטער רייד זיינען דורכגעלאָפן מיין געדאַנק. איך האָב געפילט ווי דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר אין צווייען . . . די פיס האָבן זיך מיר אונטערגעבראָכן און איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אין וואַנט, איך זאָל ניט אומפאַלן . . . עס האָט מיר גע־נומען שווינדלען פאַר די אויגן . . . גרויסע פייערדיקע רעדער האָבן זיך גענומען דרייען . . . דער ניגון פון תהילים, וואָס האָט זיך געטראָגן פון בית־המדרש, האָט גענומען ווערן שטילער און שטילער . . . ווייטער און ווייטער . . . ביז איך האָב מער גאָרנישט געהערט . . . אפילו ניט מיינע אייגענע רייד . . .

ווען איך האָב געעפנט מיינע אויגן, האָב איך דערזען נעבן זיך דעם חזן, ווי ער שטייט אָנגעבויגן איבער מיר, גלעט מיך און רעדט אַזוי ליב: מעכעלע, וואָס ליגסטו עפּעס דאָ? ווי קומסטו אַהער אַזוי פרי? — די אויגן זיינען מיר אָנגעפילט געוואָרן, אין האַלדז איז מיר אַזוי ענג געוואָרן . . . איך האָב זיך מער ניט געקאָנט קאָנטראָלירן און אַרויסגעוויינט . . . דער גוטער חזן האָט מיך אויפגעהויבן, מיך גענומען אונטערן אָרעם און מיך געפירט אַהיים. אויפן וועג האָט מיך דער חזן געפרעגט: „עפּעס ביסטו זייער צערודערט. וואָס איז מיט דיר? האָט דיר ווער שלעכטס געטאָן?״ — האָב איך געעפנט מיין האַרץ און אים אַלץ דערציילט, ביז טרערן האָבן פאַרהאַלטן מיינע רייד . . . דער חזן האָט מיך פאָטערלעך אַרומגענומען און מיט טרייסטנדיקע רייד מיר געזאָגט: „וואָס דאַרפסטו וויינען? איך פאַר־שטיי דיך, מיין קינד. די ביסט שוין מער נישט קיין יינגעלע, באַלד וועסטו פאַרלירן דיין שטימע און דאַרפסט טראַכטן פון אַ תכלית . . . ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין אַ משורר? מילא צאַלקע ציג און חיים דוד, דער גראָבער קאָפּ — זיי וועלן שוין שטאַרבן משוררים.

אָבער דו ביסט דאָך עפּעס דער „ביעלאָס" מיט דיין גאונ׳ישן קאָפּ. פּאָר לחיים ולשלום און זאָל דער אויבערשטער מצליח זיין דיינע טריט . . ."

איך האָב מיינע אויערן ניט געגלויבט, בין געפאַלן דעם חזן אויפן האַלדז און זיך געשעמט אים קושן.

אויף מאָרגן נאָכמיטאָג האָב איך זיך געזעצט אויף אַ וואָגן און זיך געלאָזן אין דער וועלט אַריין זוכן און געפינען מיין גליק.

דער חזן אַליין, מיט זיינע קינדער און אפילו די משוררים, האָבן מיך באַגלייט צו דער בויד. יעדער האָט מיר אָנגעזאָגט באַזונדער: פאַרגעס ניט, למען השם, צו שרייבן אַ בריוול — און האָבן מיך באַשאָטן מיט ברכות . . . ביי רחל׳ען, דעם חזנ׳ס איינציקע טאָכטער, האָבן געפינקלט טרערן אין די אויגן . . . די משוררים זיינען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און געמאַכט דעם אָנשטעל ווי זיי באַדויערן שטאַרק וואָס איך פאָר אַוועק און מ׳האָט געקאָנט לייענען אין זייערע מינעם: ענדלעך וועלן מיר פּטור ווערן פון דיר. האָב איך געלייענט זייערע געדאַנקען און געוואָלט אויסשרייען: פרייט זיך, חברה, אייער פרייד וועט אָבער לאַנג ניט אָנהאַלטן! ווייל באַלד וועט איר זיך נעמען רייסן איבער מיין ירושה, זינגען מיינע סאָלאָס, פאַרכאַפּן מיינע „טעג", אימשטיינס געזאָגט — אָבער איך האָב בלויז באַדויערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ . . .

איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין דער בויד און אין האַרצן האָט שטאַרק געטיאָכקעט: וועך ווייסט וואָס מיך דערוואַרט? דאָ לאָז איך איבער אַזוי פיל פאַרערער, אַ ליבע היים, וואו איך האָב מיינע בעסטע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט און אַזוי פיל געלערנט . . .

די בויד האָט זיך גענומען רירן און איך האָב געהערט פון אַלע זייטן שטימען:

— פאָר געזונטו!

— אַ גליקלעכן וועג!

— שרייב אַ בריוול!

— זע דו זאָלסט זיך ניט פאַרקילן, ס׳איז קאַלט, דעק זיך גוט איין! . . .

איך האָב געוואָלט ענטפערן, נאָר די ווערטער זיינען מיר געבליבן שטעקן אין האַלדז . . . עפּעס האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן און

די אויגן זיינען מיר פול געוואָרן. זייערע געשטאַלטן האָבן זיך דער־ווייטערט און געוואָרן קלענער . . . קלענער . . . איך האָב טיף אַריינ־געגראָבן דעם קאָפּ צווישן די קלאַפּעס פון מיין קאַפּאָטע און אַרויס־געוויינט מיין בענקשאַפט . . . איך האָב דערפילט אַ דערלייכטערונג, האָב אויסגעווישט די אויגן מיט די פינגער, אַראָפּגעשלונגען וואָס עס איז מיר געשטאַנען אין האַלדז און אויפגעהויבן די אויגן צו כאַפּן נאָך אַ לעצטן בליק אויף מיינע באַגלייטער — אָבער אומזיסט, איך האָב שוין קיינעם ניט געזען . . .

די זון האָט זיך גענומען זעצן. די שאָטנס פון די ביימער זיינען געוואָרן לענגער. דער וואַלד פון ביידע זייטן וועג האָט זיך געצונדן אין רויט. וואָס טיפער מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין וואַלד, אַלץ פּחד׳־דיקער איז געוואָרן. די קעלט איז געקראָכן אין די ביינער, האָב איך זיך איינגעוויקלט אין דעם טערקישן שאַל־טוך, וואָס די חזנ׳טע האָט מיר מיטגעגעבן, האָב פאַרמאַכט די אויגן און איינגענורעט דעם קאָפּ אין דעם פּעקל וועש, וואָס איך האָב געהאַלטן אויפן שויס. עס זיינען אויפגעשטאַנען, לעבעדיק געוואָרן און פאַרבייגעשוועבט פאַר מיר בילדער נאָך בילדער, בילדער נאָך בילדער: — אָט זע איך: שטייען טאַטע־מאַמע ווי אבלים אויפן לענטשיצער וועג און באַגלייטן מיך אַרויס, דעם ניין־יאָריקן בחור, אויף מיין ערשטער נסיעה צום קוטנער חזן ווערן אַ לייט; איך קום אָן אויפן לענטשיצער יאַריד, בלאָנקע זיך אַרום צווישן די געשטעלן זוכן מיין מומע שרה׳ן, וועלכע דאַרף מיך מיטנעמען קיין קוטנע, און ווען איך געפין זי ניט — האָבן יידן אויף מיר רחמנות און פיהרן מיך, אויף זייער וועג אַהיים פונם יאַריד, קיין קוטנע און ברענגען מיך אין מיטן דער נאַכט צו דער מומע שרה׳ן אין שטיבל אַריין . . . אַ מידן, אַ צעבראָכענעם, לייגט מען מיך שלאָפן אויף אַ באַרג האַרטע שטיוול, פאַרשפּרייט מיט שטעכעדיקע ראָגאָ־זשעס פול מיט אומפליייט . . . אָנגעפּייניקט זיך אַ נאַכט אין שרעק־לעכע חלומות: ווי עגדישן און שלאַנגען ווילן מיך פאַרצוקן, ווי יוספ׳ן, וועלכן די ברידער האָבן אַריינגעוואָרפן אין גרוב — האָט מען מיך אין דער פרי אָנגעפירט צו חזן . . . איך עפן די אויגן — שטאָק פינסטער. אַ געדיכטע שווארצקייט פון אַלע זייטן . . . דאָס קראַקען און קוואַקען, וואָס טראָגט זיך פון ביידע זייטן וואַלד, וואַרפט אויף מיר אָן אַן אימה, אַ פּחד. איך שריי אויס פון שרעק:

— ר׳ בערל, וואו זיינען מיר ?!

— שלאָף, שלאָף בחור'ל, — באַרואיקט מיך דער באַלעגאָלע — וועסט זיך נאָך גענוג אָנהעצקען ביז דו וועסט אָנקומען אין שטאָט אַריין.

איך פאַרמאַך צוריק די אויגן, פּרואוו אַנטשלאָפן ווערן, אָבער דער פחד האַלט מיך אין קלעם און לאָזט מיך ניט שלאָפן. איך הייב אָן צו זינגען, כדי צו פאַרטרייבן די שרעק: אדם — אוי, אדם יסודו מעפר, וסופו לעפר . . . דער טייטש פון די ווערטער און דער אומעטי־קער ניגון וואַרפן אָן אויף מיר נאָך מער שרעק . . . רייס איך איבער דאָס געזאַנג און הייב אָן אַן אַנדער תפילה: חיים . . . חיים של ברכה, חיים . . . חיים של פרנסה, חיים . . . חיים של עושר וכבוד — און איך דערזע זיך אין דער קוטנער שטאָט־שול, זינגענדיק מיין ערשטע סאָלאָ פון ראש־חודש־בענטשן . . . די שול איז געפּראַפּט, יידן הערן און גאַפן: חיים . . . חיים של ברכה, חיים . . . חיים של פרנסה, חיים . . . און אַרויסגייענדיק פון שול הער איך ווי יידן רעדן צווישן זיך:

— עץ האָט געהערט אַ זינגען? אַ נאַכטיגאַל, אַ קאַנאַריקל, טצע־טצע־טצע . . .

— אַזאַ געזאַנג קאָן דאָך טאַקיש גרייכן די שערי רחמים און אויסבעטן ברכה, עושר און כבוד.

אַזוי זינגענדיק און פאַנטאַזירנדיק פון מיינע פאַרגאַנגענע „טעג” און יאָרן אין קוטנע — בין איך ענדלעך אַנטשלאָפן געוואָרן . . .

ווען דער באַלעגאָלע האָט מיך אויפגעוועקט, איז שוין געווען גרויסער טאָג און מיר זיינען געשטאַנען אין מיטן מאַרק פון דעם שטעטל ל.

האָב איך באַצאָלט דעם באַלעגאָלע, גענומען מיין פּעקל וועש־טשעס, זיך דערפרעגט צום חזן. זיך גוט אויסגעהוסט און פאַמעלעך געעפנט די טיר.

**איך:** גוט מאָרגן. וואוינט דאָ דער חזן?

**חזן:** גוט מאָרגן, גוט יאָר. יאָ, דאָ וואוינט דער חזן. שלום עליכם . . .

**איך:** עליכם שלום.

**חזן:** פון וואַנען און וואוהין גייט עס אַ יונגערמאַן אַזוי פרי? שוין אַ געדאַוונטער?

**איך:** ניין, נאָר־זואָס פון וועג. אַ . . . אַ משורר.

חזן: טאָ קום־זשע ווייטער. פּיל זיך היימיש. אַ משורר. אָך...
לייג אַוועק דיינע זאַכן, וואַש זיך אָרום, דאַוון אָפּ, וועלן מיר עסן
אָנבייסן צוזאַמען. דערנאָך וועסטו האָבן כּוח מיר צו דערציילן ווער
דו ביסט, פון וואַנען דו קומסט און וואוהין דו גייסט.

דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון דעם הדרת־פּנים׳דיקן יידן, די וואַ־
רימע אויפנאַמע און די ליבע רייד — האָבן מיך דערפרישט און גע־
מאַכט פילן היימיש. האָב איך געטאָן אַלץ ווי דער חזן האָט מיך
געהייסן . . . נאָכן בענטשן האָב איך דעם חזן דערציילט פון וואַנען
איך קום, ווער איך בין און וואָס איך האָב בדעה צו טאָן. לאָזט זיך
אויס, אַז דער חזן האָט געהערט פון מיר און דריקט אויס זיין צו־
פרידנקייט וואָס איך בין געקומען. ער פרעגט מיך צי איך בין וויליק
צו פאַרבלייבן און דערקלערט מיר:

— ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך שוין ניט קיין יונגערמאַן.
נישטאָ מער קיין כּוחות אַליין אָנצופירן מיט אַ כאָר. וואָלטן די יידן
געווען צופרידן, איך זאָל דאַוונען אַליין, אָן משוררים — קאָן איך
אָבער ניט. ראשית, איז טאַקע לייכטער צו דאַוונען מיט אַ כאָר.
והשנית, האָב איך זייער ליב נגינה, טאַקע שיין געזאַנג און שיין
געזונגען. האָב איך אָפטמאָל געטראַכט: ווען גאָט שיקט מיר צו
אַזאַ כּלי ווי דו — יאָ, דיין נאָמען, ביעלאָס, האָט גע׳שמ׳ט — וואָלט
איך אים איבערגעגעבן די קאָמאַנדע פון כאָר, און אויב דו ביסט
מסכּים — זאָג יאָ און מיר וועלן, מיטן אויבערשטנס הילף, דורכקומען.
צום רב וועלן מיר חלילה ניט דאַרפן גיין. וועסט זיין ביי מיר ווי
אַן אייגן קינד. עסן און שלאָפן ביי מיר, נישט קיין „טעג" ביי יענעם,
ווי די אַנדערע משוררים. אַזוי ווי איך דאַרף צוגיין צום דאָזאָר מכּוח
אַן ענין, וועל איך דיך לאָזן אַליין, באַרעכן זיך און דו וועסט מיר
שפּעטער, אי״ה, געבן אַ תשובה.

ווען איך בין געבליבן אַליין, האָב איך געוואָלט טאַנצן פון שמחה.
אויף אַזאַ גליק האָב איך זיך ניט געריכט. הפּנים דעם קוטנער חזנ׳ס
ברכות זיינען מקוים געוואָרן — מיינע ערשטע טריט האָבן מצליח
געווען.

ווי אַלע מאָל אין אַזאַ פאַל, האָט אַן אומרואיקער געדאַנק מיר
אַ קלאַפּ געטאָן אין מוח: אפשר איז דאָ אויך פאַראַן אַזאַ הויקערל
ווי אין קוטנע, וועלכער האָט געזען אין מיין אָנקומען זיין אונטער־
גאַנג? אפשר איז דאָ אויך פאַראַן אַזאַ רשע מרושע, וועלכער וועט

מיר אָפּטאָן שפּיצלעך, אונטערשטעלן פיסלעך, אָנשטעלן חברה זיי זאָלן מיך שלאָגן און פּייניקן? אָבער ניין־ניין־ניין! . . . האָב איך זיך אַליין באַרואיקט. דאָ גיי איך דאָך ניט פאַרנעמען קיינעמס אָרט. איך וועל דאָך קיין סאָלאָס נישט זאָגן און סאָלאָס זיינען אייגנטלעך די אורזאַכן פון אַלע מחלוקות צווישן משוררים. איך ווער דאָך אייגנטלעך אוים משורר און וועל בלויז איינזינגען און דיריגירן. זיי האָבן גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן פאַר מיר. איך קאָן זיי, די משוררים, און וועל וויסן ווי אַזוי מיט זיי אומצוגיין, זיי זאָלן אויף מיר ניט דאַרפן טראָגן קיין בייז הארץ.

אָבער איידער איך וועל געבן דעם חזן מיין יאָ־ענטפער, וועל איך פונדעסטוועגן ביי אים פרעגן און אויסגעפינען וואָס פאַר אַ סאָרט פאַרשוינען די משוררים זיינען. איין זאַך איז זיכער: איך מוז דאָ פאַרבלייבן. דאָ קריג איך מיין ערשטע געלעגנהייט צו ווערן אַ דיריגענט . . .

זיצנדיק אַזוי פאַרטראַכט, פאַרנומען מיט מיינע רעיונות, איז אַריינגעקומען דער חזן, צוגעגאַנגען צו מיר און מיך ליב־פּאַטערלעך געפרעגט: — נו, יונגערמאַן — אייגנטלעך ווי איז דיין נאָמען? ביז איצט האָבן מיר געהערט פון דיר אַלס דער ביעלאַס. אָבער ווי איז דיין אמת׳ער נאָמען?

איך האָב געטראַכט אַ ווײַלע צו דערמאָנען זיך. ווייל מען האָט מיך קיינמאָל ביי מיין אמת׳ן נאָמען ניט גערופן, אויסער „ביעלאס”, און איך האָב געענטפערט: שלמה מעכל.

— נו, שלמה מעכל, וואָס האָסטו באַטראַכט? — האָט דער חזן געפרעגט.

— יאָ, איך בין מרוצה. אָבער זייט מיר מוחל וואָס איך וויל אייך פרעגן: וועלן די משוררים ניט זיין בייז אויף מיר, וואָס איך בין גע־קומען ווערן אַ פירער איבער זיי? אויב יאָ, וועט זיין זייער שווער פאַר מיר . . .

— וואָס פאַלט דיר איין? — האָט דער חזן מיר איבערגעשלאָגן די רייד — זיי האָבן אָפּט גערעדט פון דיר. איין קליינקייט, פלעגן זיי זאָגן, דער ביעלאס. באַלד דאַרפן זיי טאַקע קומען פון די „טעג” און דו וועסט זען ווי זיי וועלן דאָס זיין איבעררעאַשט, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז דאָס ביסטו דער ביעלאס און אַז דו וועסט פאַרבלייבן מיט אונדז.

ס'איז טאַקע געווען ווי דער חזן האָט געזאָגט: אַלע משוררים זיינען געווען אנגענעם איבערראַשט און צופרידן מיט מיין קומען און פאַרבלייבן. אָבער איידער איך וועל דערציילן וואָס ווייטער איז געשען — ווילן מיר זיך פריער באַקענען מיט דעם שטעטל ל.



ל. איז אַ שטעטל אין פוילן, ווי דאָס רוב שטעטלעך אַמאָליקע יאָרן: אַ פיר-עקיקער, ניט-ברוקירטער מארק-פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט קראָמען, ביי וועלכע עס שטייען אָדער זיצן אידישע קרעמער און קרעמערקעס און קוקן זיך אוים די אויגן אויף אַ קונה. אויבן-אָן מאַרק שטייט דער פוילישער קאָשטשאָל (קירכע), אַזאַ ברייט-גראָב-בייכיקער מיט אַ לאַנגען, לאַנגען האַלדז-טורם, פאַרריסן אַרויף, אַרויף . . . גאָר אויבן, אויפן שפּיץ, זיצט אַ קליין צלם-קעפּל, פאַר וועלכן יידן שרעקן זיך אין די גויאישע חגא-טעג . . .

פון מאַרק-פּלאַץ שניידן זיך אַרוים עטלעכע געסלעך: די שול-גאַס, די קצבים-גאַס, די איזשביצער גאַס און דאָס בית-עולם געסל. עס קאָן זיין, אַז די געסלעך האָבן אין אמת'ן געטראָגן אַנדערע נעמען, וואָס דער פּאָטשטאַליאָן האָט אפשר געוואוסט. אָבער ווועמען איז עס אָנגעגאַנגען? פּונקט ווי עס איז קיינעם ניט אָנגעגאַנגען וואָס יידן האָבן געטראָגן פאַמיליען-נעמען — נאָ פשיקלאַד: איטשע-פייגע-מירלס, איז געווען פאַרשריבן ביי פּאַניען „קראַוויעץ”, ווייל זיין זיידע איז געווען אַ שניידער. אבא-מענדל-פייוועליכעס, איז געווען פאַרשריבן „בייגעלמאַן”, ווייל זיין זיידע איז געווען אַ בייגל-בעקער. חיים-שיע-הערש-דוד-לייזערס, קריגט פּאָוויעסטקעס” אויפן נאָמען „קראַמאַרזש”, ווייל פון דור-דורות זיינען זיי געווען קרעמער.

האָבן יידן זעלטן געוואוסט זייערע פאַמיליען-נעמען, אויסער ווען אַ זון האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום לאָס (פּריזיוו), אָדער ווען דער סטראַזשניק (גאַראָדאָוואָי) האָט געמוזט מאַכן אַ פּראָטאָקאָל פאַר ניט האַלטן ריין . . . אפילו דער שבת-גוי, ווען ער פלעגט קומען אַראָפּנעמען די לייכטער און האָט געקראָגן אַ שטיק חלה, האָט געזאָגט: „דזשענקויע פּאַני בערעליכע”.

האָבן יידן פאַרמאָגט זייער אייגנס אַ שול, אַ בית-מדרש, אַ גערער שטיבל, אַ סאָכאַטשאָווער שטיבל, אַ מרחץ, להבדיל — און אַ בית-הקברות.

האָבן יידן געצויגן חיונה: ווער פון אַ קרעמל און ווער פון פּאַרן אויף יאַרידים; ווער פון מעקלעריי מיט די אַרומיקע פּריצים און ווער פון מלמדות און שדכנות; ווער פון מלאכה און ווער פון גיין איבער דערפער פּאַרריכטן אַלטע בגדים; ווער פון גיין איבער די הייזער, און יונגע־לייטלעך פון עסן קעסט ביי שווער און שוויגער.

האָבן יידן געלעבט צופרידן, געהאָפט אויף בעסערס און געדאַנקט דעם בורא דערפאַר. מיט איין זאַך האָבן יידן פון ל. שטאַלצירט אַנט־קעגן אַנדערע שטעט: מיט זייער לעבן אין אחדות און שלום ושלווה — און דאָס האָבן זיי גאַר אַ סך געהאַט צו פאַרדאַנקען זייערע כלי־קודש, ניט ווי אין אַנדערע שטעט, וואו עס זיינען געווען שטענדיקע מחלוקות און יידן זיינען זיך געווען ממש שונאים צוליב אַ רב אָדער אַ חזן.

האָבן טאַקע דערפאַר דער רב, דער חזן און די דריי שמשים קיין דחקות ניט געליטן ביי זייערע באַלעבאַטים. אמת, די כלי־קודש האָבן געקראַגן זייער קליינע שכירות, דערפאַר האָט מען זיי יעדן שבת גע־שיקט קוגל, פּורים — שלח־מנות, אויף פּסח — מצה מיט וויין, ערב יום־כיפּור — האָט מען פאַר זיי געשטעלט אַ קערה אין שול. היינט חנוכה־געלט, אתרוג־געלט און נדרים צו אַן אויסרופן. צו אַ שמחה אָדער חלילה צו אַ לוויה — האָבן זיי אויך ניט דערלייגט. קהל האָט זייערע כלי־קודש ניט פאַרגעסן.

דערצו האָט מען זיי צוגעטיילט כבוד: ביי יעדן ברית איז דער רב געווען סנדק, דער חזן האָט אויסגעזונגען די ברכות, דער אויבער־שמש האָט מל געווען און דער אונטער־שמש איז געווען בעל־מציצה; ביי יעדער חתונה איז דער רב געווען מסדר קדושין, דער חזן האָט מיט זיינע העלפער געזונגען „מי אדיר" און געזאָגט די שבע־ברכות, דער אויבער־שמש האָט געלייענט די כתובה און דער אונטער־שמש האָט געגעבן דעם חתן צו צעטרעטן דאָס גלעזל און אויסגעשריען: מזל טוב! מזל טוב!! דער חברה־קדישה־שמש, וועלכער איז אויך געווען קברות־מאַן, האָט זיך אויך געהאַט זיינע כיבודים, וואָס קיינער איז ניט געווען להוט נאָך זיי און אַלע האָבן אים גערופן: „מען זאָל אים ניט באַדאַרפן" . . .

און נישט אומזיסט: דער רב, דער חזן און די שמשים זיינען געווען למדנים און ערלעכע יידן. געזעסן יומם ולילה און געלערנט. האָבן אַלע יידן זיי געאַכט און געשעצט, יעדן נאָך זיין שטאַנד. נאָר מער פון אַלעמען האָט מען אָפּגעגעבן כבוד דעם חזן — ר' הערש

דוד'ן. און וואָס איז דער וואונדער — ר' הערש דוד איז געווען אַ למדן גדול און אַ תלמיד חכם, אַ ירא שמים און אַ הדרת פנים דערצו. ווי פלעגן אידן זאָגן: די שכינה רוט אויף אים. מ'האָט אפילו גע־שמועסט, אַז דאָס וואָס דער רב פאַרבערענגט אַזוי אָפט מיט ר' הערש דוד'ן, איז ער זיך דאָס מיישב מיט אים אין שווערע הלכות און שאלות תשובות.

האָבן זיך טאַקע אַלע אין שטעטל צוגעהערט צו ר' הערש דוד'ס וואָרט און יעדע טאַטע־מאַמע האָבן זיך געוואונטשן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיין געראָטן אין ר' הערש דוד'ן. איז חלילה אַראָפּ ביי ווּעמען אַ קינד פון דרך הישר — איז מען געלאָפן צום חזן נאָך אַן עצה. האָט מען געדאַרפט אַ שידוך טאָן — איז מען געגאַנגען צו ר' הערש דוד'ן זיך אַן עצה האַלטן און דערנאָך צוגעשיקט שדכנות־געלט. אויסער מיט אַ שאלה וועגן כשר און טריף, וואָס מען האָט געמוזט גיין צום רב — איז מען מיט אַלע שאלות און טענות געקומען צו ר' הערש דוד חזן. דער רב אַליין האָט אַמאָל געזאָגט: אַזעלכע יידן ווי ר' הערש דוד ווערן געבוירן איין מאָל אפשר אין אַ דור. ווען מיר וואָלטן פאַרמאָגט אַ סך אַזעלכע יידן, וואָלט שוין לאַנג משיח געקומען.

אָט צו דעם חזן, אין דעם שטעטל, בין איך עס אָנגעקומען אויף מיין נייער שטעלע אַלס כאָר־פירער.

## איך נעם איבער די קאָמאַנדע

דעם ערשטן אָוונט, גלייך נאָך מעריב, האָבן אַלע משוררים אָפּ־געגעסן אויף גיך זייערע וועטשערעס, אויף זייערע „טעג", און זיך צוזאַמענגעקליבן ביים חזן אין הויז צו האַלטן זייער ערשטע פּראָבע מיט זייער נייעם דיריגענט, דאָס הייסט מיט מיר. אַזוי ווי דער חזן האָט געלאָזט וויסן, אַז ער וועט קומען שפּעטער און מען זאָל אויף אים וואַרטן מיט פּראָבע, ווייל ער וויל זיין דערביי — האָבן די משוררים זיך דערווייל פאַרנומען מיט פאַרשיידענע טועכצן: דוד סטאַטיק און מענדל כריפּ — האָבן מיט קרייד אויסגעצייכנט קעסטעלעך אויפן ווייס־הילצערנעם קיך־טיש און געשפּילט ציג און וואָלף; פּייוול קרייער און שמערל ציקל־זיך — האָבן געצויגען גאַמעס און זיך פאַרמאָסטן ווער ס'וועט קענען דערגרייכן אַזש צו דער „אויבערער צע" און זיך

ניט איבעררייסן דערביי; שימעלע טאָק — איז געשטאַנען ביים ברע־
גענדיקן קוילן־אויוון און אָנגעגליט אַ גראָבן טשוואַק אויף רויט, מיט
וועלכן ער האָט אויסגעברענט לעכלעך אין הילצערנע קלעצעלעך,
מאַכנדיק אַ דאָמינאָ; חברה קליינוואַרג ווידער — האָבן געשפּילט
גראַד און אום מיט באַניע־קערעלעך (סעמעטשקעס) און קולות האָבן
זיך געטראָגן פון אַלע זייטן, אַז מ'האָט געקענט דול ווערן.

אין אַ צייט אַרום האָב איך אויסגעפונען פאַרוואָס מ'האָט די
משוררים גערופן מיט אַזעלכע מאָדנע צונעמענישן ווי: סטאַטיק,
כריפּ, קרייער, ציקל־זיך און טאָק. למשל: דוד האָט געהייסן סטאַטיק,
ווייל אין אַלץ האָט ער געזוכט אַ תכלית. ווען אַלע האָבן געשפּילט
קוויטלעך אָדער קאָרטן, האָט ער געוואָלט שפּילן ציג און וואָלף.
ווייל צו קאָרטן, האָט ער געזאָגט, דאַרף מען בלויז מזל, אָבער אין
ציג און וואָלף מוז מען האָבן אַ קאָפּ, ניט בלויז אַ קאָפּ, נאָר טאַקע
שכל. ווען משוררים האָבן צווישן זיך דערציילט וויצן, פּעפּערדיקע
וויצן, האָט ער געקאָנט געבן אַ פרעג: מאי קא משמע לן? וואָס
לאָזט דער וויץ מיך הערן? ער האָט געקליבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן
און געשטאַנען אין שידוכים. אַ סטאַטיק, איז דאָך ניט שייך...

מענדלען האָט מען גערופן כריפּ. כאָטש אַ קול האָט ער דווקא
געהאַט אַ שיינס, אַ לירישע טענאָר־שטימע, נאָר אין מיטן זינגען
אַ סאָלאָ פלעגט זיך הערן אַ כריפּ... און מאָדנע, דער כריפּ האָט
ניט געראַזשעט, נאָר פאַרקערט, געגעבן אַ צופּ אונטערן לעפּעלע,
אַרויסגערופן אַ טרער. זיין שטים פלעגט זיך טראָגן ווי אַ פידעלע.
נאָר ביי די גאָר הויכע טענער — האָט זיך פּלוצום דורכגעריסן
אַ כריפּ, אַזאַ מין קרעכץ, וואָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן
אַן אוי!...

פייוולען האָט מען גערופן קרייער, ווייל זינגענדיק אין כאָר
האָט ער ממש געקרייעט ווי אַ האָן. ביים ציען פון אַ הויכן טאָן
פלעגט ער פאַרענדיקן מיט אַ שלשלת... אַזאַ קרייעלע. איי, פאַר־
וואָס האָט אים דער חזן געהאַלטן? פאַרוואָס האַלט זיך אַ מאַן מיט
אַ קראַנקער פרוי, מיט וועלכער ער האָט געלעבט גליקלעך אַזוי פיל
יאָרן? ווייל פייוול האָט געטריי געדינט ביי ר' הערש דוד'ן, ווער
געדענקט שוין וויפיל יאָרן. דער עלטסטער משורר. אַמאָל, זאָגט מען,
איז ער געווען אַ וואַזשנע כלי, נאָר ער איז, נישט היינט געדאַכט,
געכאַפּט געוואָרן פון אַ שווערן טיפוס, איז פון דאַמאָלסט אָן איז די

שטימע ביי אים אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן און ס'איז אים פאַרבליבן דאָס קרייעלע. דערצו איז ער דער איינציקער באַווייבטער און דער שווער זיינער איז עם דער קברות־מאַן „מען זאָל אים נישט באַדאַרפן" . . .

איר פאַרשטייט דאָך שוין אַליין פאַרוואָס מען האָט שמערלען גערופן ציקל־זיך. — פּשוט, ווייל ער ציקלט זיך. נישט בלויז ווען ער זינגט, נאָר אפילו ווען ער רעדט. די שטימע ציטערט ביי אים ווי אַ פּעטשאַ . . . קאָן נישט איינשטיין אויף איין אָרט. ער דאַרף חלילה נישט קלאַפּן מיטן פינגער איבער גאָרגל־קנאָפּ — ווי אַנדערע משוררים — ביי אים ציטערט עס אַליין, די שטימע הייסט עס. אַז די משוררים ווילן זיך רייצן מיט אים, זאָגן זיי: שמערל, וואַלגער אַביסל קליסקעלעך מיט דיין קוועטשער (שטים). און ער ענטפערט זיי: עס קרענקט ענק, וואָס עץ קענט נישט טרילערן ווי אַ קאַנאַריק . . .

שימעלען האָט מען גערופן טאָק, ווייל ער האָט געהאַלטן אין איין שניצן און טאָקן. דערצו האָט אַלץ געמוזט זיין ביי אים אָפּגעטאָקט, אַקוראַט. זיינע שטיוועלעטן האָבן אַלע מאָל געפינקלט און אין די פאַלשע זוילן־שטעך איז קיינמאָל ניט געווען קיין שטויבעלע. אָסיען־צייט, ווען ביי אַלע משוררים זיינען די קאַפּאָטעס געווען דעקאָרירט מיט פאַרטרוקנטע בלאָטע־שפּריצן ביזן גאַרטל — האָט שימעלעס סאָקל (זומער־מאַנטל) שימערירט.

ווען שימעלע האָט גערעדט, זיינען זיינע ווערטער אַרויסגעקומען געטאָקט, יעדעס וואָרט באַזונדער, מיטן טראָפּ. און די הויפּטזאַך, האָט ער טאָקע ליב געהאַט צו שניצן און טאָקן. האָט ער זיך געהאַט אַ פאַרשלאָסן קעסטל מיט אַלערליי צאַצקעס, וואָס ער האָט אויסגעשניצט מיט זיין פּערלמוטערנעם מעסערל. די קינדער האָבן געקלעפּט אַרום שימעלען, ווייל זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז אויף חנוכה מאַכט ער זיי פורעמס צו גיסן דריידלעך; אויף פּורים — המן־קלאַפּערס; נאָך פּסח — קליפּעס (אַזעלכע פיר־קאַנטיקע קלעצלעך, מיט שפּיצן פוןביידע זייטן, אויף וועלכע מען קלאַפּט מיט אַ ברעטל, אַ שפּיל אַזאַ); שבועות־צייט — פישטשאָלקעס (אַזעלכענע פייפעלעך געמאַכט פון ווערבע אָדער פון אויסגעהוילטע צווייגן); אויף ל"ג בעומר — פייל און בויגנס, און אויף תשעה־באב — הילצערנע שווערד־

לעך. אפילו די גרויסע משוררים האָבן זיך גע'חנפ'עט צו שימעלען, ער זאָל זיי אויסשניצן אַ מנורה אָדער טינט-האַלטער. און שימעלע האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט, ניט מחמת זיין גוטסקייט אַליין, נאָר ער האָט פשוט גרויס הנאה געהאַט פון זיין אַרבעט. ער איז געווען צופרידן, ווען מ'האָט אים געבעטן עפּעס מאַכן. דערפאַר האָבן אים אַלע ליב געהאַט. אפילו דוד סטאַטיק פלעגט זאָגן וועגן שימעלען: איך וואָלט פאַר אים קיין זאַך באָרשט נישט אַוועקגעגעבן. ער וועט שוין זיין אַ לייט.

בלויז איין משורר האָט מען ניט גערופן מיט קיין צונאָמען — דאָס איז געווען עזריאל דעם באַס. כאָטש הינטער די אויגן האָט מען אים גערופן „זרילקע משומד". נאָר ווען ער איז געווען דערביי — האָט קיינער ניט געוואַגט. אַלע האָבן געציטערט פאַר אים אימת מות. ער איז געווען געזונט ווי אַ ריז, מיט אַ פּאָר אייזערנע הענט און האָט געקענט דערלאַנגען פאַר אַזאַ זאַך. האָט ער אימיצן געגעבן אַ פּאַטש, האָט שוין אויף יענעם אָרט קיין האָר ניט געקענט וואַקסן. און וואָס איז דער וואונדער? — זרילקע פלעגט פרעסן פאַר צען און שטענדיק אַרומגיין הונגעריק, כאָטש אויפן אויסזען איז ער דווקא געווען דאַר — אָבער אַ קנאָכיקער יונג. ווי פלעגט פייוול כריפּ זאָגן: „זרילקע, דו האָסט אַ לייבן-ביין". די חזנ'טע האָט אים שטענדיק געדאַרפט היטן, ווייל ער פלעגט שלעפּן פון די טעפּ און נאַשן פון די סלויעס. איינמאָל האָט ער אַריינגערוקט די האַנט אין אַ קאָכעדי-קער יויך און געוואָלט אַרויסשלעפּן אַ פערטל עוף, האָט ער זיך אַזוי אָפּגעבריט, אַז עס האָט געהאַלטן דערביי, מען זאָל אים דאַרפן די האַנט אַרונטערנעמען. נאָר אַ דאַנק זיין גבורה האָט ער זיך אַרויס-געדרייט און — שלעפּט ווייטער פון די טעפּ. ער האָט אַ פּאָר מאָל אין וואָך געהאַט צו צוויי „טעג" אַ טאָג. ער גייט פון איין „טאָג"-עסן אַרויס און צום צווייטן אַריין. דער חזן האָט אָבער אַלץ פאַר ליב גע-נומען פון אים, ווייל ער האָט פאַרמאָגט אַ לייבן-שטימע. אַז ער האָט גענומען אַ „קאָנטרע צע" — האָבן די שויבן געציטערט.

איצט, ליבער לעזער, ווען מיר האָבן אייך באַקענט מיט דעם שטעטל ל., מיט מיין נייעם חזן און מיט אַלע משוררים, ווען מיר זיך אומקערן צום אָונט, ווען מיר האָבן געוואַרט אויפן חזן און... אָט עפנט זיך די טיר און דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון ר' הערש דוד'ן באַווייזט זיך.

אַלע משוררים וואַרפֿן אויף גיך אַוועק זייערע אַרבעטן און שפּי־
לערייען. דער חזן בעט די משוררים אַריינגיין אין דער מיטל־שטוב
און זיך זעצן צו פֿראַבע.

ווען אַלע משוררים זיצן שוין אַרום דעם לאַנגען טיש איבער די
נאָטן־ביכלעך, שטעלט זיך דער חזן אַוועק אויבן־אָן, גיט אַ לייכטן
קלאַפּ אין טיש און רעדט אַזוי צו זאָגן:

„רבותי, הערט מיך אוים מיט קאָפּ. איך וויל אייך מודיע זיין,
אַז פֿון היינט אָן און ווייטער, בלי נדר, וועט שלמה מעכל, אָדער ווי
ער איז באַקאַנט צו אַלעמען, דער ביעלאַס, — זיין אייער דיריגענט,
אייער קאַפּעלמייסטער. עס איז אמת, אַז ער איז נאָך גאָר אַ יונגער
מאַן, אָבער גאָט האָט אים באַשאָנקען מיט חריפות און חכמת ה׳מוזיק.
וואָס ניט יעדער איינער איז זוכה דערצו. איר האָט דאָך געלערנט
חומש און געדענקט דאָך ווי יוסף הצדיק איז געוואָרן שני למלך ביים
קעניג פּרעה אין מצרים, כאָטש ער איז געווען אַזוי פיל יונגער פֿון
זיינע ברידער . . . איך קען אייך אַלעמען און ווייס, אַז איר זייט
וואוילע בחורים, און איך האָב מיט שלמה מעכלען געהאַט אַ לענגערן
שמועס און געקומען צו דער מסקנה, אַז ער איז מסוגל צו זיין
אַ לערער, אַ דיריגענט, און די הויפּטזאַך: אַ גוטער חבר. האָב איך
דערפֿאַר גרויס בטחון, אַז איר אַלע צוזאַמען וועט לעבן צווישן זיך
בשלום ושלווה און חלילה ניט קריגן זיך.״

בשעת דער חזן האָט גערעדט, האָט מיין האַרץ געקלאַפּט ווי
מיט האַמערס, דאָס פּנים האָט געברענט און איך האָב אין גאַנצן
געציטערט. אמת, אַז איך האָב אַלע מיינע קינדער־יאָרן גע׳חלום׳ט
צו ווערן אַ דיריגענט. אין קוטנע פֿלעג איך אָפֿטמאָל גיין איינער
אַליין צו דער וואַרשעווער באַן, וואו איך האָב געדאַרפֿט דורכגיין
דריי לאַנגע אַלייען און אַזוי גייענדיק מאַכן מיט די הענט, דיריגירן
די שווערסטע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב געדענקט אויף אויסנ־
ווייניק. כמעט יעדע נאַכט אויפֿן געלעגער פֿלעג איך פֿאַרמאַכן די
אויגן און דערזען פֿאַר זיך אַ גרויסן כאָר, פֿאַר וועלכן איך בין גע־
שטאַנען און דיריגירט, אָנגעוויזן יעדע פּאַרטיע ווען אָנצוהייבן און
וואו צו שווייגן, וואו שטיל און שטאַרק צו זינגען — אַזוי פֿלעג איך
אָפּליגן שטונדן וואַך מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און אויסגעוועבט אין
געדאַנק אפילו אייגענע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב פֿאַרגעזונגען
פֿאַר די זינגער און אַלע האָבן געשעפּט התפּעלות. דאָס זיינען דאָך

אָבער אַלץ געווען פֿאַנטאַזיעס, חלומות. און איצט — איצט שטיי איך פּנים אל פּנים מיט אַן אמת'ן, לעבעדיקן כאָר. — גאָט! — האָב איך געבעטן אין האַרצן בשעת דער חזן האָט גערעדט — גיב מיר כּוח און קוראַזש אויסצוהאַלטן די ערשטע פּראָווו, איך זאָל חלילה נישט געשטרויכלט ווערן . . .

ווען דער חזן האָט געענדיקט רעדן צו די משוררים, האָט ער זיך געווענדט צו מיר: „שלמה מעכל, זאָל זיין אין אַ מזל'דיקער שעה! איך זע, אַז די משוררים זיינען צופֿרידן און דו מסתמא אויך. אַזוי ווי דעם שבת וואָס קומט איז שבת מבורכים, וועסטו מאָרגן, בלי נדר, מאַכן די התחלה און איינזינגען וויינטרויבס נייעם יהי רצון און דונאַיעווסקים צווייטע קדושה. היינט איז שוין צו שפּעט . . ."

— זייט מוחל, ר' הערש דוד, — האָט זרילקע זיך געווענדט צום חזן — אַז אייער רצון איז אַזוי, זיינען מיר אוודאי צופֿרידן, אַז שלמה מעכל זאָל זיין אונדזער פֿירער. מיר ווילן אָבער בעטן, אַז איר זאָלט אונדז דערלויבן צו רופֿן שלמה מעכלען — ביעלאָס. עפּעס איז שלמה מעכל אַ צו-באַיאָרנטער נאָמען פֿאַר אַזאַ יונגעמאַן. מיר וועלן זיך מיט אים פֿילן היימישער, חבר'ישער, ווען מיר וועלן אים רופֿן ביעלאָס.

— וואָס זאָגסטו, שלמה מעכל? — האָט דער חזן ביי מיר געפֿרעגט.

— אדרבא ואדרבא, — האָב איך געענטפֿערט — אַזוי האָבן מיך אַלע ביז איצט גערופֿן.

זרילקען איז געפֿעלן געוואָרן מיין ענטפֿער און ער האָט גענומען פֿאַר מיר פֿאָרשטעלן די משוררים איינעם נאָכן אַנדערן, אָנווייזנדיק מיט די פֿינגער: דוד סטאַטיק, מענדל כריפּ, פּייוול קרייער, שמערל ציקל-זיך, שימעלע טאַק און די אַלע קליינע שמענדעריקעס . . .

— און זרילקע משומד! — האָט איינער פֿון די שמענדעריקעס אויסגעשריען אויף זיין אַלטל און אויף גיך אַרונטערגעקראָכן אונטערן טיש. זרילקע איז דווקא נישט אין כעס געוואָרן און זיך ברייט צעשמייכלט.

דער חזן, אַ צופֿרידענער, האָט געהייסן דערלאַנגען טיי מיט צובייסן. אַלע האָבן געטרונקען און זיך דערציילט וויציקע מעשה'לעך. אין אַ פֿריילעכער שטימונג, האָט מען געמאַכט די געלעגערס און זיך געלייגט שלאָפֿן, צו צוויי און דריי, אויף שטרוי-שעניקעס אין קיך אויף דער ערד. דוד סטאַטיק און מענדל כריפּ — אין דער שלאָף-

באַנק, און איך — אין אַן אויפשטעל־בעטל מיט אַ קליין ייִנגעלע, חיים׳ל פּיסטל . . .

האָב איך פרום אָפּגעלייענט קריעת־שמע און זיך געלייגט שלאָפן. אָבער ווי אַזוי קאָן איך שלאָפן, אַז מאָרגן איז מיין יום הדין, מאָרגן דאַרף איך מאַכן מיין ערשטע פּראָבע אַלס דיריגענט. דערצו דאַרף איך נאָך איינזינגען אַזעלכע שווערע זאַכן ווי וויינטרויבס יהי רצון און דונאַיעווסקים צווייטע קדושה. אמת, אַז איך געדענק אַלע פּאַר־טיעס פון ביידע קאָמפּאָזיציעס אויסנווייניק. איך האָב זיי אַ סך מאָל געזונגען ביים קוטנער חזן. אָבער קענען זינגען אַליין, מיינט דאָך נאָך ניט, אַז מ׳קען יענעם איבערגעבן, יענעם אויסלערנען. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר מיר פלעגט טאַקע ניט געפעלן ווי אַזוי מ׳האָט די זאַכן געזונגען ביים קוטנער חזן. איך האָב אַלע מאָל געטראַכט, אַז ווען איך וועל אַמאָל ווערן דיריגענט, וועל איך אַנדערש איינזינגען, אַנדערש פאַרטיימשן.

איך געדענקט ווי מיין טאַטע, ע״ה, פלעגט זאָגן צו זיינע משוררים: עס איז נישט אַזוי וואָס מ׳זינגט — נאָר ווי אַזוי מ׳זינגט. דער שענסטער ניגון קאָן ווערן מיאוס און אַ מיאוסער ניגון קאָן אפילו ווערן שיין, ווען מ׳ווייס אים נאָר ווי צו זינגען. דאָס ווילנער באַלע־בעסל האָט געקאָנט רירן צו טרערן זאָגנדיק די איינפאַכסטע תפילה, ווען ער האָט געוואָלט.

איך דערמאָן זיך אויך, ווי איינמאָל האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים קוטנער חזן אַ זינגער, וועלכער איז געקומען פון וואַרשע, האָט ער דערציילט: „אַז אין דער טלאָמאַצקער שול אין וואַרשע איז אָנגע־קומען אַ דיריגענט פון ווילנע, באַווייזט ער ממש וואונדער. ער זעצט אַריין אַ נשמה, מאַכט לעבעדיק יעדע קאָמפּאָזיציע. נאָטן זיינען נישט מער ווי טויטע בוכשטאַבן און דער דיריגענט דאַרף אין זיי אַריינזעצן אַ רוח חיים. אַ דיריגענט, — האָט ער ווייטער גע־רעדט — איז נישט בלויז דער, וואָס מאַכט מיט די הענט, נאָר אַזעל־כער, וואָס קאָן אַרויסקריגן פון די זינגערס העלדזער אַלץ וואָס ער וויל. ער פאַר׳כישופ׳ט די זינגער אַזוי, אַז זיי מוזן טאָן זיין ווילן. אָבער דער דיריגענט דאַרף וויסן וואָס ער וויל. ער דאַרף וויסן וואו צו זינגען פאָרטאַ (שטאַרק) און וואו פּיאַנאָ (שוואַך); וואו אַלעגראָ (שנעל) און וואו אַנדאַנטע (לאַנגזאַם). די הויפּטזאַך, דאַרף דער די־ריגענט זען, זיין מסוגל, דורך דעם געזאַנג אַרויסברענגען פרוש

המילות, דעם טייטש פון די ווערטער". — אַט די ווערטער פון יענעם דורכפאַרער האָבן זיך שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זכרון, און איצט, ליגנדיק אויפן געלעגער, נישט קענענדיק אַנטשלאָפן ווערן — האָב איך זיך דערמאָנט אָן יענעם יונגענמאַנס רייד.

עס דערמאָנט זיך מיר אויך, ווי איינמאָל האָב איך געלייענט אַ מעשה פון י. ל. פּרץ, „דער גלגול פון אַ ניגון", וואו עס דערציילט זיך, ווי איינער און זעלביקער ניגון איז מגולגל געוואָרן פון רבי'נס טיש צו אַ חברה אַקטיאָרן און פון די אַקטיאָרן — צו אַ כאַפּטע קונצן־מאַכער. אין יעדן אָרט האָט דער ניגון געקראָגן אַן אַנדער אויסטייטש, אַן אַנדער אינהאַלט — אַן אַנדער תיקון. אַ ניגון איז בלויז געווענדט ווער עס זינגט אים און ווי אַזוי מען זינגט אים.

עס הערט זיך אין הויז דאָס שלאָפן פון אַלע משוררים, נאָר איך איינער ליג וואַך און טראַכט פון מיין מאָרגנדיקן יום הדין. דערמאָנט זיך מיר, ווי איינמאָל האָט מיין טאַטע, ע"ה, מיך מיטגענומען צום רבינ'ס טיש. עס איז געווען אַ שבת פאַרנאַכט צו שלום סעודות, האָט מען געזונגען זמירות, דערנאָך האָט דער רבי געזאָגט תורה פאַרן עולם. ווען די זון האָט זיך גענומען זעצן און דורך די פענסטער האָט מען געזען ווי די ביימער פון אַנטקעגנדיקן סאַד האָבן זיך גע־טוקט אין רויט — האָט דער רבי געגעבן אַ באַפעל: שימעלע! צייט אַרויסצובאַגלייטן די מלכה שבת מיטן נייעם ניגון! . . . האָט שימעלע פאַרמאַכט די אויגן, פאַרלייגט די רעכטע האַנט צום אויער און אָנ־געהויבן זינגען. האָבן פּנימ'ער זיך צעשטראַלט, מיט אויגן אַרויף צום רבונו של עולם . . . און אַלע מיילער פון אַלע חסידים האָבן זיך גענומען באַוועגן, אונטערכאַפּן דעם ניגון און דאָס געזאַנג האָט זיך גענומען טראָגן הילכיקער און לעבעדיקער, וואָס ווייטער אַלץ מער התלהבות. האָט מען געזונגען און איבערגעזונגען דעם ניגון מיט אַזויפיל רעליגיעזן עקסטאַז און חסידישן ברען — ביז מ'איז אַרויס פון אונטערן טיש, פאַרלייגט הענט אויף אַקסל און זינגענדיק אַזוי זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ ריקוד'עלע. האָט מען געהיפּעט און געזונגען אַ שבח והודיה צו דעם וואָס לעבט אייביק. האָט מען ממש געפילט ווי די טענער פונם ניגון טראָגן זיך אַרויף, אַרויף און גרייכן אַזש דעם כסא הכבוד און מ'האָט ממש געזען און געהערט, ווי מלכים, שרפים ואופנים כאַפּן אונטער דעם ניגון און זינגען שירה פאַרן מלך מלכי המלכים . . .

און דעם זעלביקן ניגון, בין טומאה לטהרה, האָב איך געהערט שפּילן פריער אַ סאָלדאַטסקען אָרקעסטער, ווען מיליטער איז פאַרביי־געגנאַנגען אונדזער שטעטל אויף מאַנעוורעס. אָבער ווי אַנדערש דער זעלביקער ניגון האָט געקלונגען ביים רבינ׳ס טיש, ווי, להבדיל, ביי פאַניען. — אַך! — האָב איך געטראַכט, ווען די אויגן האָבן זיך מיר שוין געבומען קלעפּן שלאָפן — וואָס פון אַ ניגון קאָן ווערן?!... יאָ, אַ ניגון איז נישט אַזוי וואָס מ׳זינגט — נאָר ווי אַזוי מ׳זינגט... און בין ענדלעך איינגעשלאָפן...

⁂

מיט אַזעלכע געדאַנקען און לאַנגע ראַנגלענישן מיט זיך פאַר די גרויסע אחריות, וואָס איך נעם אויף זיך צו געבן אַן אמת׳ן תיקון די אַלע נגונים, וואָס ווען דאַרפן דורכגיין מיין השגחה — בין איך, דער ביעלאָס, צו פופצן יאָר געוואָרן אַ דיריגענט...

## בערל דראַנג און זרילקע משומד

אַזוי ווי אין באָר זיינען געוועזן זעקס סאָפּראַנאָס, פינף אַלטאָס, פיר טענאָרן און דער איינציקער באַס — זרילקע, וועלכער האָט גע־געסן פאַר צען און געזונגען פאַר דריי, איז געבליבן מ׳זאָל זען קריגן נאָך איין באַס. אַזוי ווי ס׳איז געוועזן קורץ פאַר ימים נוראים און ס׳איז שווער געוועזן צו קריגן אַ גוטן באַס־משורר, האָט זיך זרילקע דערמאָנט, אַז ביי אשר בעקער אַרבעט אַ געזעלן מיט אַ באַס־שטים ווי אַ בער.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז ער וועט קאָנען זיין אַ משורר? — האָב איך געפרעגט ביי זרילקען.

— דו ביסט דאָך אַליין געוועזן אַ משורר, — גיט מיר זרילקע גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ אויפן פּלייצע — טאַ הער־זשע און זיי בלאָט! כ׳מיין זאָלסט ניט סליכענען פאַר די יאָלדן (ניט אויסזאָגן קיינעם): ווייט אויף יענער זייט מיל וואוינט אַ גוי, וואָס האַלט אַ סאַד. ווי עס שטעלט זיך נאָר דער זומער, די פרוכטן הייבן אָן ווערן צייטיק און דער אַפּעטיט נאָך אַ נייער פּרי קיצלט אין צונג — וואַרטן מיר אָפּ יעדן שבת נאָך מיטאָג, ווען די יידן האָבן זיך אָנגעפרעסן מיט די פעטע טשאָלנטער און זיך צוגעלייגט שלאָפן אונטער די פוכענע פּע־

רענעס און זיי כראָפּען געשמאַק — לאָזן מיר זיך אַרויס, אַ פּאָר אייגענע פּענטעקעס, בלאַטע יינגען: איך, בערל בעקער־געזעלן, נוסעלע אָרטשיק און נאָך אַ פּאָר וואוילע יינגען — צו יענעס גוי, אויף יענער זייט מיל, פרעסן שינקע, קריכן אויף די ביימער, רייסן און פרעסן זיך אָן מיט אַזוי פיל פרוכטן וויפיל עס קאָן אין אונדז אַריין און פאַרטרינקען דערנאָך מיט עפּל־קוואַס. דאָס קומט אויס אַ צענער אַ שטיק. הייַנט זיינען דאָרט פאַראַן צוויי שיקסעס . . . אַזוי ווי בערל האָט געדינגט פּאָניען, קען ער אַ סך סאָלדאַטסקע לידער און די שיקסעס ווערן די כפרה נאָך אים, ווען ער זינגט זיי די לידער, דאַרפסטו שוין הערן, ביעלאַס, ווי בערל לאָזט אַרויס אַ קול: „הערי וואַנקאַ, וואַנקאַ!” . . . — פּאָלג מיך, ביעלאַס, — אַפּעלירט צו מיר זרילקע — נעם אים אַריין אין כאָר און דו וועסט קיין חרטה נישט האָבן. אָבער וועגן יענער מעשה, זיי בלאַט און „סליכע” ניט פּאָר קיינעם . . . — איך האָב געפאָלגט זרילקען, און בערלען אַריינגענומען אין כאָר, פאַרשטייט זיך, מיטן חזנ׳ס הסכמה.

גלייך ביי דער ערשטער פּראָבע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בערל האָט טאַקע אַ קול פון אַ בער, אַ פּערפּונדע־באַס — נאָר טויב ווי די וואַנט. ער טרעפט נישט קיין טאָן. אַז אַ משורר קאָן ניט כאַפּן דעם ריכטיקן טאָן, רופט מען אים „דראָנג”. פאַרשטייט זיך, אַז חברה האָבן אים באַלד אַ נאָמען געגעבן „בערל־דראָנג”.

וואָלט איך געדאַרפט רעדן מיטן חזן, מ׳זאָל בערלען אָפּזאָגן — נאָר כ׳האָב עס ניט געקענט טאָן זרילקען, וועלכער האָט מיך כמעט ווי אַריינגענומען אין זיין חברותה, מיט דער מעשה, וואָס ער האָט מיט דערציילט, און איך האָב געפילט, אַז איך וועל באַגיין אַ מין פאַרראַט קעגן זרילקען, מיט וועלכן איך האָב בשום אופן ניט געטאָרט זיך איינרייסן.

בין איך געפאַלן אויף אַן המצאה: רעדן מיט בערל דראָנג אויג אויף אויג; צוזאָגן אים, אַז איך וועל אים לערנען נאָטן לייענען און אים מאַכן פאַר אַן אמת׳ן באַס. אַזוי ווי ער האָט דערוויל אַ שטימפּיק אויער, וועל איך אים שטעלן ביים עמוד נעבן זיך. איז ווען דער חזן וועט זאָגן אַ „זאָגעכץ” און די משוררים דאַרפן געבען אַ „באַס” — זאָל ער דערלאַנגען מיט זיין בערן־שטים דעם ריכטיקן „באַס”. נאָר ווען דער כאָר וועט זינגען אַ קאָמפּאָזיציע, וועל איך אים געבן אַ שלעפּ פאַרן אַרבל — זאָל ער שווייגן.

האָב איך גערעדט מיט בערלען, אים געגעבן צו פאַרשטיין און ער איז איינגעגאַנגען, ווען איך וועל אים געבן אַ שלעפּ ביים אַרבל — זאָל ער שווייגן. אָפּגעזונגען סליחות — און עס האָט געאַרבעט. אָפּגעזונגען ראש־השנה — און עס האָט געאַרבעט. צו פּראָבעס האָט ער ניט געדאַרפט קומען, ווייל זיין „באם״ האָט ער געקענט דערלאַנגען אָן אַ פּראָבע. נאָר צו כל נדרי האָבן מיר געזונגען דעם באַרימטן „כי הנה כחומר״, וואו די באַסן זינגען דעם „לברית הבט״, מיט אַ פּאָפּולערער סאָלדאַטסקער מעלאָדיע. מיר שטייען ביים עמוד כל־נדרי־נאַכט. עס קומט צו „יעלה׳ס״, איך גיב בערלען אַ שלעפּ — דער כאָר זינגט און ער שווייגט; „סלח נא׳ס״ — דער כאָר זינגט און ער שווייגט; „אמנם כן״ — אַ שלעפּ און ער שווייגט; „כי הנה כחומר״ — אַ שלעפּ און ער שווייגט, ביז מיר קומען צום „לברית הבט״, ווען ער דערהערט זרילקען זינגען אַ באַקאַנטן סאָלדאַטסקען „פּריפּיעוו״, נאָר מיט אַנדערע ווערטער. און מיין בערל דראָנג גיט זיך אַ צעזינג פאַ סאָלדאַטסקאָמו: „העי וואַנקאַ — וואַנקאַ״ . . . איך שלעפּ אים ביים אַרבל און ער, ווי אַ צעווילדעוועט פערד, האָט זיך צעלאָזן מיט אַ פייף! . . . איך קאָן אים ניט האַמעווען. איך נעם שרייען צו זרילקען: ראַטעווע, שטעל אים אָפּ! ער מאַכט מיך אומגליקלעך!! האָט זרילקע ניט געטראַכט קיין סך און דערלאַנגט בערלען אַזאַ פּלאַסק איבערן פּיסק, אַז דער דראָנג האָט זיך באַגאָסן מיט רויטע יויך און איז פאַרשטומט געוואָרן . . . איר קאָנט זיך שוין אַליין פאַרשטעלן וואָס עס איז פאָרגעקומען אין שול נאָכדעם . . .

אַזוי ווי דער חזן האָט יום־כפור ניט גערעדט קיין דברי חול, האָבן מיר וועגן דער גאַנצער פּאַסירונג ניט גערעדט. נאָר בערל דראָנג איז שוין אויף מאָרגן אין שול ניט געקומען און במילא ביים עמוד ניט געווען.

## ער האָט די קאַטשקע ניט געגעסן

ר׳ הערש דוד׳ס ווייב, די חזנ׳טע, איז געווען פּונקט דער היפּך פון איר מאַן, דעם חזן. ער: אַ ייד — אַ ברכה צו מאַכן איבער אים. אַ הויכער, אַ שיינער, מיט אַ פּאָר ליכטיקע אויגן און אַ ליבן שמייכל. אַז ער האָט גערעדט — האָט ער געוואויגן און געמאָסטן יעדעס וואָרט.

געווען די ערלעבקייט אַליין און געלויבט יעדן איינעם. זי: אַ קליינע, אַ דאַרע, מיט אַ פאַרזויערט פּנים, אַ פּאָר פאַרזשמורעטע אייגעלעך, צוויי דין-בלויע ליפּעלעך, דורך וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט עט־לעכע געל-אויסגעטשירבעטע ציינער. ועל כולם — האָט זי פאַרמאָגט אַ פּיסקל אויף שרויפן, וואָס האָט געמאָלן ווי אַ מיל און נישט גע־גלויבט קיינעם פון דאַנען אַהין. פּונקט ווי אַ פרומער ייִד מוז יעדן טאָג דאַווענען, אַזוי האָט זי געמוזט יעדן טאָג אויסבייטלען אַ פּעקל קללות. און די קללות — אַזעלכע אויסטערלישע, אַז זיי האָבן געמעגט אַריין אין אַלע וויסטע וועלדער.

געוווען איז עס יום-כיפּור, דער טאָג פון פאַרגעבונג, ווען אַלע ייִדן, גרויס און קליין, פאַסטן און פייניקן זיך. קיינער איז דעם טאָג נישט אין דערהיים. ווער אין שול, ווער אין בית-מדרש און ווער אין אַ קלויז, וואו מען דאַוונט און מ׳בעט זיך אויס אַ גוט, גליקלעך יאָר.

דעם חזנ׳ס הויז איז געשטאַנען נישט ווייט פון דער שול, וואו דער חזן האָט געדאַוונט. פון צייט צו צייט פלעגט די חזנ׳טע זיך אַריינכאַפּן אין הויז זען, צי אַלץ איז אין אָרדנונג, צי מ׳האָט חלילה נישט באַ׳גנב׳עט.

דער טאָג איז אַ וואַרעמער, די שול איז געפּראָפּט מיט דאַוונער, די היץ איז גרויס און דער צעשמאָלצענער חלב פון די ברענענדיקע ליכט מאַכט אַזוי שווער די לופט, אַז עס איז אוממעגלעך צו אָטע־מען — דער טעניק איז אַ שווערער. דער חזן מיט די משוררים האָבן אָוועקגעלייגט אַ שטאַרקן מוסף. ווי זינגט מאָרים ראָזנפעלד:

„יום-כיפּור צו מנחה, דער אומעט איז גרויס.
די ריינע נשמה-ליכט גייען שוין אויס.
דער עולם איז מיד און פאַר׳חלש׳ט און בלאַס.
דער חזן איז הייזעריק, שוואַך איז דער באַס.״

יאָ, דער באַס זרילקע, דער ריז, איז שוואַך. שוואַך פון הונגער. ער פילט, אַז ער וועט עס ניט אַריבערטראָגן. ער וועט ניט קענען זינגען צו נעילה. עס פייניקט אים דער הונגער. גלייך נאָך מנחה, ווען מ׳האָט זיך געשטעלט לייענען, האָט זרילקע זיך אַרויסגעכאַפּט פון שול, אַוועק צום חזנ׳ס שטוב, אָפּגעטשאַטעוועט די חזנ׳טע, וועלכע איז געווען אין הויז זען צי אַלץ איז אין אָרדנונג. אַזוי שנעל ווי די חזנ׳טע איז אַרויס פון טיר, איז זרילקע אַריין דורכן קיך-פענסטער, וועלכעס גייט אַרויס צום פעלד. האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער חזנ׳טעס

כפרה, אַ געבראָטענע קאַטשקע און — מער ווי ביינער האָט ער ניט איבערגעלאָזן . . .

ווען דער חזן מיט די משוררים האָבן זיך געשטעלט צו נעילה, האָט זרילקע אויסגעצויגן דאָס פּנים און געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי די נשמה ליגט אים אויפן שפּיץ נאָז און געקרעכצט: „אַ שווערער תענית" . . . די משוררים האָבן אים געענטפערט מיט הענט און אויגן באַוועגונגען: ניש קשה, מעגסט כאַטש איין מאָל אין יאָר פילן דעם טעם פון הונגער . . .

אָפּגעדאַוונט נעילה, געבלאָזן שופר, געזאָגט לשנה הבאה, אויף גיך אָפּגעכאַפּט מעריב און דער עולם איז אַוועק אַהיים איבערבייסן נאָך דעם לאַנגען, שווערן תענית.

דער חזן, די חזנ'טע און די משוררים זיינען אַריין אין שטוב. די מאַנסבילן האָבן זיך געזעצט צום טיש און די חזנ'טע איז אַריין אין קיך. פּלוצלונג דערהערט מען אַ קוויטש פון דער חזנ'טע, באַגלייט פון אַ שטראָם קללות, אַריינלויפנדיק צו די מאַנסבילן: „אַ בראָך! אַ שלאַק! די קאַטשקע איז נישטאָ. זרילקע משומד'ס אַרבעט. פאַר־וואָר זאָל זיך אים שטעלן אַ מכה אין האַלדז . . ."

— שרה . . . שרה, — בעט זיך דער חזן — אויפן נייעם יאָר. וואָס הייסט עזריאל וועט עסן אום יום־כיפּור? . . .

— פאַרוואָר זאָל אים אַזוי עסן ווערים, — קוויטשעט די חזנ'טע — ווי ער האָט אויפגעפרעסן די קאַטשקע . . . נאָך קיין צוויי שעה נישטאָ ווי איך בין געווען אין שטוב און די קאַטשקע איז געווען אַ גאַנצע. אַז פאַרוואָר . . .

זי האָט אַזוי שנעל געמאָלן און זיך אַזוי אָנגעצונדן, אַז אַ קללה איז איר געבליבן שטעקן אין האַלדז און זי האָט זיך שטאַרק פאַר־הוסט. דער חזן האָט דערווייל אויסגענוצט די געלעגנהייט און גע־פרעגט עזריאל'ן: „האָסטו אויפגעגעסן די קאַטשקע?" — פאַרשטייט זיך, אַז עזריאל האָט געענטפערט — ניין!

דאָ איז דער פרומער הערש דוד געפאַלן אויף אַ המצאה. ער האָט זיך געווענדט צו זיין אידענע און גענומען „סליעדעווען":

— שרה, דו זאָגסט, אַז ס'איז נאָך קיין צוויי שעה נישטאָ? ביסטו זיכער?

— אַז פאַרוואָר זאָל אַזוי זרילקע משומד זיכער זיין מיט אַ מיתה משונה אויפן נייעם יאָר . . .

— געגוג! געגוג!! — האָט דער חזן זיך פּשוט געבעטן מיט טרערן — צוויי שעה . . . צוויי שעה — האָט דער חזן איבערגערעדט.

— שרה, גיב מיר אַ גלאָז מילך.

שרה האָט אים גלייך דערלאַנגט אַ גלאָז מילך. דער חזן נעמט דאָס גלאָז מילך, רופט־צו זרילקען, דערלאַנגט אים דאָס גלאָז מילך און זאָגט: „עזריאל — טרינק! . . .״

זרילקע האָט מיט איין זופּ אויסגעזשליאָקעט די מילך און ר׳ הערש דוד האָט זיך געווענדעט צו זיין ווייב מיט זיכערקייט: **שרה, ער האָט די קאַטשקע ניט געגעסן! . . .״**

## פּורים - שפּילער

גלייך נאָך אַלע ימים טובים קומט דער דלות און באַזעצט זיך אין די מערסטע יידישע הייזער. דער בייזער הערבסט מיט די גרוי־שווערע הימלען און טריב־בייסנדיקע וועטערן קריכט אין די ביינער. אויסגעליידיקטע שפּייז־אַלמערס און קינדער בעטן ברויט. קיין האָלץ און קוילן נישטאָ, מיט וואָס אָנצואוואַרעמען די אויסגעפרוירענע שטי־בער. פון קיין וואַרימען מלבוש קאָן מען אפילו נישט טראַכטן — פאַרשטופּט מען שפּאַרעס און לעכער פון טירן און פענסטער, צו שיצן פון קעלט. קלאַפּט דער רעגן אין די שויבן, וויינען ווינטן אין די קוימענס — הערבסט! . . .

„מאי קא משמע לן דער רעגן?
וואָס־זשע לאָזט ער מיך צו הערן?
זיינע טראָפּנס אויף די שויבן
קייקלען זיך ווי טריבע טרערן.
און די שטיוול איז צעריסן
און עס ווערט אין גאַס אַ בלאָטע.
באַלד וועט אויך דער ווינטער קומען,
כ׳האָב קיין וואַרעמע קאַפּאָטע.״ א. רייזען.

דווקא דאמאָלסט איז די משוררים גוט אויפן האַרצן. ניט, חלילה, ווייל דער דלות פייפט אין יידישע הייזער, נאָר ווייל נאָך די ימים טובים זיינען די משוררים ממש „גבירים״. פון אַ גאַנצן חודש אלול זיין אויפן בית־עולם קריגן זיי אַריין אַ היבשן „פאַרמעגן״ פון די קבר־

אבות׳ניקעס; פון שטעלן טעלער ערב יום-כיפור אין שול, וואו יידן וואַרפן אַריין מיט דער ברייטער האַנט, וועלנדיק אויסקויפן זייערע זינד — קריגן זיי אויך אַריין אַ היבשע מטבעה; פאַר טראָגן דעם אתרוג צו פוילע און קראַנקע ווייבער — דערלייגן זיי אויך ניט. פון גיין איבער די הייזער מיט דער פושקע, יעדן ערב יום-טוב נאָך וואַ־כערס פאַר די משוררים — ווערן זיי פשוט „נתעשר" . . . די אַלע געלטער גייען אין איין קאַסע, און גלייך נאָך סוכות מאַכט מען די חלוקה און יעדער משורר ווערט אַ „גביר" . . .

זיינען דאָך די משוררים אַ חברה-לעבע-יינגען, פריילעכע לונג־און-לעבערס און — „אויף מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן" . . . געלט איז פאַראַן? — איז חי געלעבט . . .

⁂

אויפן סאַמע עק איזשביצער גאַס, אין אַן אָפּגעזונדערט הייזל, האָבן געוואוינט פיר מענטשן — טאַטע-מאַמע און צוויי יונגע, שיינע טעכטער. האָט די מאַמע געבאַקן גריסקעלעך, אַזעלכע פלעצלעך מיט ציבעלע, די טעכטער זיינען געגאַנגען איבער די חדרים און וואַר־שטאַטן פאַרקויפן די הייסע גריסקעלעך מיט פוטער און דער טאַטע — האָט געהיטן די טעכטער . . . גערופן האָט מען זיי: די גריסקעס.

אין די לאַנגע ווינטער-אָוונטן זיינען די משוררים געקומען צו די גריסקעס, אין וואַרימען שטיבל, מאַכן אַ קערטל און גיבן צו לייזן פאַר גריסקעלעך מיט פוטער. וואָס מער חברה האָבן געגעבן צו לייזן — אַלץ וויניקער האָט דער טאַטע געהיטן די טעכטער . . . און אַז די משוררים האָבן געגעבן צו לייזן פאַר אַ קוואָרט מעד און געהייסן דערלאַנגען אַלע פאַרבליבענע גריסקעלעך — איז דער טאַטע געוואָרן שלעפעריק און געגאַנגען אין זיין רו אַריין . . . די מאַמע איז אַוועק אין קיך פאַרקנעטן פרישע גריסקעלעך . . .

⁂

שבת חנוכה האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן, ביי די גריסקעס אין הייזל, אַלע משוררים און מיט זיי — מאָשקעלע הולטאַי, זעליקל קונצנ־מאַכער, הערשל בדחן, בערל דראַנג און נאָך אַ פּאָר לציִם, וואָס קענען זיך פאַרשטעלן און שפּילן טרעיאַטער . . . הינטער פאַרשלאָסענע טירן און אונטער אַ שבועה קיינעם נישט צו דערציילן, האָט מען זיך געאייניקט אויף אַ פּורים-שפּיל, באַשטימט ווער וואָס עס זאָל שפּילן

און אָפּגעמאַכט, אַז יעדן שבת נאָכמיטאָג זאָל מען זיך צוזאַמענקומען לערנען דאָס שפּיל. אויף דעם יאָר האָט מען באַשלאָסן צו שפּילן: „חנה און פנינה מיט אירע זעהנע", אַ נייַ פּורים־שפּיל, וואָס דער ביעלאָס, דאָס הייסט איך, האָב געבראַכט, מיט אַ סך געזאַנגען. דער אינהאַלט אין קורצן איז אַזאַ:

אלקנה האָט געהאַט צוויי ווייבער, האָט איינע געהייסן חנה און די צווייטע — פנינה. האָט פנינה געהאַט זיבן זין און חנה איז געווען אַן עקרה און האָט קיין קינדער נישט געהאַט. האָט חנה זיך געשטעלט, פריער פאַר גאָט און דערנאָך פאַר אלי הכהן, און געבעטן אַ זון. האָט גאָט דערהערט איר געבעט און געעפנט איר טראַכט און זי האָט געבוירן אַ זון. דער זון איז געווען שמואל הנביא, — דער ערשטער נביא ביי די יידן.

זרילקע באָס האָט געשפּילט חנה; זעליקל קונצנמאַכער האָט געשפּילט די קאָמיטשנע ראָלע פון דער הייבאַם, וואָס דאַרף אָפּנעמען דאָס קינד; הערשל בדחן האָט געשפּילט גאָט, וואָס דאַרף רעדן פון יענער וועלט, און ער האָט געקענט נאָכמאַכן אַ בויך־רעדנער. שמואל הנביא, וואָס האָט גאָרנישט געהאַט צו ריידן, נאָר צו זינגען און האָט געדאַרפט האָבן אַן איידעלע שטימע, האָט געשפּילט דער קליינינקער, צען־יאָריקער חיים'ל פּיסטל, וועלכער האָט געהאַט אַ שטימע ווי אַ טייערע פלייט. די אַנדערע, קלענערע ראָלעס, האָט מען איינגעטיילט צווישן די אַנדערע, לאַנג־יאָריקע פּורים־שפּילער, און די, וועלכע האָבן גאָר קיין ראָלעס נישט געקראָגן, האָבן געזונגען אין כאָר.

יעדן שבת נאָכמיטאָג האָבן אַ פּאָר שטאַרקע געהאַלטן וואַך אין דרויסן, קיינעם ניט צוצולאָזן נאָנט צום הייזל און די פּורים־שפּילער האָבן אינעווייניק געמאַכט פּראָבעס.

פּורים, גאַנץ פרי, זיינען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען ביי די גריסקעס און געמאַכט די לעצטע צוגרייטונגען. זרילקע האָט אָנגעמאָסטן אַ קלייד, וואָס איז אים געווען אַביסל ענג און געגרייכט ביז די קני, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט די לאַנגע הויזן — און אַזוי האָט יעדער אָנגעמאָסטן זיין קאָסטיום.

פּורים נאָכט צו דער סעודה. חברה פּורים־שפּילער לאָזן זיך אַרויס, פאַרשטעלט אין „עסיג און אין האָניג", אָנגעשמירט און איינגעריסט מיט סאַזשע, מען זאָל זיי נישט דערקענען, און אַ כאַפּטע קליינוואַרג ציען נאָך פון הינטן מיט קוויטשערייען און געלעכטערס.

דאָס ערשטע איז מען געגאַנגען צו שלמה אָקסנהענדלער, דעם גרעסטן גביר פון שטעטל. געגעבן אַ פּראַל אויף די טיר! פריער זיינען אריין די צוויי פּאַיאַצן און געגעבן אַ געשריי: „מאַכט אַ וואַרע!! די פּורים-שפּילער זענען דאָ! . . .״ דערנאָך האָבן זיך געגעבן אַ לאָז אריין אַלע שפּילער מיט אַ פרייליכן געזאַנג. חנה, דאָס הייסט זרילקע, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, הינטער אַן אויסגעצויגענעם ליילעך, געטראָגן פון צוויי הויכע יינגען, דערנאָך איז אַריינגעקומען חיים׳ל, דאָס הייסט שמואל, וועלכן מ׳האָט אַרונ־טערגעשטופּט הינטער חנה׳ס שטול, קיינער זאָל ניט זען, ווייל ער דאַרף ערשט געבוירן ווערן.

דאָס שפּיל גייט אָן, ביז עס קומט דער גרויסער מאָמענט, ווען גאָט דערהערט חנה׳ס געבעט און שמואל דאַרף געבוירן ווערן. חנה קריגט די ווייען. אַזוי ווי חנה, זרילקע הייסט עס, האָט געהאַט אַ צו-גראָב קול, האָט זרילקע, דאָס הייסט חנה, פאַר יעדן וויי געגעבן אַ קאָפּע חיים׳לען הינטערן שטול — האָט חיים׳ל געגעבן אַ קוויטש, געמאַכט אַ וויי, און זרילקע האָט זיך פאַרקרימט פאַר ווייטיק. אַזוי ביי יעדן וויי . . . די הייבאַם, דאָס הייסט זעליקל קונצנ־מאַכער, אָנגעטאָן אין אַ טערקישן שאַל, אויפן קאָפּ אַ קאָפּקע מיט לאַנגע בענדער און אַ גרויסע שער אין האַנט, האָט אויסגעזונגען אויך אַ משונה׳דיקער ביישטימע:

אוי, חנה, חנה,
איך בין דיך נישט מקנא,
ווען דו דאַרפסט צו קינדע גייען
אונד האבען זאָלשע שמערצלישע ווייען,
אבער באַלד וועט דאס גראָסע נעסע געשעען
אונד שמואל דער פּראָפעיט וועט קאָמען צו גייען . . .

דאָ האָט חיים׳ל דערלאַנגט דעם שטורץ-וויי, אַ שרעקלעכן, לאַנ־גען קוויטש, און זרילקע, דאָס הייסט חנה, האָט זיך צוזאַמענגעדרייט אין דרייען . . . די הייבאַם האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אַרונטערגערוקט די הענט אונטערן שטול און אָפּגענומען דאָס קינד.

שמואל הנביא איז געבוירן געוואָרן, מיט אַ ווייסער, לאַנגער באָרד, אַ שטריימל אויפן קאָפּ, אַ זאַק אויפן פּלייצע, אַ גראָבן שטעקן אין האַנט און האָט אָנגעהויבן זינגען זיין ליד . . .

אויף אַזאַ אופן איז מסתמא געבוירן געוואָרן דאָס יידישע טע־אַטער: אָט ערשט געבוירן, שטייט אָן אַלט, קליין יידעלע, מיט אַ גרייז־גרויער, לאַנגער באָרד, געמאַכט פון פּאַקעלעס (אַזאַ פּאָדים פון וואָס מ׳מאַכט שטריק), צוגעקלעפּט מיט קליסטער (שוסטערשע קלעי) און זינגט די ראָלע פון שמואל הנביא, מיט אַ קינדער־שטימעלע וואָס צעגייט זיך אין אַלע אברים. ער זינגט מיט אַזאַ מאָראַליש געפיל:

אָך דו ליבער גאָט, איך דאַנקע דיר,
וואָס דו האסט מיינע מוטער געעפנט איר טראַכט.
און מיינע מוטער האָט מיר, יא מיר,
דעם ערשטן פּראָפעט אויף דיזער וועלט געבראַכט.

און דאָ האָט זיך דער גרייז־גרויער, ניי־געבוירענער שמואל געווענדט צו זיין מאַמען, דאָס הייסט צו זרילקען, מיט אַ דאַנק און פאַרזי־כערונג:

אָך מוטער, אָך מוטער דו מיין,
דו מוזט פון דיין געבורט זיין געווים זייער מיד;
איך דאַנקע דיר און שווער דיר צו זיין,
אַ גוטער, אַ פרומער און איין ערליכער ייד.

און די מוטער חנה, דאָס הייסט זרילקע, האָט דערביי געמאַכט אַ פּאָר זויערע פּיסקעס, ווי צום ווייגען פאַר נחת און פרייד, וואָס גאָט האָט איר געשאָנקען אַזאַ געראָטען, אַזאַ טייער איידל קינד.

אין יעדער שטוב, פון אַ רייכן באַלעבאָס, וואו מ׳האָט פאַרגע־שטעלט דאָס פורים־שפּיל „חנה און פנינה מיט אירע זענע", האָט דער יום־טוב׳דיקער, פרייליכער עולם שטאַרק הנאה געהאַט און באַלוינט די חברה פורים־שפּילער מיט דער ברייטער האַנט: אַ זשמעניע געלט, ניט געציילט. דערצו האָט מען אונדז געגעבן גוטע זאַכן פון סעודת פורים: המן־טאַשן און שטרודל, מאַראַנצן און ניס, מאַנדלען און נאַהיט און וואָס ניט? — אַזוי, אַז ווען מ׳איז פאַרטיק געוואָרן מיט אַלע „פאַרשטעלונגען", האָבן בערל אָרטשיק און יאַכצל קאָוואַל, די צוויי שטאַרקסטע יונגען אין שטעטל, קוים געקענט דער־טראָגן דעם גרויסן קויבער (קויש), וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט די אַלע גוטע זאַכן.

פאַרטיק געוואָרן, זיינען מיר אַוועק צו די גריסקעס, וועלכע האָבן

היינט גאַרנישט אַנגעגרייט, וויסנדיק אַז מיר וועלן שוין ברענגען פון אַלעם גוטן, ווי יעדן פּורים. איז מען אַריין צו די גריסקעס מיט קולות און געשרייען און געלאָזט וויסן אין גראַם:

מאַכט אַ וואַרע! מיר טראָגן גוטע זאַכן.
ערשט איצט וועלן מיר דאָס אמת׳ע פּורים־שפּיל מאַכן.
גרייט דעם טיש דעם לאַנגען,
וועלן מיר אייך די גוטע זאַכן דערלאַנגען.

פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר פאַר חברה קליינוואַרג, וועלכע האָבן נאָכגעצויגן פון הינטען, צו כאַפּן אַ לעצטן קוק אויף די פּורים־שפּילער — האָבן מיר אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַקטיאָרסקע מלבושים, אָפּגעוואַשן די סאַזשע, מיט וועלכע מיר האָבן זיך פאַר־שטעלט, מ׳זאָל אונדז נישט דערקענען, זיך צעזעצט אַרום טיש, אַרוים־געלייגט פון קויבער די גוטע זאַכן. באַשטימט מענדל כריפ, דעם עלטסטן משורר, ער זאָל זיין דער אויסטיילער און חברה האָבן גע־נומען רייבן אויף ביידע באַקן די אמת׳ע סעודה. אָפּגעגעסן, האָט מען זיך גענומען מאַכן ערשט די אמת׳ע פאַרשטעלונג פון די אַלע באַלעבאַטים, וועלכע מ׳האָט באַזוכט היינטיקן פּורים. דאָס פּובלי־קום — טאַטע־מאַמע מיט די צוויי טעכטער, די גריסקעס — האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. מ׳האָט דאָך געדאַרפט זיין טאַקע שטאַרקער פון אייזן, ניט צו לאַכן, ווען זעליקל קונצנמאַכער און הערשל בדחן האָט גענומען אָפּשפּילן למשל: ווי פּייפּטשע פאַנפע, דער פּראַצענטניק, האָט געשניפּט מיט דער נאָז, געפינטלט מיט די אויגן און דער בויך האָט זיך ביי אים געהויבן, געטאַנצט אַרויף און אַראָפּ, בשעת ער האָט געלאַכט פון גרוים הנאה, ווען זעליקל קונצנ־מאַכער, וועלכער האָט געשפּילט די קאָמישנע ראָלע, די הייבאַמע, וואָס האָט אָפּגענומען ביי זרילקען דאָס קינד. און ווי פּייפּטשע פאַנפעם עלטסטער זון, פּינטשעלע פּרעזיוווער, איז געזעסן ביים טאַטנס רעכטער זייט און פון גרוים הנאה זיך אַזוי געשמאַק געקראַצט, מיט אַלע פינגער פון דער רעכטער האַנט, דורכן היטל און ס׳איז געווען שווער צו וויסן, צי האָט ער אַזאַ פאַרגעניגען פון די פּורים־שפּילער, צי פון קראַצן — מחמת ער האָט נעבעך געליטן פון דער זעקסטער מכה אין דער הגדה. און בשעת פּינטשע האָט געקראַצט, האָט פּייפּ־טשע, דער טאַטע, אים דערלאַנגט הינטן אַרום אַ קניפּ און אַריינגע־

**פאַנפּעט אין אויער**: קראַץ ניט דעם פּאַרך! די מאַמע האָט דאָך דיר ערשט אָנגעשמירט . . . (דערפאַר האָט מען אים גערופן פּרעוויזער, ווייל אַלע פּרעוויזערס, אַפּטייקערס, האָבן גאָלע קעפּ.)

דערנאָך האָבן חברה געגומען אָפּשפּילן: הענעך דרייער, פישל שופר, וואָווטשע פּאַניע און שמעיה קריכער. ווי זאָגט מען עס: יעדער ווארום האָט זיך זיין דארום! יעדער צונאָמען האָט זיך געהאַט זיין פּאַרוואָס. גלאַט אַזוי האָט מען קיינעם קיין צונאָמען ניט גע־געבן אין שטעטל. וואָווטשען האָט מען גערופן פּאַניע, ווייל ער איז געווען אַ זעלנער און געדינט פּאַניען; פישלען האָט מען גערופן שופר, ווייל ער האָט געהאַט אַ לאַנגע, אויסגעבויגענע נאָז ווי אַ שופר; הענעכן האָט מען גערופן דרייער, ווייל ער איז געווען אַ מעק־לער, אַ שדכן. און האָט ער אימיצן גערעדט אַ שידוך, אָדער געמעקלט אַ געשעפטל — האָט ער אַזוי לאַנג געדרייט מיט זיין געשליפן צינגל, אַז יענער האָט זיך שוין פון זיינע הענט ניט אַרויסגעדרייט און דערביי, פלעגט ער טאַקע אַזוי קונציק דרייען זיין שטעקן צווישן די ערשטע דריי פינגער ווי אַ וויאַטריק, אַ ווינט־מיל.

האָט מען איינעם געגעבן אַ צונאָמען, איז דער צונאָמען איבער־געגאַנגען בירושה צו קינדער און קינדס קינדער. אַ שטייגער, שמעיה קריבער איז שוין געווען אַ ייד אין די זעכציקער. איצט אָן אָרנטלע־כער, פיינער באַלעבאָס, וועלכער האָט שוין געהאַט אייניקלעך, זאָל איך מיר שוין האָבן אַזאַ יאָר. טייערע געלערנטע, איידעלע קינדער. האָט מען פונדעסטוועגן זיין עלטסט אייניקל גערופן: ריוווטשע־עוזר'ל־שמעיה־קריכערס. ווייל וואָס איז נעבעך ריווטשע געווען שולדיק, וואָס בייזע צינגער האָבן אַרויסגעלאָזן אַ שם־רע אויף איר זיידן, צוליב עפּעס אַ דינסט ביי איר באָבען, וואָס דאָס איז געשען נאָך איידער ריוווטשע איז אויף דער וועלט געקומען. — אַזוי האָבן חברה משוררים־פורים־שפּילער, מיט גרוים טאַלענט, אָפּגעשפּילט יעדן צונאָמען פון יעדן באַלעבאָס.

נאָך יעדער „פאַרשטעלונג" האָט מען פאַרטרונקען לכבוד פורים און אַזוי געהוליעט ביז אין דער שפּעטער, שפּעטער נאַכט אַריין. פאַרשנאַשקעטע, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, האָט מען אָוועקגערוקט דעם טיש מיט די בענק אָן אַ זייט און זיך געשטעלט טאַנצן אַ ברוגז־טאַנץ, ווי יעדער משורר האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט

זיך איבערצובעטן מיט איינער פון די צוויי שיינע, איצט אַזוי רייצנ־דיקע טעכטער. ווייל ווען אַ מיידל ברוגז'ט זיך, ווערט זי שענער, אינטערעסאַנטער. האָט טאַקע יעדער משורר, וועמעס רייע עס איז געקומען איבערצובעטן, זיך געפלייסט אַרויסצואווייזן אַלע העפלעכ־קייטן פון אַ גאַלאַנטן קאַוואַליער . . .

האָט איין משורר דעם צווייטן געוואָלט איבערשטייגן אין פאַר־ליבטקייט, און טרייקייט, און צערטלעכקייט און מיט עכטן טאַלענט זיך דערקלערט אין ליבע: געגלעט דער פריילינס האָר, מיט אַ טי־כעלע געווישט איר די אויגן, מיטן מינדסטן פינגערל געפירט איבער איר אַלבאַסטער־ווייסן האַלדז, זי זאָל לאַכן. און ווען דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפן, האָט ער זיך געשטעלט אויף איין קני, געקושט איר האַנט און מיט לאַשטשענדיקע מינעס זי איינגעאַלדן זעצן זיך אויף דער קני . . .

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער ברוגז־טאַנץ און אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט אַ פריילעכע פורים־נאַכט. מיט צעהיצטע געמיטער און קלעפּנדיקע אויגן, האָבן זיך חברה קוים דערשלעפּט אַהיים, זיך אַריינגעשלייכט אויף די שפּיץ פינגער, שטילינקערהייט צעלייגט די שניקעס, אַוועקגעפאַלן ווי די סנאָפּעס און אַנטשלאָפן געוואָרן ווי די גע'הרג'עטע.

## פון דער שול צום טעאַטער

צווישן פורים און פסח האָט זיך דאָס שטעטל ל. געבאָדן אין בלאָטע. אין דרויסן ווערט לינדער, די שנייען צעגייען. קיין קאַנאַלן וואו דער צעגאַנגענער שניי זאָל אַראָפּרינען איז ניט געווען — האָט מען געטאָפּטשעט אין די בלאָטעס ביז איבער די קני. וואויל איז געווען די, וואָס האָבן געהאַט טיפע, גאַנצע, קאַלאָשן. אָבער וואָס האָט נעבעך געזאָלט טאָן מענדל כריפּ, וועלכער מוז היטן די „כלי" וואָס כריפּעט שוין אַזוי אויך, אַז ער האָט שוין אפילו ניט געהאַט וואו צו לייגן אַ לאַטע אויף זיינע פול־געלאַטעטע, צעפאָרענע קאַ־לאָשן? — האָט ער נעבעך געמוזט זיצן אין שטוב. נאָר ווען ער האָט שוין געמוזט גיין עסן אויפן „טאָג", האָט ער זיך געשאַרט האַנט ביי די ווענט און געגאַנגען אויף די שפּיץ אָפּשאַסן, ווי אויף שטאָלצן.

וואָס דאַרפט איר מער, אפילו ביי שימעלע טאָק, וואָס האָט ניט געלאָזט פאַלן אַ שטויבעלע אויף זיך, איז דער אויבערמאַנטל געווען דעקאָרירט מיט בלאָטע־שפּריצן.

אין איינעם פון אָט די נאָך פורים טעג, האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל צוויי פרעמדע פּראַנטן, ביידע אָנגעטאָן ווי דאַטשלעך: לאַקירטע שטיוועלעך, אונטערגעהאַקטע רעקלעך, שוואַרצע קאַפּעלושלעך. איינער מיט אַ שירם און דער צווייטער מיט אַ שטעקן. איינער טראָגט ברילן און דער צווייטער — האָט אַ פּראָסטן אויסקוק. איינער אַ הויכער, אַ דאַרער און דער צווייטער — אַ נידריקער און אויך ניט קיין פעטער. ביידע האָבן געשפּאַנט איבערן שטעטל, געקוקט אַרויף, ווי אונטן וואָלט גאָר קיין בלאָטע ניט געווען.

אַ נייגער האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען אין שטעטל און פון מויל צו אויער איז דורכגעלאָפן ווי אַן עלעקטרישער שטראָם: ווער זיינען די צוויי „דאַטשן" און וואָס טוען זיי דאָ? פאַרנאַכט צו מנחה אין בית־המדרש האָט מען זיך דערוואוסט, און באַלד נאָך מעריב האָבן שוין אַלע אין שטעטל געוואוסט: אַז נעכטן, שפּעט ביינאַכט, האָט בערל אָרטשיק געבראַכט פון דער באַן די צוויי פאַרשוינען, וועלכע בערל האָט אָפּגעזעצט אויף קוואַרטיר, ביי מינדל די פאַרפל־יידענע.

ווער מינדל איז, האָבן אין שטעטל געוואוסט קינד און קייט. און ווער די צוויי דאַטשן זיינען — האָט מען שוין אויך געוואוסט. ווייל וויסן דאַרפט איר, אַז פאַר ל. איז קיין סוד ניט פאַראַן און אַז פאַר ל. איז עס ניט קיין סוד, טאָ פאַרוואָס זאָל עס פאַר אייך זיין אַ סוד?

מינדל די פאַרפל־יידענע, אָדער די מומע מינדל, ווי אַלע קינדער האָבן זי גערופן, האָט געוואוינט מיט איר מאַן גדליה און איר איינציקע טאָכטער יסכה אין דער קאַליע גאַס. זייער דירה: איין גרויסע שטוב אָנגעשטעלט געדיכט מיט „לאַווקעס", אַזעלכע קינדערשע שול־בענקלעך, ווייל איר מאַן, גדליה, איז געווען אַ מלמד מיט אַ „ראַזרעשעניע" צו מעגן לערנען. און לויט דער פאָדערונג פון דער רעגירונג, האָט אין חדר ניט געטאָרט שטיין קיין זאַך, אויסער די לאַווקעס. הינטער דער גרויסער חדר־שטוב, האָט זיך געפונען אַ לאַנג, שמאָל שטיבל, וועלכעס האָט געדינט פאַר דער קיך, שלאָף און עס צימער — פאַר דער וואוינונג. די מומע מינדל האָט מען קיינמאָל אין גאַס ניט געזען. ניט חלילה ווייל זי האָט זיך ניט געוואָלט ווייזן פאַר מענטשן.

פאַרקערט, זי האָט דווקא זייער ליב געהאַט מענטשן — נאָר זי איז געווען אַזוי ברייט, אַזוי פעט, אַזוי שווער, אַז זי האָט זיך פּשוט ניט געקענט באַוועגן. לצים האָבן אפילו געזאָגט, אַז זי האָט ניט געקענט אַרויס פון דער טיר — נאָר ס'איז ניט אמת.

גאַנצע וואָכן פלעגט מינדל זיצן אין הויז. קנעטן, האַקן, טרי־קענען און קאָכן פאַרפל. אַלע אין שטעטל, וועלכע האָבן זיך געפּוילט אַליין צו אַרבעטן, האָבן געקויפט ביי דער מומע מינדל געטרוקנטע פאַרפל און זי אַליין, פלעגט יעדן טאָג קאָכן פאַרפל, צוגעריישט מיט ציבעלעס, וואָס האָט פאַרשמעקט די גאַנצע גאַס. ביים פעטער גדליה אין חדר, האָבן געלערנט אַ האַלבע שטאָט יינגלעך און די מערסטע פון זיי האָבן דורכן קאַלטן, שווערן ווינטער, געקויפט יעדן טאָג אַ טעלער הייסע, צוגעריישטע פאַרפל און פאַרשפאַרט אַהיים צו גייז עסן — דערפאַר האָט מען זי גערופן: די פאַרפל־יידענע.

איך מאָן גדליה, ווי די מערסטע מלמדים, איז געווען זייער שטרענג צו זיינע תלמידים. אויב אַ יינגל האָט דאַנערשטיק ניט געקענט דעם חומש, פלעגט דער פעטער גדליה שלאָגן, קנייפּן, קלאַפּן מיט דער לינייקע איבער די שפּיץ פינגער, מאַכן אַ פעקל (דאָס איז גאָר געווען אַ שרעקלעכע שטראָף) און אַמאָל טאַקע אונטעררייסן אַן אויער — די אַלע געפייניקטע יינגלעך, פלעגט מינדל דערנאָך אַריינגעמען צו זיך אין שטיבל און געבן יעדן אַ טעלער שמעקנדיקע פאַרפל, אָן געלט, וואָס דאָס האָט פאַרזיסט אַלע צרות. געווען אפילו אַזעלכע יינגלעך, וועלכע האָבן זיך געפלייסט ניט צו קענען גוט דעם חומש. יעדן דאָנערשטיק פלעגט שוין מינדל אָפּקאָכן אַן עקסטרע גרויסן טאָפּ מיט פאַרפל פאַר די געשלאָגענע יינגלעך — טאַקע דער־פאַר האָבן אַלע קינדער זי גערופן „מומע מינדל".

נישט בלויז צו די תלמידים איז דער פעטער גדליה געווען אַזאַ אכזר, אַזאַ גזלן, קען מען זאָגן — אפילו צו זיין איינציקער טאָכטער, יסכה, איז ער אויך געווען אַזוי. פונקט ווי אַ פרומער ייד דאַרף פאַרן שלאָפן גיין לייענען קריאת־שמע, אַזוי האָט דער פעטער גדליה יעדן אָוונט געמוזט נעמען זיין טאָכטער אויף אַ שטרענגען קרייץ־פאַרהער און מיטן קאַנטשיק שלאָגן זי אומבאַ'רחמנות'דיק. פאַרוואָס? אָט פאַרוואָס:

יסכה איז געווען אַ שיינע, געזונטע, אַנטוויקלטע, רייצנדיקע מויד. פלעגט זי דורכגיין די גאַס, אין מיטן טאָג — איז ביי אַלע

געזעלן פון אַלע וואַרשטאַטן, געפּאַלן די אַרבעט פון די הענט און דורך די פענסטער, זי דורכשטעכן, פּשוט אויפעסן מיט די אויגן. האָט דאָס יסכה דערפילט און שטאַרק הנאה געהאַט דערפון און זי האָט שוין געזען דערצו, אַז איר גאַנג, אירע באַוועגונגען, איר קוקן אין די פענסטערלעך, זאָל מאַכן גלויבן יעדן בחור, אַז טאַקע אים מיינט זי און ניט קיין אַנדערן . . . פּונקט ווי אַ גוט־געמאָלן בילד, אַ פּאָרטרעט, קוקט צו איעך, וואו איר זאָלט זיך ניט שטעלן.

און האָט זיך נאָר געמאַכט אַ געלעגנהייט, האָט יסכה טאַקע ליב געהאַט אַ שטיפּ צו טאָן מיט אַ בחור. גלאַט אַזוי זיך, אויף קאַטאָוועס כלומר׳שט. אַ בערעווע טאָן זיך און ווייזן וואָס פאַר אַ געזונטע זי איז. די שטאַרקסטע יונגע לייט האָבן איר ניט געקענט בייקומען. און יעדן אָוונט, ווען די יינגלעך זיינען אַהיימגעגאַנגען פון חדר, פלעגט דער פאָטער נעמען זיין יסכה׳ן אויף אַ פאַרהער און מיט יעדער פּאָרציע מוסר, דערלאַנגען איר אַ פּאָרציע שמיץ. און שמייסנדיק שרייען מיט אַ פאַרשטיקט קול: „איך וועל פון דיר אַרויס־שלאָגן דעם יצר הרע!״ וואָס מער ער האָט געשלאָגן, אַלץ מער פלעגט עס איר ציען אויף מאָרגן ווידער שטיפן מיט בחורים. צי דאָס איז געווען להכעיס דעם טאַטן, צי פון אייגענער הנאה — האָט קיינער ניט געוואוסט. שטיפנדיק פלעגט זי שטאַרק לאַכן. לאַכן מיטן גאַנצן קערפּער. אָבער ווען דער פאָטער פלעגט זי שלאָגן, האָט זי קיינמאָל ניט געוויינט — און דאָס האָט דעם פאָטער נאָך מער געקרענקט. האָט ער זי אַזוי לאַנג געשלאָגן — ביז ער איז מיר געוואָרן.

יעדן אָוונט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אינקוויזיציע, פלעגט די מומע מינדל שטיין אין דער טיר און פון אָנפאַנג בעטן זיך ביים פעטער גדליה: „וואָס ווילסטו פון קינד? הער שוין אויף״. און ווען איר בעטן מיט גוטן האָט ניט געהאָלפן און דער מאַן, ווי אַ קאַלטער גזלן, האָט ווייטער געשלאָגן, האָט מינדל גענומען שעלטן איר מאַן און נאָך יעדער קללה האָט ער זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע און קאַלטבלוטיק געזאָגט צו דער מומע מינדל: „דאָס דיר — און וואָס מיר?״ האָט עס דאָך איר פאַרקלעמט אונטערן האַרצן און זי האָט געשריגן: „מען קאָן דאָך קריגן אַ פּאַפּלעקציע!״

— „און פאַרוואָס טאַקע ניט״ — האָט ער זיך ווידער געגעבן

אַ זאַג, אַזוי גלייכגילטיק, אַז מ'האָט טאַקע געקענט קריגן אַ פּאַ־פּלעקציע — אַ קאַלטער גזלן געווען, דער פעטער גדליה.

פאַרשטייט זיך, אַז אי צוליב די שמעקנדיקע פאַרפל, אי צוליב יסכה'ן, פלעגן מיר משוררים זיין דאָרטן אָפטע באַזוכער. ווייסנדיק, וואָס יסכה שטייט זיך אויס יעדן אָוונט פון איר פאָטער, וואָס אין דעם זיינען מיר אפשר געווען אַ סך שולדיק, און ווייסנדיק, אַז יסכה איז אַ גרויסע נאַשערקע און האָט נעבעך קיינמאָל ניט אַ גראָשן ביי דער נשמה צו קויפן זיסע זאַכן — איז יעדעס מאָל וואָס אַ משורר איז געקומען, האָט ער געבראַכט מיט זיך אַביסל לאַנדערינקעס, אַ שטיקל כאַלוואַ, אָדער עטלעכע טשאָקאָלאַטקעס, און ווען די מומע מינדל האָט זיך געפּאַרקעט ביים אויוון, האָט שוין דער משורר עס אָפּגעשטעקט יסכה'ן און דערביי האָבן כאָטש די געלעגנהייט איר אַ גלעט צו טאָן — איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז אַזעלכע צוויי פּראַנטן זאָלן פאַרפאָרן צו דער מומע מינדל אויף קוואַרטיר.

קיין גרויסער פאַרדינער איז דער פעטער ניט געווען. דערצו, איז ער געווען זייער אַ קאַרגער און דערפאַר האָט די מומע מינדל געדאַרפט צו פאַרדינען, קאָכנדיק פאַרפל. און אַז עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט אַ קוואַרטיראַנט, אָדער צוויי, האָט מען ביינאַכט צוזאַמענ־געררוקט די לאַווקעס און די אורחים אויסגעבעט אין דער חדר־שטוב אויף דער ערד.

ווער זיינען פאַרט די צוויי דאַטשן און צוליב וואָס זיינען זיי גע־קומען אַהער?

ווער זיי זיינען און צוליב וואָס זיי זיינען געקומען, האָבן מיר משוררים זיך דערוואוסט די ערשטע. ווייל דעם זעלביקן טאָג וואָס מ'האָט זיי געזען שפּאַנען איבער דער שול־גאַס, זיינען זיי עס טאַקע געגאַנגען צום חזן. דאָס הייסט, ניט צום חזן, נאָר צו אונדז משוררים.

עס איז געווען נאָכמיטאָג, ווען דער חזן שלאָפט זיין טעגלעכן נאָכמיטאָג־שלאָף. די חזנ'טע מיט איר טאָכטער זיינען ערגעץ אַוועק־געגאַנגען און מיר משוררים זיינען געזעסן אין קיך און געשפּילט קוויטלעך. עפנט זיך די טיר און עס רוקן זיך אריין די צוויי פּראַנטן. דערשראָקן אויף טויט, האָבן מיר זיך אַלע געגעבן אַ שטעל אויף מיט איין מאָל, זיי אָפּגעגעבן שלום און זיי געבעטן זיצן. זיצנדיק אַזוי, האָט מען גענומען שמועסן. שמועסנדיק, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען משוררים פון דער וואַרשערער סינאַגאָגע. איין קליי־

ניקייט: משוררים פון דער וואַרשעווער סינאַגאָגע! האָבן זיי זיך עם אַביסל אָנדערצײילט פון דער סינאַגאָגע: אַז דאָרט זיינען פאַראַן צוויי קאַנטאָרס, חזנים הייסט עס. איינער אַן אָבער-קאַנטאָר און איינער אַן אונטער-קאַנטאָר. און זינגט דאָרטן אַ כאָר, נאָך שענער ווי די לויים אין בית-המקדש. און די משוררים דאַרפן ניט עסן קיין „טעג". זיי עסן אין די פיינסטע רעסטאָראַציעס. זיי קענען זיך דער-לויבן, ווייל חוץ וואָס זיי זיינען אין דער סינאַגאָגע, זינגען זיי אין יידישן טעאַטער. דאָרט אין טעאַטער איז ערשט דאָס אמת'ע לעבן. די כאָריסטן קומט אוים צו טאַנצן מיט די שענסטע כאָריסטקעס. היינט די דאַוונער פון סינאַגאָגע? אַזעלכענע גבירים אדירים, איינער גרעסער פון אַנדערן. דאָרט איז פאַראַן איין מיליאָנער, וועלכער פאַרמאָגט אפשר צען טויזנט קאַרבן. לאָזט ער זיך קאָסטן, טאַקע אויף די כאָריסטקעס, אַ שלל מיט געלט. און ליב האָבן די כאָריסט-קעס, דווקא די משוררים-כאָריסטן, זייערס גלייכן. ניט בלויז אין טעאַטער האָבן זיי ליב די משוררים, נאָר אויך נאָכן טעאַטער.

וואָס מער זיי האָבן דערציילט וועגן טעאַטער, אַלץ נייגעריקער זיינען מיר געוואָרן. וואָס נייגעריקער מיר זיינען געוואָרן, אַלץ גרע-סערע וואונדער האָבן זיי זיך אָנדערציילט וועגן טעאַטער און נאָך מער געריייצט אונדזער פאַנטאַזיע, דאָס הפּנים זיינען זיי אויסן געווען. ווייל ווען זרילקע האָט זיי געפרעגט: ווי קומט איר אַהער און וואָס טוט איר דאָ?

— הערסטו, דאָס איז עס דאָך, — זאָגט דער הויכער, דער וואָס מיט די ברילן. — דאָס זיינען מיר דאָך טאַקע געקומען צו אייך.

— צו אונדז!? — האָט זיך ביי אַלעמען מיטאַמאָל אַרויסגע-ריסן. — וואָס קענען מיר טאָן פאַר אייך?

— איר קענט אַ סך טאָן פאַר אונדז. אָבער נאָך מער קענען מיר טאָן פאַר אייך. הערט זיך איין: מיר זיינען משוררים און איר זייט משוררים, מיר זיינען „קאָלעגו פּאָפּאַכו". מיר האָבן אויך אַמאָל געזונגען ביי חזנים אין קליינע שטעטלעך און ווייסן וואָס פאַר אַ פּאַסקודנע לעבן דאָס איז. עסן „טעג" און שלינגען טרערן. זיין שפּל ביי אַלעמען און אַזוי אָפּפינצטערן די יאָרן. האָבן מיר איבערגעלאָזן דאָס בלאָטיקע שטעטל, זיך געלאָזן אין דער גרויסער וועלט אַריין, אָנגעקומען קיין וואַרשע און ווי איר קענט זען, זיינען מיר ניט פאַר-פאַלן געוואָרן. אָבער עס ווילט זיך ניט בלייבן קיין אייביקע כאַ-

ריסטן, אפילו אין מאַראַנאָווער טעאַטער, אין וואַרשע. מיר פילן, אַז מיר קענען פונקט אַזוי שפּילן טעאַטער ווי זיי, די אַקטיאָרן מיט די אַקטעריצעס. ווער זיינען זיי דען? זיי זיינען דאָך אויך אַמאָל געווען בלויז כאָריסטן. האָבן מיר ביידע, איך און מיין קאָלעגע, צוזאַמענגעקליבן אַביסל געלט און באַשלאָסן צוזאַמענצושטעלן אַן אייגענע טרופּע און זיך אַרויסלאָזן אויף דער מדינה און שפּילן טעאַטער. זיינען מיר דאָס געקומען צו אייך, איר זאָלט זיך אַנשליסן אין אונדזער טרופּע. וואָס קענט איר דאָ דערלעבן? וועלכער באַלעבאָס וועט זיך מיט אייך וועלן משדך זיין? איר וועט דאָך שטאַרבן אַלטע בחורים. אָבער ווען איר וועט איבערלאָזן דאָס שטעטל, מיטן דלות, מיט די „טעג”, מיט די בלאָטעס און פאָרן מיט אונדז שפּילן טעאַטער, וועט איר זען אַ וועלט. אין יעדער שטאָט, וועט איר קריגן כבוד און די שענסטע מיידלעך וועלן ווערן אייערע פאַרערער. און ווער קען וויסן? אַמאָל קענט איר ווערן באַרימט, אַז די וועלט זאָל מיט אייך, דאָס הייסט מיט אונדז, קלינגען.

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז מיר וועלן זיך אויסטויגן צו שפּילן טעאַטער? — האָב איך ביי זיי געפרעגט. און אין האַרצן האָב איך געוואונטשן, אַז זיי זאָלן חלילה ניט חרטה האָבן.

— וואָס הייסט איר קענט ניט? — האָט דער העכערער פון די צוויי פּראַנטן גענומען רעדן מיט נאָך מער באַגייסטערונג. — איר מיינט, אַז די וועלט שלאָפט? אַז מ'הערט ניט פון אייך? אויף די נאַלעווקעס, אויף סמאָטשע און אפילו אין מוראַנאָווער טעאַטער האָט מען גערעדט פון אייער פּורים-שפּיל „חנה און פנינה מיט אירע זעהנע”. איז דאָס אַ תכלית, אַז איר זאָלט זיין פּורים-שפּילער, ווען איר קאָנט זיין אמת'ע אַקטיאָרן. עס שטייט אייך פאָר אַ גליק און איר טאָרט עס ניט אַוועקלאָזן. וואָס דאַרף מען דאָ אַזוי פיל רעדן. ווער עס איז גרייט צו פאָרן מיט אונדז, זאָל זאָגן יאָ, איינפּאַקן די עטלעכע וועסטשעס און נאָך היינט ביינאַכט פאָרן מיר אַוועק קיין קוטנאַ, וואו עס וואַרטן שוין דאָרט נאָך צוויי פון אונדזערע וואַרשעווער חברה, וועלכע גרייטן דאָרטן אַלעס צו.

ווען איך האָט דערהערט קוטנאַ, האָט זיך ביי מיר אָפּגעריסן אין האַרצן. איך האָב אינגאַנצן גענומען ציטערן. איך האָב שוין אַזוי לאַנג געטראַכט אַמאָל צוצופאָרן אַהין אַ קוק טאָן אויף מיין ליב שטעטל, וואו איך האָב מיינע בעסטע קינדער-יאָרן פאַרבראַכט און

וואו איך האָב אַזוי פיל גוטע פריינט. ניט וועלנדיק אַריינפאַלן אין ספיקות, האָב איך אויף גיך געענטפערט: מסכים! איך וועל פאָרן מיט אייך. אָבער, איך אַליין שפּיל דאָך ניט קיין טעאַטער, איך האָב אפילו אין פורים-שפּיל ניט מיטגעשפּילט.

— מיר ווייסן דאָס אויך. מיר ווייסן אַלץ, ווי איר זעט. אדרבא, ערשט דיך, ביעלאַס, דאַרפן מיר האָבן. דו ביסט דאָך אַ דיריגענט. דו ווייסט כאָטש וואָס דאָס מיינט? זיין אַ דיריגענט אין אַ טעאַטער!... ווער נאָך פאָרט מיט אונדז? מ׳טאָר ניט פאַרלירן קיין צייט.

פון אַלע משוררים, האָבן בלויז נאָך דריי זיך באַשלאָסן צו פאָרן מיט די אַקטיאָרן: זרילקע באַס, שמערל ציקל-זיך און שימעלע טאָק. מיר האָבן אָפּגעמאַכט, אַז אַלעס בלייבט אַ סוד, ביז מיר פאָרן אַוועק. שתיקה בלאַ פּיפּס.

— אָבער ווי אַזוי קריגן מיר הערשל בדכן און זעליקל קונצן-מאַכער? — האָט אַלץ דער הויכער געפרעגט. איז געבליבן, אַז זרילקע דאַרף זיך גלייך זען מיט זיי, זיי אַלץ דערציילן, זען אַז זיי זאָלן פאָרן און גלייך נאָך מעריב, זאָלן מיר זיך אַרויסלאָזן איינציק-ווייז, צו דער באַן. גיין צופּים, קיינער זאָל זיך דערוויל ניט דער-ווייסן. ביז מיר וועלן זיין העט, העט פון דאַנען.

אַרום צען אַזייגער אין אָוונט, ווען איך בין אָנגעקומען צו דער באַן, אַ מידער פון טאָפּטשען אַזאַ מהלך, אין אַזעלכע בלאָטעס, האָב איך שוין געטראָפן דאָרט מיינע חברים-משוררים. אָבער ווי אנגענעם איבעררעאַשט בין איך געווען, ווען איך האָב דערזען יסכה׳ן. ווי קומט זי אַהער און וואָס טוט זי דאָ? מיינט עס, אַז זי איז אַנטלאָפן פון דערהיים און פאָרט אויך מיט אונדז? יאָ, עס קאָן זיין, אַז דעם פאָטערס קלעפּ האָבן גורם געווען, האָבן געצוואונגען איר צו אַזאַ געוואַגטן שריט... אַז משוררים זאָלן איבערלאָזן דעם חזן פאַר פּסח און אַנטלויפן מיט אַקטיאָרן — דאָס איז קיין נייעס ניט. אָבער, אַז אַ מיידל, אַ באַלעבאַטיש קינד, זאָל טאָן אַזאַ זאַך?... נאָר ווער נאָך ווי מיר ווייסן וויפיל זי איז נעבעך אויסגעשטאַנען פון איר אכזריות׳דיקן טאַטן און צו וואָס אַזאַ האַנדלונג קאָן טרייבן. זי האָט מסתמא שוין ניט געקענט אַריבערטראָגן. געדאַנקען און פראַגעס האָבן געזשומעט אין מיין מוח און ס׳איז מיר געקומען אויפן זינען די אַלע מעשה-ביכלעך, וואָס איך פלעג נעמען ביים מוכר ספרים און

די זאַכן וואָס איך האָב דאָרט זיך אָנגעליִיענט, וועגן דעם ווי מען פלעגט פאַרנאַרן אָרנטלעכע, שיינע, אָרימע מיידלעך, צוזאָגנדיק זיי גאָלדענע גליקן און זיי פאַרפירן . . . ווער ווייסט ווער די צוויי פאַרשווינען זיינען? ווער ווייסט וואָס די צוויי דאַטשלעך זיינען אויסן? . . .

נאָר ווען דער הויכער מיט די ברילן, וועלכער האָט הפנים באַמערקט מיין פאַרלעגנהייט, האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן: וואָס ביסטו שטיין געבליבן אַזאַ פרעטשמעלעטער? איך קען לייענען געדאַנקען. וויל איך דיר פאַרזיכערן, אַז יסכה האָט איינגעווילקט צו פאָרן מיט אונדז, ווען מיר האָבן איר פאַרזיכערט, אַז דו, ביעלאַס, פאָרסט אויך. און אַז דו וועסט זי נעמען אונטער דיין השגחה צו מאַכן פון איר אַ זינגערין, אַ פרימאַדאָנא — דאָס האָט מיך אַביסל באַרואיקט.

בין איך צוגעגאַנגען צו יסכה'ן, איר געקוקט אין די אויגן אַריין, אַראָפּגעלאָזן מיין פעקעלע זאַכן, זי לייכט אָנגענומען ביי די הענט און געריעדט צו איר מיט צערטלעכע רייד: יאָ, יסכה, איך וועל דיך אָפּהיטן ווי אַ געטרייער ברודער, איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ זינגערין, אַ פרימאַדאָנא — אויב דו וועסט נאָר וועלן.

— יאָ, איך וויל, איך האָב אַלעמאָל געשטרעבט צו ווערן אַ זינגערין, — האָט יסכה געזאָגט און איר קול האָט געציטערט — איך האָב אַלעמאָל מקנא געווען די משוררים, ווען איך האָב זיי געהערט זינגען. איך האָב שוין לאַנג געטראַכט צו אַנטלויפן פון דערהיים . . . איך — האָב — מער — ניט — געקענט — איבערטראָגן . . . — טרערן האָבן איר גענומען שטיקן . . . זי האָט לייכט אַרונטערגעלאָזן איר גאָלד-געלאָקטן קאָפּ אויף מיין אַקסל און אַרויסגעוויינט . . . אַריינגעוויינט אין מיין געביין . . . אַן עלעקטרישער שטראָם איז דורך מיין גאַנצן קערפּער . . . איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. איך האָב איר געוואָלט טרייסטן — נאָר דאָס לשון איז מיר ווי אָפּגענומען געוואָרן; איך האָב געוואָלט אויפהייבן איר קאָפּ — נאָר די הענט זיינען מיר ווי געליימט געוואָרן. זי האָט געהעשעט — און איך האָב געפיבערט . . . דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, לעב איך דורך אַזאַ געפיל . . . אַזעלכע מאָמענטן, פון יונגע מענטשן, ווערן אין די ראָמאַנען-ביכער אָנגערופן „ערשטע ליבע" . . . אַלע משוררים זיינען געשטאַנען מיט אַוועקגעדרייטע קעפּ אין שווייגן און איך האָב געטראַכט: איז דאָס יסכה, די שטיפערקע,

די לאַכערקע? די יסכה, וואָס האָט אַלעמאָל ליב אַ בערעווע טאָן זיך און באַווייזן, אַז קיין בחור קען איר ניט בייקומען? ווי אַנדערש זי איז איצט. ווי אַ פאַרשולדיקט קינד, וועלכעס טוליעט זיך צו דער מאַמען מיט לאַסקעס — אַזוי האָט זיך יסכה געטוליעט צו מיר און געפּרואווט דערשטיקן אין זיך די טרערן. איך האָב געפילט אין מיין געביין, ווי זי ראַנגלט זיך מיט דער דעה: צי האָט זי גוט געטאָן מיט איר אַנטלויפן פון דערהיים, צי זאָל זי חרטה האָבן. כל זמן עס איז נאָך צייט און גיין צוריק צו אירע עלטערן, און איך האָב איר געוואָלט זאָגן, אַז זי דאַרף נישט פאָרן, זי דאַרף טאַקע גיין צוריק אַהיים. איר גוטע מאַמע וועט זיך אַזוי שטאַרק נעמען צום האַרצן און וועט דערפון אַ סך ליידן . . . אָבער דער טאַטע, דער קאַלטער גזלן, וועט דאָך איר דער׳הרג׳ענען, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז זי האָט בלויז בדעה געהאַט צו אַנטלויפן. ניין-ניין! זי טאָר נישט גיין צוריק! . . . אָבער וואָס קען איך טאָן? קען איך דען נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט? און וואָס וועלן אירע עלטערן טראַכטן פון מיר, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן? זיי וועלען דאָך מיך באַשולדיקן אין אַלעם און איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַז איך בין דאָך דאָ גאָרנישט שולדיק. איך האָב דאָך אפילו נישט געוואוסט, אַז זי קומט אַהער . . .)

און וואָס טראַכט איצט יסכה אַליין פון מיר? ווער ווייסט, וואָס די צוויי דאַטשן האָבן אָנגעגוזמעוועט וועגן מיר. איך האָב שוין חרטה געקריגן אויפן גאַנצן עסק. וואָס טוט מען, וואָס טוט מען!? ווי ווערט מען פּטור פון דעם אַלעמען?

פּלוצלונג — אַ גרילצנדיקער פייפן פון אַן אַנלויפנדיקן לאָקאָ־מאָטיוו האָט איבערגעשלאָגן מיינע געדאַנקען. איך האָב זיך אויפ־געכאַפּט ווי פון אַ שווערן חלום. זיך באַפרייט פון אונטער יסכה׳ס קאָפּ. דערזען ווי מענטשן לויפן און שטופּן זיך צום אַרויסגאַנג. וואָס טוען מיר? וואו זיינען מיר? וואו זיינען אַלע? — האָב איך גענומען רעדן צו זיך. — ווי פון אונטער דר׳ערד זיינען אויסגעוואַקסן די צוויי דאַטשן מיט זרילקען, דערלאַנגט אונדז בילעטן אין די הענט, גענומען אונדז טרייבן און שטופּן צום אַרויסגאַנג: די באַן ז׳דאָ.

אינסטינקטיוו זיינען מיר צוזאַמען מיטן גאַנצן שטראָם מענטשן אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע, אַרויף אויף דער באַן, געפונען פּלעצער, זיך באַזעצט און — מיר פאָרן שפּילן יידיש טעאַטער.

נאָך אַ גאַנצע נאַכט פאָרן, זײַנען מיר אָנגעקומען אין קוטנאָ, ווען ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג. יעדער מיט זײַן אייגן פּעקל וועסטשעס, זײַנען מיר אַראָפּ פון דער באַן, וואו עס האָבן שוין גע־וואַרט אויף אונדז יענע צוויי פאַרשווינען, די „אופּראַוולאַיסטשעס", די פאַרזאָרגערס, בײַדע, מיט גרויסע, פונגאַדערגעעפנטע אַפּישן אין די הענט, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעקוקט גרויסע ווערטער:

## ב ר ו ך  ה ב א

## דאס גראָסע וואַנדער טעאַטער פון וואַרשע איזט דאַ

זיי ווערדען שפּילן דאס היסטאָרישע שטיק

## ב ר  כ ו כ ב א

מיט הימלישע געזענגע

גראָס אונד קליין

זאָלען קאָמען צו געהן

סווירד זיין וואָנדער שעהן

מען האָט נאָך נימאלס אזאָנס געטאָהן זעהן

אַזוי ווי איר זעט דאָ, אַזוי איז עס געווען אויסגעקסיזועט אויף ווײַסע פּאַפּיר.

די צוויי דאַטשן האָבן אונדז פאָרגעשטעלט פאַר די צוויי אַפּיש־האַלטער: „הערר פישגאָדא אונד הערר זילבעררינג".

אַרום אונדז האָט זיך דערווײַל געקליבן אַ גרויסער עולם. באַלע־גאָלעס האָבן געקנאַקט מיט די בײַטשן און געשלעפּט די פאַרשווינען. אָבער די געניטע אופּראַוולאַיסטשעס האָבן זיך ניט גערירט. זיי זײַנען הפּנים געווען צופרידן וואָס עס קלײַבט זיך אַזאַ עולם און איך האָב דערהערט אַ שושקערײַ: דער ביעלאַס איז דאָך מיט זיי! און הענט האָבן זיך גענומען ציען פון אַלע זײַטן: שלום עליכם! שלום עליכם! מײַן האַרץ האָט געזעצט ווי מיט האַמערס. שלמה מלאך, דער לאַנגער באַלעגאָלע, בײַ וועמען איך האָב אַמאָל געגעסן אַ „טאָג", האָט מיך געגעבן אַ טאַשטשע מיט זײַנע געזונטע, קנאָכיקע הענט, מיך גע־שלעפּט צו זײַן בויד. יסכה הינטער מיר און הינטער יסכה'ן זײַנען נאָכגעגאַנגען די איבריקע פון דער טרופּע. איידער מ'האָט אונדז אַרײַנגעפּאַקט אין דער בויד, איז שיר אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן

די באַלעגאָלעס, ווייל שלמה מלאך וויל פאַרכאַפּן אַלע פאַרשווינען. דאָס געזעמל איז געוואָרן גרעסער. דאָ האָט זיך געגעבן אַ שטעל אַוועק דער „הערר פשיגאָדא" און גענומען רעדן: יידעלעך! צו וואָס זיך קריגן? אין גאַנצן זיינען דאָ דריי דראָשקעס און איין בויד, וועלן מיר זיך צעטיילן. יעדער וועט נעמען אַ פּאָר פאַרשווינען, אַבי זאָל זיין שלום. מיר אַלע גייען צו אייך און דערפאַר וועט איר אַלע קומען צו אונדז אין טעאַטער און זען, און טאַקע הערן אייער באַ־ליבטן ביעלאָס צוזאַמען מיט דער גאַנצער טרופּע קינצלער און — מיר זיינען פאַרפאָרן צו הערשל גורקעבער, דער זאַמלפּונקט פון אַלע באַלעגאָלעס, די אכסניה פאַר אָרים און רייך.

פאָרנדיק פון דער באַן, דורך די דריי לאַנגע אַלייען, אין שטאָט אַריין, האָט מיין האַרץ געקלאַפּט ווי מיט האַמערס. קוטנאָ, מיין היים־שטאָט קען מען זאָגן, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע שענסטע קינדער־יאָרן. עס האָבן גענומען אויפשטייגן, פאַרביישוועבן און לע־בעדיק ווערן פאַר מיר די געסלעך, די הייזער, די שול, וואו איך האָב מיינע סאָלאָס געזאָגט; די באַלעבאַטים וואו איך האָב מיינע „טעג" געגעסן; חברים, פריינט און סתם באַקאַנטע; מיינע איבערלעבונגען מיטן הויקערל, מיט אַלע משוררים און איך האָב זיך גענומען פאָר־שטעלן מיינע באַגעגענישן מיט זיי. ווי זיי וועלן מיך אויפנעמען. וואָס וועט דער חזן טראַכטן פון מיר, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז איך בין געקומען מיט אַ חברה אַקטיאָרשטשיקעס? ער פלעגט דאָך רעדן מיט אַזוי פיל ביטול וועגן זיי. האָב איך זיך גענומען פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין: איך בין דאָך ניט קיין אַקטיאָר. איך וועל דאָך זיין דער דיריגענט, דער געזאַנג־לערער. דאָ וועל איך האָבן אַ מעגלעכקייט צו שאַפן מיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס. דער אמת איז דאָך, אַז פאָרנדיק דורך דער לאַנגער נאַכט אויף דער באַן, ווען אַלע האָבן געכראָפּעט אויף די הילצערנע בענק און יסכה איז געשמאַק געשלאָפן, אָנגעשפּאַרט אויף מיין אָרעם — בין איך געזעסן וואַך און געשפּונען קאָמפּאָזיציעס, באַזירט אויף די לייט־מאָטיוון פון די שענ־סטע שול־געזאַנגען, תפילות, וועלכע איך האָב דורך די אַלע יאָרן געזונגען טאַקע ביים קוטנער חזן.

עס דערמאָנט זיך מיר: ווי איינמאָל האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים קוטנער חזן אַ משורר, וועלכער האָט דערציילט, אַז ער איז געווען אין לאָדז און געהערט אין טעאַטער שפּילן שולמית, פון אברהם

גאָלדפאַדען. און דאָרט האָט מען געזונגען גאַנצע שטיקער פון תפילות. אין איין פלאַץ האָט ער געהערט, ווי שולמית האָט געזונגען „אָ, די קאַצע, אַ די", מיטן זעלביקן ניגון ווי יי זכרנו. עס איז געווען וואונדערלעך שיין. און אין בר כוכבא און אין עקדת יצחק, זיינען אויך אַריינגעוועבט פּרעכטיקע מאָטיוון פון תפילות. דערפאַר איז דאָס געזאַנג אַזוי שיין. דערמאָן איך זיך, ווי דער משורר האָט פאַרגעזונגען פאַר אונדז טאַקע פון בר כוכבא:

אַזוי, אַזוי זאָגט גאָט אַצינד,
איך קען דיך ניט מער,
ביסט ניט מער מיין קינד.
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד.
אוי ציון'ס ליכט צאַנקט אַצינד,
לעשט אייביק אוים,
שיינען וועט דיר מער ניט מיין קינד,
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד.

דאָס איז דאָך אָמנם כן, האָט געזאָגט דער חזן און אַלע משוררים האָבן אָנגעהויבן זינגען מיטן זעלביקן ניגון:

געול, געול מרגל,
וגם פגל
וגם פגל ספרו.
דוד שואג בקול,
קול דברו
סלחתי.

אָט דאָס איז דאָך פּשוט גנבה, האָט געזאָגט דער חזן מיט כעס. אָט דאָס וואונדערלעכע געזאַנג האָט מען פאַרשוועכט. פון שול, להבדיל, פאַרשלעפּט אין טעאַטער צו די באַלאַנאַנצעס. האָט זיך אַליץ דער חזן געקאָכט. און דער יונגערמאַן, דער פרעמדער משורר, האָט געזאָגט אַזוי: „זייט מיר מוחל, חזן, עס איז ניט אַזוי. איך האָב גערעדט מיט זייער דיריגענט. אַ געוועזענער משורר, היינט אַ גאַר פיינער מוזיקער, וועלכער איז אגב אַ חזנ'ס אַ זון, עמערמאַן איז זיין נאָמען, און ער האָט מיר דערקלערט: גאָלדפאַדען האָט ניט גע'גנב'עט. ער האָט בכיוון גענומען מאָטיוון פון תפילות און

אריינגעוועבט אין זיינע היסטאָרישע אָפּערעטעס, ווי: שולמית, עקדת יצחק, בר כוכבא, אחשורוש. ניט געוואָלט איבעררייסן דעם גאָלדענעם פאָדים פון אונדזער געשיכטע. לייגן אַ בריק פון טעאַטער און דער שול. ניט האָט גאָלדפאַדען פאַרשוועכט, נאָר פאַרהייליקט, פאַראייביקט די תפילות. זיצנדיק אין טעאַטער און זעענדיק בר כוכבא, ווי דער אַלטער תנא, ר׳ אלעזר המודעי שטעלט זיך קעגן דעם יידישן העלד כר כוכבא, אָדער בר כוזיבא, וועלכער רייסט זיך צום קאַמף, צום אויפשטאַנד קעגן די רוימער — ווערט מען פאַר׳כישופ׳ט. און ווען אין לעצטן אַקט, ווי ר׳ אלעזר גייט אוים אויף די הענט פון די סנהדרין און שטאַרבנדיק זינגט ער אַזוי וואונדערלעך, אַזוי צויבערלעך: „אַזוי, אַזוי זאָגט גאָט אַצינד, — האָבן אַלע מענטשן אין טעאַטער מיטגעוויינט״ . . . אַלע זיינען געבליבן זיצן ווי געפּלעפט פון די שיינע רייד, פון דעם משורר. דער חזן האָט מער גאָרניט גערעדט. נאָך אַ לאַנגען שווייגן, האָט דער חזן באַמערקט: „מילא, אפשר זיינען זיי גערעכט״ . . .

איצט בין איך געווען זיכער ביי זיך, אַז דער חזן וועט ניט קוקן קרום אויף מיר, וועט זיכער ניט זיין בייז אויף מיר, ווען איך וועל אים דערמאָנען יענע רייד, פון יענעם משורר. יאָ, דער וועג פון דעם אַמאָליקן משורר, איז געווען דער וועג צום יידישן טעאַטער.

# פאָלקס-לידער

וואָס עלטער אַ פאָלק איז, אַלץ גרעסער איז דער אוצר פון זיין געשאַפענעם פאָלקלאָר; וואָס מערער און שווערער אַ פאָלק האָט געליטן אין זיין געשיכטע, אַלץ רייכער און אינטערעסאַנטער איז זיין געשאַפענער פאָלקלאָר; וואָס מער וואַנדערונגען, דורך רדיפות און נגישות, אַ פאָלק האָט דורכגעמאַכט, אַלס פאַרשיידנאַרטיקער און פאַרבנרייכער איז זיין געשאַפענער פאָלקלאָר.

איז דערפאַר קלאָר: אַז דאָס יידישע פאָלק האָט געשאַפן און פאַרמאָגט אַ קאָלאָסאַלן אוצר פון יידישן פאָלקלאָר, וועלכער שפּיגלט אָפּ דעם גאַנצן לעבנס-שטייגער פונם פאָלק, מיט אַלע זיינע פריידן און ליידן. ביי אַלע פעלקער, אין אַלע צייטן, איז דער פאָלקלאָר בכלל און דאָס פאָלקס-ליד בפרט געווען אַ קוואַל פאַר דעם געשיכטע-שרייבער, פילאָלאָג, וואָרט- און טאָן-קינסטלער, וועלכע האָבן גע-שעפּט אינפאָרמאַציע און אינספּיראַציע. אין דעם אַלגעמיינעם פאָלק-לאָר פאַרנעמט דאָס געזונגעלע ליד דעם סאַמע אויבן-אָן.

דער הויפּט-פאַקטאָר, וואָס האָט פּאָפּולער געמאַכט אַ פאָלקס-ליד, איז געווען דער ניגון. איז דער ניגון געווען זינגעוודיק און צו-גענגלעך, האָט דאָס ליד געקראָגן אַ תיקון און האָט געהאַט אַ קיום צווישן פאָלק. אויב אָבער ניט — זיינען טאַקע פאַרלוירן געגאַנגען אַ סך לידער.

וואָס איז אַ פאָלקס-ליד און ווי אַזוי זיינען פאָלקס-לידער געשאַפן געוואָרן? (אין היינטיקע טעג שאַפט זיך ניט קיין פאָלקס-לידער.)

מיט יאָרן צוריק, ווען יעדע שטאָט און שטעטל האָט נאָך קיין טעגלעכע פרעסע ניט געהאַט, וועלכע זאָל בחרף עין פאַרשפּרייטן אַ וויכטיקע פּאַסירונג איבער גאָר דער וועלט — דעמאָלט, אַז ס'האָט

געטראָפן עפּעס אַ וויכטיקע געשעעניש, אַ גליק אָדער אַן אומגליק, האָט עמיץ געשאַפן וועגן דעם אַ ליד, וועלכעס איז איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל, פון שטאָט צו שטאָט און אפילו פון לאַנד צו לאַנד.

איך געדענק, למשל, ווי אין לאָדז, פון וואַנען איך קום, האָט אַ מיידל — רבקה דעם קאָוואַלס האָט מען זי גערופן — אויסגעברענט די אויגן מיט וויטריאָל איר געליבטן, ווייל ער האָט צוגעזאָגט חתונה צו האָבן מיט איר, און אַנשטאָט דעם האָט ער זי פאַראומגליקט און דאַן אַוועקגעוואָרפן — איז וועגן דעם געשאַפן געוואָרן אַ ליד: „רבקה דעם קאָוואַלס".

אין וועלכן שטעטל האָט ניט געטראָפן אַן ענלעכע זאַך? האָבן אַנדערע שטעטלעך איבערגענומען דאָס ליד, געענדערט די נעמען, צוגעפּאַסט צו די לאָקאַלע אומשטענדן, האָט מען פאַרגעסן אַ וואָרט אָדער אַ טאָן, האָט מען צוגעפּאַסט אייגנס — דערפון נעמט זיך, וואָס אויף יעדן פאָלקס-ליד זיינען פאַראַן אַזוי פיל וואַריאַציעס.

טויזנטער פאָלקס-לידער זיינען שוין ביז היינט געזאַמלט געוואָרן, וועלכע דערציילן אונדז די פריידן און ליידן, צער און שמחה, בטחון און פאַרצווייפלונג פונם פאָלק. דער יידישער לעבנס-שטייגער שפּיגלט זיך אָפּ, כמעט אין דעטאַלן, אינם פאָלקס-ליד. אָט-אָ די, אַן אַ שיעור, פאָלקס-לידער זיינען די באַגלויבטסטע עדות, וועלכע גיבן אונדז אַ באַגריף ווי דאָס פאָלק האָט געלעבט פריער, פאַר אונדזערע טעג. דאָך זיינען נאָך פאַראַן אַזעלכע, וואָס קוקן מיט ביטול אויפן פאָלקס-ליד. ריכטיק באַמערקט דער פאָלקלאָריסט וואַנווילד: „גיי דערצייל זיי, אַז די אַלע לידער, מעשיות, שפּרוך-ווערטער, וויצן, רעטענישן און אַבערגלויבנס — גיי דערצייל זיי, אַז פון דעם באַקומט זיך דער גאַנצער נאַציאָנאַלער און קולטורעלער כאַראַקטער פון אַ פאָלק."

מיר דאַרפן זינגען פאָלקס-לידער, ניט בלויז ווייל עס אַמוזירט און פירט אונדז צוריק אין דער יוגנט אַריין — נאָר ווייל זיי האָבן אַ קולטור-היסטאָרישן ווערט און לערנען אונדז טיילווייז געשיכטע.

כדי צו ווייזן דעם געשיכטלעכן ווערט פון פאָלקס-ליד, וועלן מיר דאָ פּרואוון געבן אַ פּאָר קאַפּיטלען יידיש לעבן, געשילדערט דורכן פאָלקס-ליד, געקליבן און איינגעטיילט אַזוי, אַז עס באַקומט זיך אַ גאַנץ בילד.

# ליבע ביי יידן

ליבע ביי יידן אַמאָל איז געווען אַנדערש ווי ביי ניט־יידן. די ליבע ביי יידן האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן וועג, מיט ביטערע קאַמפּן. פאַרליבן זיך איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ פאַרברעכן. אין טייל יידישע הייזער פלעגן פאָרקומען גרויסע מחלוקות און אָפט שרעק־לעכע טראַגעדיעס, ווען אַ בחור אָדער אַ מיידל האָבן חלילה חתונה געהאַט מיט דעם, וואָס זי אָדער ער האָבן אַליין אויסגעקליבן — אָן די עלטערנס הסכמה. עס איז באַטראַכט געוואָרן ווי שמד און אפשר נאָך ערגער . . . אין טייל גאָר פרומע הייזער האָט מען זיך געזעצט שבעה, גלייך ווי דאָס קינד וואָלט געשטאָרבן. און פאַרוואָס? ניט דערפאַר וואָס דער זון אָדער די טאָכטער וועט ניט לעבן גליקלעך — ניין! עס איז ניט אָנגעשטאַנען דער יחוס. ניט בלויז יחוס, נאָר אָרעם און רייך האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע.

— וויפיל נדן קענט איר געבן מיין זון?

מ׳האָט פשוט געקויפט און פאַרקויפט קינדער. מ׳האָט ניט באַ־צאָלט נאָכן ווערט פון דער סחורה (חתן־כלה), נאָר נאָכן שטאַנד פון די עלטערן. אָט דער גאַנצער, ביז גאָר אינטערעסאַנטער, קאַפּיטל יידיש לעבן איז איינגעוועבט אין דעם יידישן פאָלקס־ליד.

דער קאַמף, וואָס יידישע זין און טעכטער האָבן געפירט פאַר זעלבסט־באַשטימונג, פאַר דעם רעכט אַליין אויסצוקלייבן דעם, וואָס מ׳האָט ליב — שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם יידישן פאָלקס־ליד, אין דעם ליבע־ליד.

⁂

געווען אַ צייט, גאָר ניט לאַנג צוריק, ווען אין דעם קליינעם, איירָאָפּייאישן שטעטל, האָט זיך אַ מיידל פאַרליבט אין אַ בחור און געמוזט דערשטיקן אין זיך יעדן געפיל, מורא האָבנדיק פאַרן צאָרן פון טאַטע־מאַמע. דאָס פאַרליבטע מיידל האָט מורא געהאַט דעם סוד איבער די ליפּן צו ברענגען, ווייל „וועלנט האָבן אויערן" און מענטשן קענען זיך דערוויסן, און איר גליק קאָן צעשטערט ווערן. אפילו דער געליבטער האָט ניט געוואוסט דערפון, ווייל מ׳האָט זיך ניט געטאָרט

טרעפן מיט אַ בחור. פלעגט זיך דאָס מיידל פאַרקלייבן ערגעץ איינזאַ־קע אַליין, אָדער ביינאַכט אויפן געלעגער זינגען אין זיך:

„דיינע אויגן זיינען שיין,
זיי זיינען ביי מיר טייער;
מיט דיין ליבן, זיסן חן
האָסטו אָנגעצונדן אין מיין האַרץ אַ פייער.
אוי, מיין האַרץ ציט צו דיר,
זי צעברעכט אין מיר אַלע ביינער,
און די ליבע ברענט אין מיר,
פון דער ליבע ווייסט ניט קיינער."

אָדער:

„אויפן ים וועיעט אַ ווינטעלע, וועיעט אַ ווינטעלע
און די כוואַליעס שלאָגן.
איך האָב זיך פאַרליבט אין אַ שיין יינגעלע,
איך שעם זיך פאַר אייך אויסצוזאָגן."

האָט מען דער יונגער, פאַרליבטער מיידל אָנגעהויבן רעדן שידוכים און זי — האָט בלויז געזען דעם, וועמען זי האָט ליב אַלס דעם שענסטן און איינציק אויסדערוויילטן אויף דער גאַנצער וועלט:

„ס'איז פאַראַנען בריליאַנטן,
וועלכע זיינען שיין,
אַז מען קוקט זיך אין זיי איין,
זיינען זיי געמיין.
אָבער מיין בריליאַנט, אין דער גאַנצער וועלט
קען מען ניט געפינען —
וואו איך גיי און וואו איך שטיי
האָב איך אים אין זינען."

יאָ, בלויז אין זינען האָבן, טראַכטן פון דעם געליבטן און ניט מער. האָט דאָס מיידל געליבט און געליטן, געליבט היים און געוועלקט מיט איר ליבע־סוד אין האַרצן.

ניט בלויז מיידלעך האָבן זיך פאַרליבט און געמוזט באַהאַלטן, דערשטיקן יעדן געפיל. ליבע פרעגט ניט קיין פּאַספּאָרט, ליבע קלייבט ניט איבער. איז ער אַ זון פון אָרעמע באַלמעלאָכעס און זי — וועמען ער האָט ליב — אַ טאָכטער פון פאַרמעגלעכע, באַלעבאַטישע עלטערן. האָט ער זי טאַקע ליב, אָבער וואַגט ניט דעם סוד זיין געליבטע צו פאַר־

טרויען. ווי קומט ער צו איר? . . . פאַרקלייבט ער זיך ערגעץ טיף אין וועלדל הינטערן שטעטל, און זינגט זיך אַראָפּ פון האַרצן:

„טיף אין וועלדעלע שטייט אַ ביימעלע
און די צווייגעלעך בליען;
און ביי מיר, אָרעם שניידערל,
טוט דאָס הערצעלע ציען.

אויפן ביימעלע וואַקסט אַ צווייגעלע
און די בלעטער זשושען;
און מיין אָרעם שוואַכעס הערצעלע
ציט צו מיין זיסער רוזשען.

אויפן צווייגעלע שטייט אַ פייגעלע
און דאָס פייגעלע פּישטשעט;
און ביי מיר, אָרעם שניידערל,
מיין האַרץ פאַר ליבע טרעשטשעט."

„דאָס קריגל גייט אַזוי לאַנג צום וואַסער — זאָגט מען — ביז דאָס אויער רייסט זיך אָפּ". פלעגט שוין טרעפן, אַז ער אָדער זי האָבן מער ניט געקענט אַריבערטראָגן די ליבע צו דערשטיקן אין זיך. דאָס האַרץ פלעגט צעריסן ווערן פון בענקשאַפט און בחור-מיידל האָבן געגאַרט צו געניסן פון זייער ליבע. אָבער ווי אַזוי? וואו קען מען זיך טרעפן אין אַזאַ באַהעלטעניש, אַז מענטשן זאָלן ניט דערזען און דערטראָגן צו טאַטע-מאַמע? די נאַאיווע קינדער האָבן געגלויבט, אַז גאָט ווייסט פון אַלץ וואָס איז פאַרבאָרגן אונטערן האַרצן און איז דערצו אַ דערבאַרימדיקער, אַן אל רחום וחנון — ווענדט מען זיך אַהין, וואו אַ סוד בלייבט אַ סוד:

„אוי, איינעם גיסטו קליידער
און איינעם גיסטו געלט.
איינעם גיסטו כבוד,
אום אויסצופירן די וועלט.
מיר גיב אַ שטיבעלע אין וואַלד,
פאַרשטעלט מיט בלעטער גרינע,
איך מיט מיין ליובטשעניו,
זאָלן מיר זיין אין דרינע . . ."

גוטע וואונטשן אַליין זיינען אָבער ניט געווען גענוג. האָבן אַנדערע אָנגעהויבן וואָגן. מעגן טאַטע-מאַמע זיך דערוויסן — אַ סוף

מוז עס נעמען. האָבן בחור־מיידל, דורך געהיימע צעטעלעך, זיך באַ־
שטעלט צו טרעפן ערגעץ אין אַ באַהאַלטן ווינקל . . . זיך דערקלערט
אין ליבע . . . אַ פעסטן דריק . . . אַ הייסן קוש . . . און ווי לאַנג
קען דאָס אַזוי אָנגיין ? . . . נעמט מען רעדן פון תכלית . . . פרעגט
דער שיינער, געזונטער, פון דער מיידל אויסגעָחלומ׳טער בחור, ביי
דער פאַרמעגלעך באַלעבאַטישער טאָכטער : „ביסטו גרייט מיט מיר
חתונה צו האָבן ?" — טראַכט זי אַ ווײַלע און ענטפערט :

„איך האב דיך ליב, דו מעגסט מיר זיכער גלויבן,
איך קען ניט לעבן אָן דיר איין מינוט ;
מיין הארץ וואָלט איך פאַר דיר אַוועקגעגעבן,
נאָר חתונה האָבן קען איך מיט דיר ניט."

ווייל זי האָט געוואוסט, אַז טאַטע־מאַמע וועלן צום שידוך בשום
אופן ניט דערלאָזן. עס וועט זיי ניט אָנשטיין דער יחוס און אַ באַלמע־
לאָכע דערצו. ווידער, גיין קעגן די עלטערן, האָט זי אויך ניט גע־
קענט — זיי קענען איר נאָך דערפאַר אַרויסטרייבן פון שטוב. און אַזוי
ווייט האָבן די מיידלעך נאָך ניט געוואָגט צו גיין. אויפגעבן איר גע־
ליבטן האָט זי דאָך אָבער אויך ניט געקענט — האָט זי געטראַכט און
געטראַכט און באַשלאָסן צו רעדן מיט דער מאַמען. אַ מאַמע איז
פאָרט אַ מאַמע . . . קען זיין, אַז די מאַמע אַליין האָט אויך אַמאָל
ליב געהאַט אָן אַנדעדן . . . אפשר וועט זי איר פאַרשטיין און פועל׳ן
ביים טאַטן . . . אָבער נאָך לאַנגע און הייסע טענות מיט דער מאַמען,
איז די מאַמע פאַרבליבן פאַר׳עקשנ׳ט און די טאָכטער בעט זיך מיט
גוטן :

„מאַמעניו, קרוינעניו, האַרצעניו, ליובעניו,
שווייג שוין אָביסעלע שטיל ;
לעש מיר אָפּ דעם העלישן פייער
און גיב מיר דאָס יינגעלע איך וויל."

פרואווט די מאַמע מיט האַרבע רייד איבערצייגן דער טאָכטער :
„זע אין וועמען דו האָסט זיך איינגעליבט, אין אַ שניידערוק, אַ קבצן
אין זיבן פאָלעס. וועסט דאָך ניט האָבן ביי אים קיין קליידל אויפן
לייב. וועסט דאָך דאַרפן גיין מיט אים איבער די הייזער ! און פון
אונדז קענסטו גאָרנישט דערוואַרטן ! באַרעכן זיך גוט וואָס דו גייסט
טאָן. וועסטו אָבער נעמען דעם חתן וואָס מיר ווילן דיר געבן —

וועסטו קריגן נדן, ווי עס פּאַסט פאַר דיר און פאַר אונדז; שיינע קליידער, שיינע צירונג." ענטפערט דאָס מיידל מיט טרערן:

„איך וויל ניט קיין נדן, איך וויל קיין ברילִיאַנטן,
איך דאַרף ניט קיין שיינעם אויסגאַנג;
גיב מיר נאָר, מאַמעניו, דאָס יינגעלע איך וויל,
אַז דעם וואָס איך ליב שוין פון לאַנג."

די עלטערן זיינען אָבער געבליבן ביי זייערס. עס האָבן זיי ניט גערירט די טרערן און ליידן פון זייער אייגן קינד — אַבי דער יחוס און כבוד ווערט אָפּגעהיט. מיידלעך, געוויינלעך, זיינען נאָכגעביקער. האָבן די עלטערן אויסגעפירט. אָבער בחורים האָבן מער געוואַגט. און דוקא דערפאַר, זיינען די עלטערן מיט בחורים געווען מער שטרענג. די עלטערן פון אַ בחור האָבן געהאַט די טרומף-קאַרט. דער בחור פלעגט זיין די טייערע סחורה, וועמען כלה'ס צד האָט געדאַרפט איינהאַנדלען. און אויב אַ באַלעבאַטיש-רייכער בחור האָט זיך אויף אַן אמת פאַרליבט אין אַן אָרעם, פון אַ נידעריקערן שטאַנד, מיידל — און ווען זיינע עלטערן האָבן זיך דערפון דערוואוסט — האָט עס אָפטמאָל געפירט צו שרעקלעכע טראַגעדיעס. דאָס פאָלגנדיקע ליד איז אַ רעזולטאַט פון אַזאַ געשעעניש:

„— דו צעברעכסט מיר מיין האַרץ, מיין גילדערנע מוטער,
דו צעברעכסט מיר מיין האַרץ ווי אַ שאַרבן;
וועסטו מיר ניט געבן פייגעלען פאַר אַ ווייב,
יונגערהייט וועל איך שטאַרבן.

— יונגערהייט, מיין קינד, זאָלסטו שטאַרבן,
יונגערהייט וועט מען דיך באַגראָבן;
פייגעלען פאַר אַ ווייב וועט מען דיר ניט געבן,
פייגעלען וועסטו ניט האָבן.

— מאַמע-לעבן, קרוינע לעבן,
אַ מת וועסטו האָבן אין דיין שטוב;
אַז דו וועסט מיר ניט געבן מיין טייערע פייגעלען,
דאָס מיידעלע וואָס איך האָב ליב.

— אוי, לייבעלע לעבן, קרוינע לעבן,
אַ מת זאָל איך האָבן אין מיין שטוב;
איידער דיר געבן פייגעלען פאַר אַ ווייב,
אַז די מויד וואָס דו האָסט ליב."

און לייבעלע האָט געהאַלטן וואָרט. ווייל צו־היים האָט ער גע־ליבט זיין פייגעלע, ער זאָל קענען אַן איר לעבן. אין דעם זעלביקן ליד דערציילט זיך, ווי לייבעלע האָט זיך אַריינגעטאָן סם אין עסן — און די עלטערן האָבן געהאַט אַ מת אין שטוב. קומט דאָס מיידל אין שטוב און קלאָגט און שווערט:

„אַך מענטשן, איר מענטשן, איר אַלע מענטשן,
זעטס נאָר ווער דאָ ליגט טויט;
פאַר אַלע מענטשן טו איך הייס שווערן,
אַז איך וועל פאַרבלייבן אַ מויד.״

איז פייגעלע געווען פון די באַשיידענע מיידלעך, וועלכע האָט ניט געפאָדערט פון איר געליבטן, ער זאָל ניט קוקן אויף טאַטע־מאַמעס רייד און חופה שטעלן. ווייל ליבע איז שטאַרקער פון טאַטע־מאַמעס ווילן. עס האָבן זיך אָבער שפּעטער געפונען מיידלעך, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגענומען אַ מוסר השכל און ניט געוואָלט האָבן פייגעלעס סוף. אָט ווי אַן אָרעם אַרבעטער־מיידל בעט זיך ביי איר באַלעבאַ־טישן געליבטן:

„איך האָב שוין ניט קיין כוח ביי דער אַרבעט איינצוזיצן,
פאַר מיין מאַמען זאָג איך ניט אַרויס, אוי אַרויס.
זע, האָב אויף מיר רחמנות און ווער פאַר מיר אַ חתן,
און נעם מיך פון דער אַרבעט אַרויס, אוי אַרויס!״

איז דער בחור זיכער, אַז זיינע עלטערן וועלן ניט מסכים זיין, כאָטש ער האָט זי ליב, נאָר ער שרעקט זיך פאַר די קאָנסעקווענצן. הייבט ער אָן זאָגן פוילע תירוצים:

„פאַר דיר אַ חתן ווערן, האָט פאַר מיר קיין ראַשטשאָט ניט,
ווייל איך בין אַ יינגעלע צום שטיין, אוי צום שטיין.״

דערפילט דאָס מיידל, אַז דער בחור וויל זי פאַרלאָזן — ענטפערט זי בייז:

„און אַז דו ביסט אַ יינגעלע מיט פאַלשע געדאַנקען,
פון פאַניעס הענט זאָלסטו ניט אַרויסגיין, אַרויסגיין.״

דערקלערט איר דער בחור: איך האָב דיך ליב. אָבער מיט ליבע אַליין קען מען ניט לעבן. איך האָב קיינמאָל ניט פאַרדינט. מיינע עלטערן וועלן מיך פון הויז פאַרטרייבן. איך וואָלט אפשר גע׳פועל׳ט זיי זאָלן צושטימען, ווען דו האָסט אַביסל נדן. ענטפערט דאָס מיידל פאַרביטערט:

„דיין טאטע וויל נדן, דיין מאמע וויל נדן,
זיי מיינען פון דעם נדן וועלן זיי ווערן רייך, אוי רייך!
גאט קען זיי שענקען, דעם נדן צו פארקרענקען
מיט אלע קבצנים זאלן זיי זיין גלייך, אוי גלייך!"

די פראסטע אבער הארציקע ווערטער האבן אויף דעם בחור געווירקט. ער דערפילט, אז ער האט דאך זי טאקע ליב און ער שרעקט זיך, אז אירע ווערטער קענען נאך מקוים ווערן. כאפט ער זי ארום און פארזיכערט איר:

„דיך האב איך ליב, דיך וועל איך נעמען,
איך וועל דיך נעמען אן א גראשן געלט, אוי געלט!
דעם טאטן אויף צו להכעיס, די שונאים אויף קדחת,
מיר דיר וועל איך אויסלעבן די וועלט, אוי די וועלט!"

נית אלע בחורים האבן אזוי געטאן. גאר א סך רייכע, צעבאַלעוועטע זינדלעך האבן איינגערעדט גאלדענע גליקן די ארעמע אבער שיינע און נאאיווע מיידלעך. האבן די מיידלעך געגלויבט די ליבע-רייד און פאנטאזירט ווי גוט זיי וועט זיין נאך דער חתונה. די אלץ-מעגנדיקע בענאקלעך זיינען אבער גיך זאט און מיד געווארן, כדי צו געפינען א נייעם קרבן. און ווען אזא מיידל דערפילט ווי דער בחור ווערט קעלטער און דערווייטערט זיך, ווענדט זי זיך צו אים מיט תחנונים:

„טאמער גייט עס דיר אין נדן? —
מיין טאטע וועט פארקויפן די שטיב;
לאמיר ביידע חתונה האבן,
ווייל איך האב דיך אזוי ליב.

טאמער גייט עס דיר אין יחוס? —
מיין זיידע איז געוועזן א רב;
מיין טאטע איז געוועזן א שיינער ייד אין שטעטל,
אוי, זאל שוין נעמען א סוף.

אבער ווען דאס בעטן העלפט נית און דער בחור פארלאזט זי פארט — פארקלייבט זיך דאס מיידל אין א שטילן ווינקל און באַוויינט איר ביטער מזל:

„איך האָב געפּירט אַ ליבע,
איך האָב געשפּילט אַ ראָלע;
איך האָב דאָך געמיינט,
אַז איך וועל זיין זיין כלה.

ניט אַזוי זיין כלה
ווי זיין אייגן ווייב:
צרות האָב איך אין האַרץ
און אַ ווייטיק אין לייב.

די צרות און שמערצן
קען קיין דאָקטער ניט היילן;
דעם גרונט פון מיין האַרצן
קען איך קיינעם ניט דערציילן.

בלומען בליען אין גאָרטן,
דער רעגן גיסט אויף זיי;
אוי וויי איז צו מיר,
וואו איז מיין קאָליר.

ניט אַזוי די קאָליר,
ווי די אייגענע פאַרבן;
איידער אַזאַ לעבן,
איז קראַנטער צו שטאַרבן."

כמעט אַלע מאָל איז דאָס מיידל געווען די, וועלכע האָט טייער באַצאָלט . . . ווייל די מורא און שאַנד חלילה געשטרויכלט צו ווערן, האָט דעם בחור ניט געשראָקן. און ווייל אין יענע יאָרן האָט מען מיידלעך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון מאַנספּערשוינען — זיינען די מיידלעך, ביי דער ערשטער באַגעגעניש און באַרירונג מיט אַ בחור, ווי פאַר׳כישופ׳ט געוואָרן . . . גלויבנדיק די צוזאָגן פון די רייכע, צעלאָזענע בחורים, האָבן זיך די מיידלעך פאַרגעסן . . . פאַרלאָרן . . . און ווען דאָס אָרעמע מיידל דערפילט לעבן אין איר אינגעווייד — איז שוין צו־שפּעט, ער האָט זי שוין פאַרלאָזן. וואָס האָט דאָס אומגליקלעכע מיידל געקענט טאָן? אָט וואָס:

„כיהאָב אָנגעהויבן אַ ליבע צו פירן,
מיט חשק און מיט אַכאַטע;
פון גלייכן וועג האָט ער מיך אַראָפּגעפירט
און אַריינגעפירט אין אַ גרויסער בלאָטע.

אין אַ בלאָטע האָט ער מיך אַריינגעפירט,
איך קען שוין מער ניט אַרויסקריכן;
אוי, מיין לעבן מוז איך מיר נעמען,
אַרומגיין זאָל ער מיך דאָן זוכן."

מער ווי איין מיידל האָט זיך אין טייך דערטרונקען, ניט וועלנדיק פאַרשאַפן די עלטערן אַזאַ שאַנד, ניט וועלנדיק דערלעבן פון לייטן די נקמה און ניט קענענדיק אַריבערטראָגן די אייגענע פיין און יסורים . . .

און ווען סע פלעגט שוין טרעפן, אַז דער יחסנ'דיקער בחור האָט צוגעשטימט חתונה צו האָבן מיט דער אָרעמער מיידל — האָבן זיך געפונען ביייזע צינגער, שטאָטישע קאַלעפל און קרובים, וועלכע האָבן שוין געטאָן דערצו, אַז דער בחור זאָל זי פאַרלאָזן. בלייבט דאָס מיידל פאַרביטערט און פאַרוויייטיקט און זינגט זיך אַראָפּ פון האַרצן:

„ער האָט מיר געשענקט אַ פינגערל,
איך זאָל עס טראָגן אויף מיינע פינגער;
ווער עס האָט נאָר שולד אין אונדזער ליבע,
דער זאָל שטאַרבן פון הונגער.

„ער האָט מיר געשענקט אַ זייגערל,
מיט אַ גאָלדענעם ווייזער;
ווער עס האָט נאָר שולד אין אונדזער ליבע,
דער זאָל גיין אין די הייזער."

אַזוי איז דער קאַמף געפירט געוואָרן און די יוגנט האָט געוואונען פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע. ווייל די עלטערן האָבן איינגעזען, אַז מיט בייזן וועלן זיי קיין זאַך ניט אויספירן. ניט בלויז פאָלגן ניט מער די קינדער, נאָר זיי פאַרשאַפן נאָך דערצו דעם שרעקלעכסטן צער און שאַנד — טייל זיינען אַוועק מיט שקצים און דאָס האָט נאָך געפירט צום שמד, ר"ל.

„חוה איז געזעסן
און געשטריקט אַ שאַטקע,
אַ בשורה האָט מען איר אָנגעזאָגט,
אַז איר טאָכטער איז אַ שמדיקע."

איז געוואָרן אַ יללה אין הויז. אַזאַ בראָך! און די מאַמע האָט גע'טענה'ט צום טאַטן: זע צו וואָס מיר האָבן דערפירט?! איז:

„רב עליע געלאָפֿן
צום גלח אַהיים,
האָט ער דאָרטן געטראָפֿן
זיין פֿייגעלען שטיין.

— פֿייגעלע, פֿייגעלע,
קום אַהיים צום טיש.

ענטפֿערט די טאָכטער:

— דיר אויף צו להכעיס,
דעם שגץ אַ קיש.

בעט זיך דער טאַטע:

— כ׳וועל דיר געבן
קליידער און נדן;
און דערצו דיר געבן
אַ גאַנץ פֿיינעם מאַן.

ענטפֿערט די טאָכטער טראַציק:

— איך בין דיר מוחל,
די קליידער און נדן.
דער שגץ וועט איצטער
שוין זיין מיין מאַן.״

האָבן אַנדערע עלטערן זיך אַראָפּגענומען אַ מוסר השכל און ניט געוואָלט דערלעבן די שאַנד. און ווען אַ רייכע טאָכטער האָט זיך פֿאַרליבט אין אַן אָרימען באַלמעלאָכע, און ווען בייזע צינגער האָבן זיך גענומען אַריינמישן — האָבן די עלטערן צוגעשטימט, זיך ניט צוגע־הערט און אַליין פֿאַרענטפֿערט:

„אַ, בעוונותינו הרבים,
וואָס געמיינע מענטשן זיינען;
מסתמא האָט גאָט געוואָלט,
אַז חיים זאָל חיה׳ן נעמען.

אַז זיי האָבן זיך שוין גענומען,
זאָל זיי וואויל באַקומען.
זיי זאָלן בשלום וואוינען,
קיין נקמה זאָלן ניט האָבן שונאים.״

די עלטערן האָבן סוף כל סוף איינגעזען, אַז פון די געצוואונגענע שידוכים איז, אין די מערסטע פאַלן, קיין גוטס ניט אַרויסגעקומען. די ניט־גלייכע, געצוואונגענע „זיווגים", וואָס עלטערן האָבן אַרויפגעצוואונגען אויף זייערע קינדער, האָבן געפירט צו אַ צעריסן פאַמיליען־לעבן. נאָך אַזאַ חתונה האָט די טאָכטער געוויינט:

„אָך, פאָטער, וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר האָבן?
גלייכער וואָלסטו מיך יונגערהייט באַגראָבן . . ."

די קינדער האָבן געוואוסט, אַז געצוואונגענע שידוכים טויגן ניט און זיי זינגען וועגן דעם:

„אַז מען רייסט אויס אַ בלום פונם גאָרטן,
אַז מען פלאַנצט עס אויף אַן אַנדער אָרט;
צי קען דען וואַקסן דאָרטן?
צי קען עס שוין בליען דאָרט?"

אַזוי האָבן די קינדער דערפירט זייער קאַמף פאַר זעלבסטבאַשטימונג צו אַ פולשטענדיקן זיג. אפשר שוין אַביסל צו פולשטענדיק. זיינען מיר ניט אויסן דאָ אָנצואווייזן די מעלות און חסרונות. וואָס מיר זיינען אויסן איז: געבן אַ קאַפּיטל יידיש לעבן דורכן פאָלקס־ליד.

דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל, פון די אָן אַ שיעור פאָלקס־לידער, וועגן ליבע ביי יידן, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן. לאָמיר האָפן, אַז אונדזערע פאָלקלאָריסטן וועלן זיי צוזאַמענקלייבן און זיי רעקווירירן פאַרן צוועק פון יידישער געשיכטע, פון יידישן שטייגער לעבן אַמאָל און לעתיד לבוא — וועלן מיר האָבן דעם געהעריקן אַרכיוו פון וואַנען צו שעפן, פון וואַנען צו שאַפן אונדזער נאַציאָנאַלן קולטור־בנין.

## מוזיק און דערציאונג

מוזיק, סיי אינסטרומענטאַלע און סיי וואָקאַלע, איז ניט בלויז אַ מיטל כדי צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן, נאָר איז אויך אַ סטימול, אַ מעדיום אַרויסצורופן פאַרשיידענע שטימונגען ביי מענטשן; וועקן און רעגן צו מעשים; ברענגען צום אויסדרוק פאַרבאָרגענע עמאָציעס, אַריינטראָגן גייסטיקע דערהויבנקייט און פרייד ביי שמחות, פייערונגען און ימים־טובים.

אמאָל, אמאָל איז מוזיק ניט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מיטל פאַר פאַרגעניגן, נאָר ווי אַ גייסטיקע דערהויבונג, אַ מין הייליקער לייטער בין אדם למקום, צווישן מענטש און גאָט. ביי אונדז, יידן, איז געווען אַ פאַרשוועכונג צו זינגען סתם אַזוי, אויסער תפילות, ווייל „הללוהו בנבל וכינור, הללוהו בתוף ומחול״ (לויב גאָט מיט האַרף און פידל, לויב גאָט מיט פויקן און טאַנצן), און דאָס וואָס מען טוט פאַר גאָט איז אַ פאַרשוועכונג אויב מ׳טוט עס פאַר מענטשן.

און נישט בלויז דאָס. מיר געפינען אין תנ״ך, ווי מוזיק איז מיט טויזנטער יאָרן צוריק שוין באַטראַכט געוואָרן ווי אַ סטימול צו בייטן אָדער אַרויסצורופן געוויסע שטימונגען און אפילו היילן געוויסע גייס-טיק-קראַנקע מענטשן.

דערציילט זיך טאַקע אין תנ״ך: „און דער גייסט פון גאָט האָט זיך אָפּגעטאָן פון שאול׳ן און אים האָט געשראָקן אַ בייזער גייסט... אַזוי פלעגט דוד נעמען זיין האַרף און שפּילן מיט זיין האַנט און שאול׳ן פלעגט בעסער ווערן, און דער בייזער גייסט פלעגט זיך אָפּטאָן פון אים״ ... (לויט יהואָש).

עס איז אַ פעסטגעשטעלטער און אָנגענומענער פאַקט, אַז מוזיק האָט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג ניט בלויז אויף מענטשן, נאָר אפילו אויף חיות. ניט לאַנג צוריק האָט מען עקספּערימענטירט מיט מוזיק אויף קי: מ׳האָט געשפּילט מוזיק בעת׳ן מעלקן די קי, האָט זיך אַרויס-געוויזן, אַז שפּילנדיק מאָצאַרט אָדער מענדעלסאָן האָבן די קי געגעבן מער און באַ׳טעמ׳טערע מילך, ווי ווען מ׳האָט געשפּילט (בשעת מעלקן) ביליקע דזשעז-מוזיק.

אַז מוזיק האָט אַ גוואַלדיקע ווירקונג אויפן מענטשלעכן גייסט — אין דעם צווייפלט שוין היינט קיינער ניט. אונדזערע רעליגיעזע פירער האָבן דאָס פאַרשטאַנען שוין מיט הונדערטער יאָרן צוריק און דאָס אויסגענוצט פאַר זייערע רעליגיעזע צוועקן. זאָל זיך קיינער ניט פּרואוון איינריידן, אַז שולן און קירכעס האָבן אויסגעהאַלטן אָדער האַלטן אוים כאָרן, משוררים, בלויז לשם שמים, לשם תפילה. דורך די שיינע געזאַנגען האָט מען צוגעצויגן און צוגעבונדן מער מענטשן צו רעליגיע, אפשר, ווי דורך די דרשות און מוסר-רייד פון די דרשנים און פּריידיקער. דער געניאַלער קאָמפּאָזיטאָר, יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך, האָט דורך זיינע וואונדערלעכע קאָמפּאָזיציעס מער געטאָן פאַר

דער קירך, פאַר רעליגיע, ווי ווער עס איז אַנדערער. נישט קיין דרשות, נישט קיין הייליקע ספרים קאָנען אַזוי באַגייסטערן, אַזוי באַווירקן ווי באַכס פּרעכטיקע רעליגיעזע געזאַנגען. נאָך היינט פאָרן מענטשן פון גאַנץ אַמעריקע צו די באַך-פעסטן אין בעטלהעם; נאָך היינט גייען מאַסן מענטשן, נישט קיין רעליגיעזע, אין די גרויסע קאַטעדראַלן הערן כאָרן זינגען און אָרגלען שפּילן באַכן און בלייבן דערנאָך נישט גלייכגילטיק צו רעליגיע אַ לענגערע צייט...

מוזיק האָט אַ גוואַלדיקע השפּעה אויף דער יוגנט. ווי זאָגט זיך אין אַ יידישן רעדנס-אַרט: „אויף וואָס פאַר אַ פור מען זיצט—אַזאַ לידל זינגט מען". אָדער: „ווי מ'שפּילט — אַזוי טאַנצט מען". מוזיק קאָן אויפהייטערן, אַרויסרופן אומעט, טרויער און אפילו פירן צו פאַר־צווייפלונג. די געשיכטע איז פול מיט ביישפּילן ווי מוזיק האָט גע־ווירקט צום שלעכטן און אויך צום גוטן. מען דאַרף ניט זיין קיין מוזיקער צו דערפילן די גוואַלדיקע ווירקונג פון שאָפּענס טרויער־מאַרש, אָדער בעטהאָווענס „הערצאָיקאַ", הערנדיק עס שפּילן אַ סימ־פאָנישן אָרקעסטער.

און טאַקע דערפאַר קאָן מוזיק היינט-צו-טאָג זיין זייער אַ שעד־לעכער, אָדער זייער אַ נוצלעכער עלעמענט פאַר דער דערציאונג פון אונדזער יונגוואַרג. דוקא היינט, ווען מיר הערן אַזוי פיל מוזיק, וואו מען גייט און וואו מ'שטייט, אין אַלע טעאַטערס און מואווים שפּילט מען מוזיק; אין יעדער היים שפּרייטן ראַדיאָס אומאויפהערלעך מוזיק; ביי אַלע שמחות און וואו עס קומען זיך נאָר צוזאַמען אַ גרופּע מענטשן, איז געזאַנג דער אַריינפיר צום פאַרברענגען. עס פּלייצט מוזיק פון אַלע זייטן. מען דערלאַנגט עס אונדז מיט פולע עמער. און אין וועלכן הויז, וואו עס זיינען פאַראַן קינדער, האָט מען ניט קיין אינסטרו־מענט? ס'איז, דאַכט זיך, אין בית אשר אין שם מת... נישטאָ דאָס הויז וואו עס זאָל זיך ניט געפינען קיין אינסטרומענט, אַ מת — אַ פאַר'יתום'טע פּיאַנאָ אָדער פידל, וועלכע ווייגען נאָך אַ תיקון?

האָבן עלטערן אַמאָל אַ טראַכט געטאָן מיט וואָסערע מוזיק מ'קאָרמעט זייערע קינדער? אדרבא, באַטראַכט אַמאָל, ווען קינדער קומען זיך צוזאַמען פאַרברענגען; באַטראַכט זייערע באַוועגונגען: ווי וואולגאַר, ווי ניט עטיש (אויסער אויסנאַמען); דאָס איז גאָר אַ סך צו פאַרדאַנקען די „האָט-שאָט", „דזשיטער-באָג" און „סווינג" מוזיק.

עלטערן טוען אַלץ אין דער וועלט צו פאַרזאָרגן זייערע קינדער מיט די בעסטע, פרישסטע און נאַרהאַפטסטע שפּייזן, זיי זאָלן, חלילה, ניט פאַרדאַרבן דעם מאָגן. גוט אַזוי! אָבער די אייגענע עלטערן זאָרגן גאָרניט, לחלוטין גאָרניט, צו פאַרהיטן זייערע קינדער, זיי זאָלן זיך ניט פאַרדאַרבן זייערע מוחות, זייערע נשמות מיט די פאַרדאַרבנדיקע מוֹאוויס, שאָקירנדיקע „מעגעזין-סטאָרים" און וואולגאַרע „מוזיק".

אונדזערע היינטיקע עלטערן, מיט זעלטענע אויסנאַמען, מאַכן ניט דעם מינדסטן פּרואוו צו באַווירקן, שוין אָפּגערעדט פון קאָנטראָלירן, וועלכע מוֹאוויס זייערע קינדער זאָלן יאָ אָדער ניט זען; וועלכע ביכער און מאַגאַזינען זייערע קינדער זאָלן יאָ אָדער ניט לייענען; וועלכע לידער זייערע קינדער זאָלן זינגען און וואָסערע מוזיק זייערע קינדער זאָלן הערן. וואָלטן עלטערן ערנסט אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז הויפּטזעכלעך געווענדט אָן די גייסטיקע שפּייזן, מיט וואָס די קינדער נערן זייערע מוחות, וואָסערע מענטשן זיי וועלן שפּעטער אויסוואַקסן, און מיר וואָלטן דעמאָלט געהאַט ווייניקער טענות צו אונדזער יוגנט. ס'איז ניט זייער שולד, ס'איז מער די עלטערנס שולד.

⁂

היינטיקע מאַמעס האָבן אויפגעהערט פאַרוויגן זייערע קינדער מיט לידער. דאָס איז גאָר אַ וויכטיקער ענין! אין די ליטעראַטורן ביי אַלע פעלקער פאַרנעמען וויג-לידער אַ חשוב'ן, אַן אָנגעזעענעם און אויבנאָניקן אָרט. כמעט אַלע קינדער-לידער, געשאַפן פון די בעסטע דיכטער, זיינען באַזירט אויף די פאָלקס-מאָטיוון, וואָס די מאַמעס האָבן געזונגען פאַרוויגנדיק זייערע קינדער.

און מיר יידן זיינען אין דעם פּרט נישט קיין אויסנאַם. אונדזערע מאַמעס פון אַמאָל האָבן גענערט זייערע קינדער, פון טאָג פון זייער געבוירן, מיט מילך דעם גוף און מיט לידער די נשמה. די מאַמע פלעגט זויגן און פאַרוויגן איר קינד מיט כל'ערליי פּרעכטיקע לידער. דאָס קינד האָט, צוזאַמען מיט דער מילך, איינגעזויגן די וואונדערלעכע געזאַנגען. די מאַמע האָט פאַרוויגט דאָס קינד מיט אַזעלכע צאַרטע, גוט-ווינטשנדיקע לידער:

אונטער יאַנקעלעס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר - ווייס ציגעלע,
ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען

ראזשינקעס מיט מאַנדלען . . .
דאָס איז די בעסטע סחורה,
יאַנקעלע וועט קענען לערנען תורה.
תורה, תורה אין קעפּעלע,
קאַשע מיט מילך אין טעפּעלע,
ברויט מיט פּוטער באַשמירן,
טאַטע־מאַמע וועלן צו דער חופּה דיך פירן.
צו דער חופּה פירן אין גאַנץ שיין צירונג.
סיקעלבעלע גייט אין פּוטער,
ווער ס'וועט נעמען יאַנקעלען —
וועט פרעגן פאַטער און מוטער.
פאַטער און מוטער וועט מען פרעגן,
טויזנט טאַלער וועט מען לייגן,
טויזנט טאַלער וועט מען צובאַרגן,
ווער ס'וועט נעמען יאַנקעלען —
וועט ניט האָבן וואָס צו זאָרגן . . .

האָבן אַלע יידישע מאַמעס געזונגען אָט אַזוינע וויג־לידער אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס און יידישע קינדער האָבן פאַרנומען מאַמעס רייד און דורך אַזוינע לידער געלערנט אין וויגל שוין דרך ארץ, מידות טובות, כיבוד אָב ואם און די הויפּטזאַך: **חשק צו לערנען תורה, ווייל תורה איז די בעסטע סחורה.**

אַזעלכע וויג־לידער האָבן אָנגעצייכנט דעם קינדס ווייטערדיקן לעבנס־וועג. און ווען דאָס קינד איז נאָר צום ערשטן שכל געקומען, האָט עס טאַקע געזען דעם טאַטן לערנען תורה. קיינמאָל האָט דאָס קינד נישט געזען דעם טאַטן, אין זיין פרייער צייט, אָן אַ ספר. און אויב די מאַמע האָט געמוזט גיין אין מאַרק אַריין פאַרדינען, כדי דעם טאַטן נישט אָפּצורייסן פון לערנען — האָט דער טאַטע זיך געזעצט ביים וויגל, מיט אַן אָפענעם ספר אין איין האַנט און מיט דער אַנדערער געוויגט דאָס קינד. געוויגט און געלערנט, געלערנט און געוויגט... און האָט דאָס קינד זיך צעוויינט — האָט דער טאַטע פאַרדעקט דאָס ספר און געזונגען דעם קינד צו שלאָפן:

נומה פרח בני מחמדי,
ערשך כי ענית:
מחייך העתידים,
שיחות לך אביע.
ראשית אגיד לך מחמדי,

עברי כי הנד;
שמד יעיד בד ישראל,
גזע מחצבתד . . .

האט דאס קינד זיך בארואיקט פון אזא הארציק געזאנג, געלעגן מיט אפענע אייגלעך און מיט אן אפן מויל געטרונקען די זיסע טענער. האט דער טאטע געזען, אז זיין קינד שלאפט נאך ניט, האט ער ווייטער געזונגען און געשפונען זיין ליד:

שכב, שכב בני,
ירוץ לחדר הגדי,
הגדי ירוץ לחדר,
ילמד א"ב כסדר,
מצמוקים, משקדם כי טוב סחורה —
איי־ליו־ליו־ליו־ליו־ליו בני.

אזוי האבן טאטע־מאמע פארוויגט זייערע קינדער מיט וואונדער־לעך־שיינע לידער און געטאקט און געאיידלט דעם קינדס נשמה מיט די זיסע, הארציקע טענער, פלעגט טאקע דאס קינד איינשלאפן און חלומ׳ען זיסע, הארציקע חלומות וועגן דעם ציגעלע, וואס איז געפארן האנדלען, ראזשינקעס מיט מאנדלען; וועגן ירוץ לחדר, ילמד א״ב כסדר, ווייל תורה איז די בעסטע סחורה . . .

און אז דאס קינד האט אנגעהויבן שטעלן ערשטע טריט, האט די מאמע זיך געשטעלט אנטקעגן קינד מיט פונאנדערגעשפרייטע הענט און אפענע ארעמס געלערנט גיין איר קינד מיט א ניגון:

איין טראט,
צוויי טראט,
האפ, האפע גיין;
גייט עס,
גייט עס,
גייט עס אליין . . .

און מיט א הילכיק־פריידיקן געלעכטער: כא־כא־כא! . . . א כאפ טאן דאס קינד אין די אפענע ארעמס, געדריקט עם היים צום הארצן און נחת׳דיק־פרום געוואונטשן: גאטעניו, איך דאנק דיר פאר די ערשטע טריט. זאל דאס קינד גיין אין דיינע דרכים. גיין אין חדר לערנען תורה און זיין א תלמיד חכם . . . האט די ליבע, גוטע מאמע גענומען זיך שפילן מיט איר קינד און דערביי געזונגען:

פּאַטשע, פּאַטשע קיכעלעך,
טאַטע טיקויפן שיכעלעך,
שיכעלעך וועט ער קויפן,
אין חדר וועט עס לויפן,
לויפן וועט עס אין חדר,
לערנען וועט עס כּסדר
לויפן אַן מורא —
לערנען גאָטס תּורה . . .

און אַז דאָס קינד האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון חדר, האָט עס גענומען לערנען מיט חשק און מיט אַ ניגון כּסדר:

א״ב, טראָף און עברי — מיט אַ ניגון;
דאַוונען חומש און רש״י — מיט אַ ניגון;
מעביר סדרה, הפטורה און פּרק — מיט אַ ניגון;
אקדמות, רות און שיר השירים — מיט אַזאַ צויבערלעכן ניגון;
מגילת אסתר, הגדה און אפילו איכה און קינות —
מיט אַ האַרצרייסנדיקן ניגון;
אַלץ מיט אַ ניגון! אַלץ מיט אַ ניגון! . . .

היינט די פּאָעטישע יוצרות און פּיוטים פון ימים נוראים, וועלכע האָבן פאַרהילכט דאָס שטעטל מיט זייערע וואונדערלעכע ניגונים. עס האָט זיך גאָר אַנדערש געלערנט. איז אויסער וואָס דאָס קינד האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט אַזעלכע האַרציקע ניגונים, האָט עס אויך אַריינגענומען, זיך באַפרוכפּערט מיט דער שיינער פּאָעזיע. דערפאַר טאַקע האָט דאָס קינד פון אַמאָל ניט בלויז גע׳חזר׳ט זיינע לימודים מיט געזאַנג, נאָר אויך מיט אַ סדר, מיט אַ גראַם. אָט וועלן מיר געבן אַ פּאָר מוסטערן ווי דאָס חדר־יינגל האָט זיך געלערנט דעם טייטש פון העברייאישע ווערטער מיט אייגן־געשאַפענע גראַמען:

אָב איז אַ פּאָטער,
קדר איז אַ טאָטער,
אַ טאָטער איז קדר,
בגדים זיינען קליידער.
קליידער זיינען בגדים,
רויט איז אָדם,
אָדם איז רויט —
לחם איז ברויט,
ברויט איז לחם,
טראַכט איז רחם,

רחם איז טראַכט —
שמונה איז אַכט.
אַכט איז שמונה,
אַ טויב הייסט יונה,
יונה איז אַ טויב,
מצנפת איז אַ הויב.
אַ הויב איז מצנפת,
אַ שטאָל הייסט רפת,
רפת איז אַ שטאָל,
מרה איז גאַל.
אַ גאַל הייסט מרה,
אַ קו הייסט פרה,
פרה איז אַ קו —
בוקר איז אינדערפרי.
אינדערפרי איז בוקר,
טייער הייסט יוקר,
יוקר איז טייער,
אש איז פייער,
פייער איז אש,
בשר איז פלייש,
פלייש איז בשר —
חזיר איז אַסור.
אַסור איז חזיר,
מים איז וואַסער.
וואַסער איז מים —
לאָמיר טרינקען לחיים.

האָבן עס קינדער אַליין צונעטראַכט, איז עס געאַנגגען פון חדר צו חדר, פון שטוב צו שטוב און פון שטאָט צו שטאָט. זיינען אַזעלכע שאַפונגען געוואָרן פאָלקס-אוצרות. האָבן יידישע קינדער באַרייכערט דעם יידישן פאָלקלאָר. ניט בלויז העברייאישע ווערטער, נאָר אויך יידישע ווערטער האָבן זיי געלערנט מיט אַ גראַם און מיט אַ טעם. ניט דעם טייטש, ווייל דעם טייטש האָבן זיי פאַרשטאַנען, יידיש איז דאָך געווען די שפּראַך, אויף וועלכער זיי האָבן גערעדט, נאָר זיי האָבן געלערנט די טואונגען פון געגנשטאַנדן, צייטווערטער — גראַמאַטיק, אויב איר ווילט. למשל:

א — אַן אָדלער, אַן אָדלער פליט.
ב — אַ בוים, אַ בוים בליט.

ג — א גלח, א גלח קניט.
ד — א דאקטאר, א דאקטאר היילט.
ה — א האן, א האן קרייט.
ו — א וואלקן, א וואלקן גיסט.
ז — א זעלנער, א זעלנער שיסט.
ח — א חזן, א חזן זינגט.
ט — א טאטער, א טאטער שפרינגט.
י — א יידעלע טוט לערנען תורה.

אזוי האָבן יידישע קינדער גאָר א סך געשאַרפט די קעפּ און געשליפן די מוחות: אין חדר, אין בית-המדרש, אין דער ישיבה און אפילו אין דער היים — אויף גראַמען און וואָרטשפּילן, און אַלץ מיט א ניגון. ווייל אזוי זיינען זיי געווען געוואוינט פון די תפילות און פיוטים, וואָס זיי האָבן געלערנט און געקענט. למשל: זיי האָבן גע־וואוסט, אַז אין דער תפילה „אשרי יושבי ביתך" איז דער גאַנצער א"ב אויסגעשטעלט מיטן אָנהייב פון יעדן פסוק. אזוי איז די שבת־דיקע תפילה „תכנת שבת" אויסגעשטעלט מיטן א"ב אויף צוריק, מיטן אָנהייב פון יעדן וואָרט. „תכנת שבת רצית קרבנותיה" א. אַז. וו. פאַרקערט ווידער: אין דער תפילה „המאיר לארץ" איז דער א"ב אויסגעשטעלט אין דער ריכטיקער אָרדנונג, וואָרט נאָך וואָרט. למשל: „אל—ברוך—גדול—דעה" א. אַז. וו.

ביי משה נאַדירן איז פאַראַן א מעשה, וואו יעדעס וואָרט הייבט זיך אָן מיטן זעלביקן אות. דאָס האָט ער, אפּנים, אויך געדענקט פון חדר. למשל: „ויציב, ונכון, וקים, וישר, ונאמן, ואהוב, וחביב", א. אַז. וו. יעדעס וואָרט הייבט זיך אָן מיט א „ו". אזוי אָן א שיעור אות־שפּילן, וואָרט־שפּילן, פּסוקים־שפּילן און שירים. דערפאַר האָט דאָס קינד געפונען א זין און אָן אינהאַלט אינם לערנען. און דער ניגון האָט געשפּילט א קאַלאָסאַלע ראָלע.

און יענע, וועלכע זיינען שפּעטער אוועקגעגאַנגען פון טאַטע־מאַמעס דרכים און גענומען א נייעם וועג אין לעבן, האָבן זיי זיך געפּרוּווט באַפרייען פון דעם רעליגיעזן אינהאַלט. זיי האָבן אָבער מיטגענומען מיט זיך די פאָרם, דעם מעטאָד, דעם ניגון און דעם חשק צו לערנען.

עס איז אָן שום ספק, אַז די מערסטע היסטאָרישע פּורים־שפּילן, וועלכע זיינען געווען דער פונדאַמענט פון דעם יידישן טעאַטער, און

דער גאַנצער יידישער פאָלקלאָר איז געשאַפן געוואָרן פון די אַמאָ־ליקע ישיבה־בחורים.

אפילו די שפּעטערדיקע מאַמעס, די פרויען פון אַמאָליקע ישיבה־בחורים און שפּעטערדיקע סאָציאַליסטן האָבן ווייטער געשפּונען דעם פאָדים פון פאַרוויגן זייערע קינדער מיט לידער — כאָטש לידער אַנדערע. ווען די טאַטעס און מענער, וועלכע זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע ליבסטע און טייערסטע און פאַרשפּאַרט געוואָרן, אַלס רעוואָלוציאָנערן, אין טורמעס, אָדער פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר, האָבן די פרויען, די מאַמעס, אינדערהיים פאַרוויגט זייערע קינדער מיט לידער, אין וועלכע זיי האָבן אויסגעזונגען די גאַנצע טראַגעדיע פון זייערע פּיינען און ליידן, געשילדערט די דחקות און צרות, וואָס האָט די טאַטעס געצוואונגען צו ווערן רעוואָלוציאָנערן. מיט אַזעלכע וויגלידער האָבן יענע מאַמעס דערצויגן אַ דור פון העלדישע קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון אַלע אונטערדריקטע און פאַרשקלאַפטע. אָט ווי יענע מאַמעס האָבן פאַרוויגט זייערע קינדער:

שלאָף מיין קינד, שלאָף כסדר,
זינגען וועל איך דיר אַ ליד,
אַז דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסטו וויסן אַ אונטערשיד.

דער אַרבעטסמאַן, ער וואוינט אין קעלער,
וואַסער גיסט זיך פון די ווענט;
דערפון באַקומט ער אַ רומאַטן־פעלער,
אויף די פיס און אויף די הענט.

די טייערע פּאַלאַצן מיט די טייערע הייזער,
דאָס מאַכט אַלץ דער אַרבעטסמאַן,
וויסטו ווער עס טוט אין זיי וואוינען?
גאָרנישט ער — נאָר דער רייכער מאַן.

און ווייל דיין פאָטער, קינד מיינס, האָט ניט געקאָנט איבער־טראָגן די נויט און דחקות, האָט ער זיך געשטעלט קעגן די רייכע און געפאָדערט מער ברויט פאַר זיין שווערער אַרבעט, האָט מען אים דערפאַר אין קייטן געשמידט און אין די טורמעס געזעצט. אַזוי זיצנדיק געבויגן איבער דעם קינדס וויגל האָט די מאַמע ווייטער געזונגען:

איך, דיין מאַמע, וויג דיך, קינד,
מאַך דיינע אייגעלעך צו;
מוט און קראַפט ווינטש איך דיר אַצינד,
איי־ליו־ליו־ליו־ליו.

אַז דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן
און דו וועסט נאָר פאַרשטיין,
זאָלסטו טרייהייט געדריקטע שווערן
און מיט זיי אין קאַמף זאָלסטו גיין.

אַז דו, מיין קינד, וועסט זיך דערוויסן
וואו דיין פאָטער איז יעצט,
ווער ס'האָט אים געטאָן אין קייטן שליסן
און אין די טורמעס געזעצט.

זאָל זיך ביי דיר פיל ראַכע דערוועקן
פאַר דיין פאָטערס בלוט.
ס'זאָלן דיך קיין קייטן, קיין טורמעס ניט שרעקן,
ראַכע זאָלסטו נעמען מיט מוט.

און פונקט ווי די פרומע מאַמע האָט געלערנט איר קינד גיין אין גאָטס דרכים, לערנען תורה, ווייל תורה איז די בעסטע סחורה, און דאָס קינד האָט פאַרנומען דער מאַמעס רייד — פונקט אַזוי האָט די אַר־בעטער־מאַמע געלערנט דאָס קינד צו גיין אין זיין טאַטנס דרכים, קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס. זי לערנט איר קינד: „זאָלן דיך קיין קייטן, קיין טורמעס ניט שרעקן", און דאָס קינד זאַפּט איין אין דעם יונגען מוח די נייע תורה, פאַרנעמט דער מאַמעס רייד און גייט טאַקע שפּעטער אין די, פון דער מאַמען, אָנ־געצייכנטע טריט.

און האָט מען דעם טאַטן פאַרשיקט קיין סיביר און די מאַמע איז געבליבן אין דער היים, אָן אַ ברויט־געבער — האָט זי ניט פאַר־צווייפלט און, חלילה, ניט געדאַרפט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ זיך שעמען דערציילן איר קינד, אַז דער טאַטע איז אַ קרימינאַלניק, ווייל ניט פאַר גנבה האָט מען אים פאַרשיקט, נאָר פאַר אַ הייליקן אידעאַל ניט בלויז איז עס ניט קיין שאַנד, נאָר אַ שטאָלץ. ווען קיין ברויט איז אין הויז ניט געווען, ווען דער בייזער ווינט מיט די וואָיענדיקע זאַווערוכעס האָט זיך געשפּאַרט אין שטיבל, האָט עס דער מאַמען

דערמאָנט פון דעם קאַלטן סיביר, וואו דער טאַטע איז פאַרשיקט, און געזונגען אַזוי וואַרעם:

סילויפן, סייאַגן שוואַרצע וואָלקן,
סיפייפט און בלאָזט דער ווינט;
פון סיביריען שיקט דער טאַטע
א גרוס, א גרוס, מיין קינד.

נאָר דער ווינטער ברענגט אונדז גרוסן
פון דעם קאַלטן לאַנד,
דאָרטן שטייט ער, א לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנט.

נאָר ער גראָבט אַלץ טיפער, טיפער,
וואַרפט די ערד אַרויס;
ניט געזאָרגט דאַן, פאַר דעם שקר
גראָבט ער קברים אויס.

ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער,
פאַלט ער אויפן פעלד;
זאָרג ניט, קינד מיינס, דיך געבוירן
האָט א גרויסער העלד.

און א העלד וועסטו אויסוואַקסן,
שלאָף־זשע, שלאָף אַצינד;
זאַמל כוחות פאַר דער צוקונפט,
זאַמל, איינציק קינד.

און די קינדער האָבן איינגעזאַמלט גייסטיקע, רעוואָלוציאָנערע כוחות און מיט זיכערע, ניט־שרעקנדיקע טריט שפּעטער געגאַנגען אין קאַמף און געהאָלפן דערפירן דעם טאַטנס אידעאַל צו א זיג. גאָר א סך יידישע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך דערצויגן אויף אַט אַזעלכע לידער.

דאָס יידישע פאָלקס־ליד האָט רעאַגירט אויף אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער יידישער פאַמיליע, אין דעם יידישן לעבן, און די יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן די לידער געזונגען מיט ליבע, און דורך זיי זיך באַקענט מיט יידיש לעבן. האָט אין זינען, אַז מוזיק, ספּעציעל געזאַנג, האָט א גוואַלדיקע השפּעה אויף אונדזער יונגוואַרג.

אונדזערע גרויסע יידישע פאָלקס־דיכטער האָבן דאָס דערפילט און טאַקע געשאַפן פאָלקסטימלעכע לידער, וועלכע די יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן אונטערגעכאַפּט און זיי געזונגען און געלערנט און זיך דערצויגן אויף זיי. עדעלשטאַט, באָװשאָווער, ווינטשעווסקי, ליעסין, ראָזענפעלד, רייזען און פרץ זיינען געזונגען געוואָרן אין אַלע יידישע היימען, אין די וואַרשטאַטן, אויף די „קאָנספּיראַטיווע סכאָדקעס" און וואו נאָר יוגנט איז זיך צוזאַמענגעקומען. אַפילו אונדזער גרויסער הומאָריסט און אומפאַרגלייכלעכער מייסטער, שלום עליכם, וועלכער האָט בלויז איין ליד אַזאַ געשאַפן, וואו ער שילדערט די יידישע עמיגראַציע קיין אַמעריקע, האָבן די מאַסן דאָס איינע ליד אונטער־געכאַפּט און געזונגען עס מיט אַזוי פיל ליבע. יעדע מאַמע, וועמעס מאַן איז געפאָרן אין דעם גאָלדענעם לאַנד אַמעריקע, האָט געזונגען איר קינד אָט דאָס ליד.

אין אַמעריקע איז דער טאַטע
דיינער, זונעניו,
ביסט אַ קינד נאָך, שלאָף לעת עתה,
שלאָף־זשע, שלאָף ליו־ליו . . .

ער וועט שיקן צוואַנציק טאָלער,
זיין פּאָרטרעט דערצו;
ער וועט נעמען, לעבן זאָל ער,
אונדז אַהינצוצו.

דאָרטן עסט מען איינדערוואַכן
חלה, זונעניו,
איך וויל דיר דאָרט יאַיכלעך קאָכן,
שלאָף־זשע, שלאָף ליו־ליו . . .

זיינען מיר שוין אין אַמעריקע — עסט מען חלה אינדערוואָכן און יאַיכלעך דערצו. איז מען אפשר צו־זאַט און מען האָט ניט די בענקשאַפטן, די פאַנטאַזיעס צו שאַפן און זינגען פאָלקס־לידער. אָבער ניט בלויז דאָס. דער אמת איז, אַז מיר לעבן היינט אין אַן אַנדער צייט. דאָס יידישע לעבן בכלל און דאָס פאַמיליען־לעבן בפרט איז צעריסן און צעבראָקלט און קיין פאָלקס־לידער ווערן בכלל ניט גע־שאַפן. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז מיר קאָנען ניט און דאַרפן ניט פאַרוויגן אונדזערע קינדער מיט שיינע שלאָף־לידער. פאַרוואָס ניט

זינגען די פאָלקס-לידער, וואָס זיינען פאַראַן געדרוקטע? און, אגב, האָבן אונדזערע דיכטער געשאַפן פראַכטפולע וויג-לידער, צו וועלכע אונדזערע מוזיקער האָבן געשאַפן אַזעלכע פאָלקסטימלעכע, האַרציקע מעלאָדיעס, מיט וועלכע די הייַנטיקע מאַמעס וואָלטן געקאָנט פאַר־וויגן זייערע קינדער און דורך די לידער איינפלאַנצן דעם שיינעם, אידעלן, צאַרטן טאָן, אַנשטאָט דעם וואולגאַר-גרילצנדיקן „סווינג”... מיר וועלן דאָ פרואוון געבן אַ פּאָר אַזעלכע צאַרטע, פיינע וויג-לידער:

שלאָף, מיין טייערער, איין . . .
דער פּאַסטוך היט די שאָף . . .
היט שאָף און רינדער,
היט אָפּ אַלע קינדער.
אַלע קינדער שלאָפן,
טיר און טויער אָפן.
אָפן טיר און טויער,
פאָרט אַריין אַ פויער.
אַ פויער פאָרט אַריין
מיט קאָרן און מיט לאַיין —
שלאָף, מיין טייערער, איין . . .

(לעאָן עלבע).

ווי דין, ווי צאַרט, ווי נשמה׳דיק דאָס לידל איז. אַזאַ לירישע אידילישקייט, אַזאַ פאָלקסטימלעך אינטימע האַרציקייט . . . און ווען קינדער זאָפן אַריין אין זיך אַזעלכע טענער — קומט דער ליבער מלאך פון שלאָף און וועבט דעם קינד אַזעלכע חלומות.

ליגן, ליגן קינדער קליינע,
אין די בעטעלעך ביינאַכט.
האַלטן, האַלטן קינדער שיינע,
זייערע אייגעלעך פאַרמאַכט.

און אַ ליבער, גוטער מלאך
יעדן קינד צוקאָפּנס שטייט.
היט און שיצט זיי אָט דער מלאך,
מיט די פליגעלעך צעשפּרייט.

אויפשטיין וועט איר, קינדער, גוטע,
אויפשטיין אַלע רואיק, שטיל.
פריש, געזונט און אויסגערוטע —
וועט איר לערנען, לערנען פיל.

אַ מאַמע האָט אַ ברייט האַרץ, אַנגעפילט מיט ליבע פאַר אירע קינדער. און ווען קינדער שלאָפן־איין מיט אַזעלכע לידער — שלאָפן זיי געשמאַק, חלומ'ען זיס, שטייען אויף גוט און שטיל, גייען מיט חשק אין שול צו לערנען מיט חשק פיל. אָבער ווען די ראַדיאָ שלעפּערט זיי איין מיט „לאָון רענדזשער", „גענג באָסטערס" און „דזשיטער־באַג סווינג־מוזיק" — זיינען זיי דאָס, וואָס אַ סך פון זיי זיינען. באַך און הענדעל, מאָצאַרט און בעטהאָווען, מענדעלסאָן און בראַמס האָבן זיך דערצויגן, אין זייער צייט, אויף אַזעלכע צאַרטע וויג־לידער. דאָס האָט גאַר אַ סך בייגעטראָגן, זיי זאָלן אויסוואַקסן דאָס, וואָס זיי זיינען פאַר אונדז היינט. זאָלן יונגע מאַמעס דאָס האָבן אין זינען. זיך באַקענען און לערנען אַזעלכע צאַרטע וויג־לידער און מיט זיי פאַרוויגן זייערע קינדער, ווייל אַזעלכע לידער לייגן אַ חותם און האָבן אַ גוטע השפעה. מיר האָבן אַ סך אַזעלכע לידער . . .

## רעליגיעזע און חסידישע ניגונים

נאָך גאָר אין די אַלטע צייטן, ווען יידן האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל באַזעצט אין ארץ־ישראל, דאַן ווען אַלע מענטשן בכלל און יידן בפרט זיינען געווען רעליגיעז — האָבן יידן שוין דאַן פאַרשטאַנען דעם ווערט פון נגינה. אין דער צייט, ווען זייערע אַרומיקע שכנים־פעלקער זיינען געווען פאַרנומען מיט כלי־זין, מיט אומאויפהערלעכע מלחמות — האָבן יידן, וועלכע זיינען אויך געווען פאַרנומען מיט אַרויפגעצוואונגענע מלחמות, — פונדעסטוועגן געפונען צייט אויפצושטעלן דעם וואונדערלעכן קונסט־בנין — דעם בית־המקדש, וואו דער כאָר פון די לויים האָט געזונגען. אפילו נאָך פאַר די לויים האָט שוין דוד אויסגעשפּילט אויף זיין האַרף זיינע געטלעכע געזאַנגען (לויט דער ביבל).

פון די שפורן, וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען, נאָך גרינטלעכע פאַרשונגען וואָס היסטאָריקער און מוזיקער האָבן געמאַכט, דערוויסן מיר זיך, אַז יענע ניגונים זיינען שוין געווען אַזוינע הערלעכע, אַזוינע פייערלעכע, וועלכע האָבן דערהויבן די מתפּללים, די דאַוונער, צו אַ געטלעכן עקסטאַז.

אַלע טעג אין יאָר, אַלע יאָרן אין לעבן, האָבן יידן געבעטן גאָט מיט די זעלביקע תפילות, אויסגעזונגען מיט די זעלביקע ניגונים.

האָבן זיך אין לויף פון יאָרן און דורות פאַרמירט אַנגענומענע נוסחאות התפילות. דאָס מיינט, אַז די און די תפילות דאַרפן געזאָגט אָדער געזונגען ווערן מיט די באַשטימטע ניגונים. איז ביי יידן געוואָרן אַן אַקסיאָמע, אַן אָנגענומענע זאַך, אַז יעדע תפילה דאַרף זיך האָבן איר ניגון. אַז אַ תפילה קריגט ערשט דאַן אַ תיקון, ווען זי האָט אַ ניגון.

שפּעטער, ווען יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות, וואו מ׳האָט זיי געמאַטערט און מיט גוואַלד געוואָלט צווינגען זיי אָפּצו־זאָגן זיך פון זייער איין און איינציקן גאָט, האָבן אַ סך יידן זיך מקריב געווען על קידוש השם און די לעבן־געבליבענע האָבן אַזוי מסירת־נפש׳דיק אויפגעהאַלטן זייער רעליגיע. צוזאַמען מיט דער רעליגיע אויפגעהאַלטן די תפילות און די תפילות האָבן זיך אויפגעהאַלטן, קאָן מען זאָגן, אַ דאַנק די ניגונים. דער ניגון איז דער צעמענט, וואָס האַלט צוזאַמען די ווערטער פון אַ תפילה, ווי פון אַ ליד, און פאַרע־זערווירט זייער אינהאַלט אינם זכרון.

זייענדיק אין גלות, האָבן יידן געשאַפן נייע תפילות — נייע ניגונים. קאָן מען מיינען, אַז אין גלות זיינען די ניגונים געווען גלות׳דיקע, מינאָרנע, אומעטיקע, יאוש׳דיקע . . . איז פונקט פאַר־קערט: די ניגונים, געשאַפן אין גלות, זיינען געווען מאַזשאָרנע, מונטערע, דערהויבנדיקע. יעדער ניגון האָט געוועקט בטחון, גע־לייטערט די נשמה. אדרבא, הערט זיך צו צום ניגון פון איכה. איכה איז אַ קלאָגליד אויפן חורבן. וואָלט דער ניגון געדאַרפט זיין אַ האַרצ־רייסנדיקער יאָמער־אויסגוס, הערן מיר גאָר טענער פון טרייסט, פון בטחון. זינגט פאַר זיך און הערט:

איכה ישבה בדד העיר,
רבתי עם היתה כאלמנה,
רבתי בגוים שרתי במדינות,
היתה למס . . .

אַ סימן, אַז אין דעם פריילעכסטן יום־טוב, פורים, זאָגט מען די מגילה מיט דעם זעלביקן ניגון.

שוין אָפּגערעדט פון אַזעלכע ליכטיקע און באמת פרעכטיקע ניגונים, ווי צו אקדמות, קהלת, הפטורה און בכלל צו אַלע פיוטים און פזמונים פונם מחזור. די ניגונים זיינען געוואָרן און ווערן תמיד

זיין אַ וויכטיקער און געוויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דעם רעליגיעזן ריטואַל. יעדער פרומער איד האָט ממש געפילט ביים דאַוונען אין שול, ווי נגונים דערהויבן זיינע תפילות צו די שערי רחמים, וואו זיי וועלן דערהערט און דערפילט ווערן.

אַזוי זיינען דורכגעגאַנגען הונדערטער יאָרן. און אין די אַלע יאָרן האָבן זיך געשאַפן נייע תפילות מיט נייע נגונים. נעמען מיר אַזאַ תפילה ווי כל־נדרי. אין סוף פון פופצנטן יאָרהונדערט, ווען אין שפּאַניע האָט געבושעוועט די אינקוויזיציע, וואו מ'האָט יידן געברענט אויף די שייטערהויפנס פאַר ניט וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייער גלויבן. און יענע יידן אפילו, וועלכע האָבן כלומר'שט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, זיינען אין געהיים פאַרבליבן גוטע, ערלעכע יידן, פלעגן זיי, די אנוסים, באַהאַלטענערהייט, אין טיפע קעלערן, דינען זייער גאָט און פייערלעך געבן אַ שבועה, אַ נדר, ניט אָפּצוטרעטן פון זייער גאָט. אין דער צייט ווען מ'האָט זייערע ברידער־יידן געברענט און געבראָטן לעבעדיקערהייט — האָבן די באַהאַלטענע מיט אַזאַ פייערלעכן, מיט אַזאַ וואונדערלעכן ניגון זיך אָפּגעזאָגט פון די שבועות און נדרים, וואָס זיי האָבן געמאַכט צו זייערע באַצווינגער.

נדרנא לא נדרי,
ואסרנא לא אסרי —
ושבועתנא לא שבועות . . .

דערמאָנט זיך, וויפיל עקסטאַז, וויפיל התלהבות עס האָט אַרויסגערופן ביי יעדן איינעם, וואָס האָט אָנגעפילט די שול די נאַכט פון כל־נדרי. הערנדיק אויסזינגען כל־נדרי, האָט יעדער געפילט, אַז אויך ער איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיין גלויבן, אויב דער מאָמענט זאָל חלילה קומען. אַזעלכע ניגונים האָבן גאָר אַ סך מיטגעהאָלפן אויפצוהאַלטן ניט בלויז רעליגיע, נאָר דעם קיום פון יידישן פאָלק.

דערמאָן איך זיך, בשעת איך בין אין חדר געזעסן מיט נאָך אַ סך יינגלעך און דער רבי האָט מיט אונדז געלערנט די פּרעכטיקע פּאָעמע שיר־השירים, מיט אַ צויבערלעכן ניגון, וואָס האָט דאָס לערנען געמאַכט אַזוי אָנגענעם, וואָס האָט אונדז אָנגעגאָסן מיט אַזאַ ליבער בענקשאַפט און אָנגעפילט מיט אַזוי פיל חשק צו לערנען (ספּעציעל נוסח פוילן). דערמאָנט זיך און זינגט עס אויס:

שיר, אַ געזאַנג,
השירים, איבער אַלע געזאַנגען.
אַן אַנדער געזאַנג איז קודש
און דאָס געזאַנג — איז קודש־קדשים.
אַן אַנדער געזאַנג האָט געזונגען אַ מלך (דוד)
און דאָס געזאַנג האָט געזונגען
אַ מלך בן מלך!
אַ חכם בן חכם!
אשר, דאָס, לשלמה . . .

מיר איז דאָס געזאַנג נאָכגעגאַנגען אויף אַלע מיינע וועגן, אויף אַלע מיינע וואַנדערונגען און מיך באַווירקט און מיך אינספּירירט. אָט אַזעלכע ניגונים האָבן געגערט און נערן אַלע יידישע טאַלאַנטירטע מוזיק־מחברים צו שאַפן זייערע מאָדערנע מוזיק־ווערק. מער ווי איין ניט־יידישער מוזיקער האָט זיך באַנוצט מיט די טראַדיציאָנעלע יידישע ניגונים פאַר זיינע שאַפונגען. הענדל און באַך, רימסקי קאָר־סאַקאָוו און רובינשטיין האָבן זייערע אָראַטאָריעס אויף ביבלישע טעמעס אַ היפּש ביסל באַזירט אויף די נוסחאות.



מיט דער אַנטשטייאונג פון חסידיזם הייבט זיך אָן אַ גאַנץ נייע תקופה אין דעם יידישן ניגון. אומעטיקע טענער, וועלכע וויינען אויף גלות־השכינה; רעליגיעזע בענקשאַפט מיט עצבות. אַ מאָדנער פּאַראַדאָקס אין דער יידישער געשיכטע: יענע יידן, וועלכע האָבן מיטגעמאַכט די טראַגישסטע מאָמענטן אין דער יידישער געשיכטע (אויסער די הייגטיקע), האָבן געשפונען דעם מאַזשאָרנעם, דעם ליב־טיקן, אויבן־אָנגעוויזענעם ניגון, און די חסידים (פון פּוילן און גאַ־ליציע), וועלכע האַלטן, אַז מ'טאָר ניט זיין אומעטיק — די פריילעכע הוליאַקעס, וועלכע מאַכן אַ יומא־דפגרא פון אַ יאָרצייט — זיי האָבן געוועבט די מינאָרנע, אומעטיקע טענער. ס'האָט, דאַכט זיך, גע־דאַרפט זיין פּונקט פאַרקערט.

קאָן זיין, עס איז דערפאַר, וואָס די יידן פון מיטלאַלטער, וועלכע זיינען אויסגעשטאַנען די שרעקלעכסטע פּיינען אין די טראַגישע קרייץ־צוגן, האָבן זיי פונדעסטוועגן געשאַפן מאַזשאָרנע טענער, ווייל זיי האָבן געגלויבט אין דעם „הללו הו בנבל וכינור", לויב גאָט מיט האַרף און פידל, אַלס אָנדענק פון יענער גליקלעכער צייט, ווען נגינה

האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט ביי אַלע פייערונגען און צע־רעמאָניעס.

און דוקא די חסידים, וועלכע האַלטן, אַז מקבל שבת זיין מוז מען מיט אַ ניגון; אַז צו שלוש־סעודות און מלוה־מלכה מוז מען האָבן אַ זמר׳ל, אַ פריילעך זמר׳ל און צוהאַפּקען אַ ריקוד׳ל און סתם מאַכן יומא־דפגרא׳לעך צו יעדער געלעגנהייט, אַבי מ׳זאָל קאָנען פריילעך זיין — זיינען אָט די חסידישע ניגונים מינאָרנע, במעט וויינענדיקע. זייערע פריילעכסטע ניגונים זיינען דורכגעדרונגען מיט טרערן־טענער. ס׳איז געלעכטער מיט יאַשטשערקעס, ווי שלום עליכם וואָלט געזאָגט.

יענע יידן פון אַמאָל האָבן געגלייבט, געשטרעבט און, אויב נויטיק, געקעמפט פאַר אַ פרייער, גליקלעכער צוקונפט און ניט פאַרגעסן זייער גליקלעכע פאַרגאַנגענהייט, ווען זיי זיינען געזעסן אויף זייער אייגן לאַנד מיט אייגענע מנהגים און מנהיגים און האָבן ניט געמאַכט קיין מחיצה, זיך ניט אָפּגעטיילט מיט אַן אייזערנער, גייס־טיקער וואַנט פון זייערע שכנים, די גויים, אין גלות. איז חוץ וואָס זיי האָבן ניט איבערגעריסן די זוניקע טענער־פעדים פון אָריענט — האָבן זיי אין די גלות־לענדער נאָך איינגעזאַפּט אין זיך די דייטשע ראָמאַנטיק און סערענאַדן־טענער — די שפּאַנישע יובל און טעמפּע־ראַמענט־טענער. איז עס אַ וואונדערבאַרע קאָמבינאַציע.

דער פּויליש־גאַליצישער חסיד, ווידער, האָט טאַקע געוואוסט, אַז ער דאַרף זינגען, זינגען און זינגען. ווייל זינגען שאַפט הדוה, פרייד. דער חסיד האָט אָבער געלעבט אָפּגעטיילט, אָפּגעזונדערט, ניט בלויז פון זיינע שכנים, די גויים, נאָר אפילו פון זיינע ברידער, די יידן, אויב זיי זיינען קיין חסידים ניט געווען. און אויב זיי זיינען אפילו געווען חסידים, נאָר זיינען געפאָרן צו אַן אַנדער רבי׳ן — האָט מען מיט זיי ניט געדאַרפט האָבן קיין מגע ומשא. און פון וואַנען און פון וועמען האָבן חסידים געזאָלט אינספּירירט ווערן? אַז קאָנצערטן און טעאַטערס זיינען געווען אַפּיקורסות; חזנים און משוררים זינגען פאַר מתנגדים — און מתנגדים זיינען נאָך געווען ערגער פון אַפּיקורסים. אָבער זינגען דאַרף מען דאָך פאָרט! איז פונקט ווי מען פלעגט פאָרן צום רבי׳ן נאָך אַ רפואה פאַר אַ חולה, אַן עצה וועגן אַ שידוך, פּרנסה, געשעפט און וואָס ניט — פונקט אַזוי איז מען געפאָרן צום רבי׳ן נאָך אַ ניגון. דערפאַר טאַקע טראָגן די מערסטע חסידישע ניגונים נעמען פון רבי׳שע הויפן. דער קאָצקער ניגון, דער גערער ניגון א. אַז. וו.

און ווי האָבן די ניגונים געקענט זיין האָפּערדיקע, אַז זיי זיינען גע־שאַפֿן געוואָרן אין עצבֿות־שטימונגען. איך געדענק אַ שבת צו שלוש־סעודות: דער רבי זיצט אויבנאָן, אַרום לאַנגע געדעקטע טישן זיצן חסידים, הינטער זיי שטייט מען קאָפּ אויף קאָפּ. אַלע האַלטן איין דעם אָטעם און הערן פֿאַרגאַפֿט די תורה, וואָס דער רבי זאָגט פֿאַרן עולם. די זון לאָזט זיך שוין אַרונטער אויף יענער זייט מילן און שיקט אירע לעצטע, פֿייער־רויטע שטראַלן, וואָס דרינגען אַריין דורך די אויבערשטע טיילן פֿענסטער. פֿון דער שיין לייכטן פּנים׳ער נאָך ליכטיקער און אויגן ברענען נאָך פֿייערדיקער. די חסידים, מיט אָפֿענע מיילער, שלינגען יעדעס וואָרט פֿונם רבי׳נס הלכה. אין שטילקייט און פֿאַרטראַכטקייט באַמערקט קיינער ניט, אַז דער רבי האָט די שווערע רמזים פֿון דער טיפֿער תורה געענדיקט. אַ טויטע שטיל־קייט . . . לאָזט דער רבי אַראָפּ דעם קאָפּ אויף די הענט און טראַכט — די חסידים שווייגן און וואַרטן; דער רבי הייבט אויף די גרויסע ברעמען און דער שטערן קאַרבט זיך אין טיפֿע קנייטשן; אַ סימן, אַז דעם רבי׳ן דריקט עצבֿות, וואָס דאָס פֿאָלק ישׂראלליידט, און ער וויל אויס׳פּועל׳ן אַ ישועה — אפֿשר טאַקע די גאולה. די חסידים זעען און פֿילן דאָס ממש. אין קלויז ווערט אַלץ טונקעלער און טונ־קעלער. דעם רבי׳נס אויגן הייבן אָן ווערן אַלץ ליכטיקער און ליכ־טיקער. די חסידים וואַרטן און האַלטן איין דעם אָטעם. דער רבי הייבט אָן אונטערברומען אַ ניגון, שטיל, פֿול דבֿקות, באַהעפֿטונג מיט גאָט ברוך הוא. די חסידים שטרענגען אָן אַלע חושים, חלילה ניט צו פֿאַרלירן אַ תנועה, אַ קרעכץ, פֿון דעם ניגון. דעם רבי׳נס קול שטייגט, ווערט לויטערער. די חסידים הייבן אָן מיטברומען. פֿון אָנפֿאַנג איינגעהאַלטן. וואָס ווייטער אַלץ הילכיקער און קרעפֿטיקער, ביז עס ווערט איין מעכטיק געזאַנג. דער ניגון חזר׳ט זיך איבער איין מאָל און נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. וואָס ווייטער, אַלץ שנעלער די טעמפּאָ און ברענענדיקער די טענער. און ביים באַווייזן זיך פֿון ערשטן שטערן הייבן זיך שוין פּיס, פֿליען פּאָלעס, געפֿלאַכטן הענט אויף אַקסל, געשלאָסן די אויגן, כּדי קלאָרער צו זען, פֿאַרריסן די קעפּ אַרויף — פֿלאַקערט אַ ריקוד׳ל צום טאַקט פֿונם ניגון, וואָס שפּאַרט פֿונם קלויז און פֿאַרהילכט דאָס שטעטל . . . זייט זיכער, אַז דעם ניגון וועלן שוין חסידים קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן . . . אַזוי ווערט געבוירן אַ חסידישער ניגון . . .

דאַכט זיך אַזוי פיל פרייד, ברען און טעמפּעראַמענט — אָבער דער עצם ניגון, געבוירן אין עצבות, איז אַן אומעטיקער. מוזיקאַליש איז דער ניגון, ווי אַלע חסידישע ניגונים, אין אַ מינאָרנעם טאָן־אַרט. בלויז די שנעלע טעמפּאָ, דער חסידישער ברען און עקסטאַז מאַכט גלויבן, אַז דאָס איז אַ פריילעכס.

לעצטנס קען מען אָפט הערן איבער דער ראַדיאָ, וואו מען נעמט באַכן, בעטהאָווענען און מאָצאַרטן און מען שפּילט זיי (אַך און ווי) אין „סווינג" — אַזוי איז, להבדיל, מיט אַ חסידישן ניגון. מען קען פּונקט אַזוי נעמען אַ טרויער־מאַרש און בייטן די צייט, די טעמפּאָ, נישט טשעפּענדיק קיין טאָן, ניט ענדערן קיין נאָטע און עס זאָל זיך באַקומען גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ מאַרש. דאָס איז דער כוח, אָדער דער סוד פון מוזיק. איר האָט אַמאָל געלייענט פּרץ'עס „גלגול פון אַ ניגון" ? — לייענט עס און איר וועט בעסער פאַרשטיין וואָס פון אַ ניגון קען ווערן.

*

אַ גאַנץ אַנדער שיטה פון דעם פּויליש־גאַליציאַנער חסידיזם איז די בעל־שם שיטה, די ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער שיטה. זייערע ניגונים זיינען שוין טאַקע פריילעכערע. אין דער צייט, ווען ביי די פּויליש־גאַליצישע חסידים דאַרף אַ מענטש אַלע צרות נעמען פאַר ליב און זאָגן גם זו לטובה; דאַרף אַ מענטש פאַר דער קלענסטער זינד האַרב באַשטראָפט ווערן — איז ביי דעם באַרדיטשעווער דער מענטש זייער חשוב אויף דער וועלט און מען דאַרף אויף אַ זינדיקן אפילו געפינען אַ זכות. איר האָט דאָך מסתמא געהערט די מעשה מיט דעם באַלעגאָלע, וואָס האָט געשמירט די רעדער אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, ווי איינער זאָגט צום רבי'ן: רבי, זעט ווי דער באַלע־גאָלע שמירט די רעדער אין טלית און תפילין. אָזאַ חילול השם! זאָגט דער באַרדיטשעווער: ניין, קינד מיינס, זע, וואָס פאַר אַ טייער פאָלק מיר האָבן. ביים שמירן די רעדער פאַרגעסט ניט אַ ייד צו דאַווענען און לויבן גאָט. ביי די ערשטע דאַרף דער מענטש אַלצדינג טאָן פאַר גאָט, און ביי די צווייטע — דאַרף גאָט אַלץ טאָן פאַרן מענטשן, ווייל ער דינט אים. איך וויל דאָ ברענגען אַ ליד פון דעם יונגען, פיינעם דיכטער, אברהם טווערסקי, אַ זון פון דעם טשער־נאָבעלער רבי'ן, וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ די פילאָזאָפיע פון דעם בעל־שם'ס שיטה:

שבת . . .
גייענדיק פון רביינס טיש,
אוואו דער אלטער שמואל אבאיס האט נאך די פיש
פארטייטש אן אומעטיקע שטיקל דוינע —
זייגען שלמה חקרן און ר׳ יונה
שטיין געבליבן ביי דער גרעבליע פון דער מיל
און אלץ געצויגן נאך די דוינע אין דער שטיל:
אוי־דיי־דוי! . . . אוי־דיי־דוי! . . .
דרייט זיך שלמה חקרן אויס און מאכט אזוי:
— פארשטייסטו, יונה, וואס א פאסטוך קאן?
ער נעמט דעם בורא עולם אן
און טענהיט אײַן מיט אים ווי מיט א פאטער:
העך מיך אויס — און פטור!
קיין עברי קאן איך ניט.
איך בין א פראסטע זאך.
טא נעם איך מיר א פייפל און איך מאך:
טרילײַלי און טריילײַלי . . .
שלמה חקרן טוט דערביי פאמעלעכל א ציי:
ווי פלעגט דער אפטער רב, זכותו יגן, זאגן:
בראשית — מענטש, די בחינה פון א פידל,
איעדער איינער שטייט מיט ביידע פיס אין פיוט (פאיעט)
ביי דער נאדל — אונדזער בערל חייט.
און אלעקסי, ביי קאסי און ביי רידל.
פארשטייסטו, יונה, וואס עס מיינט?
אויב איינער וויינט,
ער בעט א רעפטל ברויט,
א פשוטין געלעגער
און חנא, דער פארהארעוועטער טרעגער,
טרעט אים אפ די וועטשערע מיט הארטער באנק —
איז דאס אליין שוין געזאנג!
— — — — — — — —

זעסטו שוין, פון דעם
צעשמייכלט זיך ביי גאט דער קוואל פון רחמים אויף דער ברעם.
והא ראיה — דער בעל שם.
אליין געפייפלט פון אן אויסגעשניצטער קארע
און ליים געפירט אין וואגן, ווי א גוי,
ווייל מענטש — איז טיפער, יונה, פון א בלאט גמרא
און דער ניגון זיינער גייט אזוי:
אוי־דיי־דוי! . . . אוי־דיי־דוי! . . .

און איר דאַרפֿט שוין הערן דעם ניגון. טאַקע דבקות, אָבער נישט קיין עצבות.

אַי, ווען אַלע לייענער וואָלטן געקענט לייענען נאָטן און איך וואָלט געקענט ברענגען מוסטערן פֿון אַ פּאָר ניגונים? . . . סיי־ווי־סיי, זינגט די פּויליש־גאַליצישע און זינגט די אוקראַינישע ניגונים — אַבי זינגט. זינגען שאַפֿט פֿרייד. אין טעג אַזוינע, ווי היינטיקע, איז גוט ווען מען זינגט זיך אַראָפּ פֿון האַרצן.

# יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך

**געבוירן: דעם 21טן מערץ, 1685. געשטאָרבן: דעם 28טן יולי, 1750.**

אין אַ געוויסן אָוונט, ווען אַמבראָוס באַך איז געזעסן און גע־מיטלעך געשמועסט מיט זיין פרוי וועגן זייער יינגסטן קינד סע־באַסטיאַן, וועלכער איז גראָד אַרומגעקראָכן אויף דער ערד און זיך געשפּילט — האָט די פרוי באַך געפרעגט ביי איר מאַן:

„וואָס דענקסטו צו מאַכן פון דעם יינגל?"

„וואָס הייסט וואָס?" — האָט דער פאָטער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן — „וואָס הייסט וואָס?! אַ מוזיקער נאַ־טירלעך. ווי קען עס דיר איינפאַלן גאָר צו פרעגן אַזאַ מאָדנע פראַגע? איז דען פאַר די לעצטע הונדערט יאָר אין דער באַך משפחה געווען אַ פאַל, וואו עמיצער זאָל ניט זיין קיין מוזיקער? איז דען ווען עמען אַמאָל איינגעפאַלן צו טראַכטן אפילו, אַז אַ מיטגליד פון דער באַך משפחה זאָל זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ מוזיקער? נאַטירלעך וועט אויך סעבאַסטיאַן זיין אַ מוזיקער."

און דער פאָטער האָט ניט געקענט קומען צו זיך פון אַזאַ מאָדנער פראַגע. „אַ מוזיקער, געוויס אַ מוזיקער!" — האָט ער געהאַלטן אין איין מורמלען. כאָטש ער האָט קיין גרויסן נחת ניט געהאַט פון די עלטערע קינדער אַלס מוזיקער. דער פאָטער האָט געוואָלט זיי זאָלן אויסוואַקסן קינסטלער, גרויסע קאָמפּאָזיטאָרס, און יעדעס מאָל, וואָס אַ קינד איז אויסגעוואקסן, האָט עס ניט דערפילט די וואונטשן און האָפענונגען פון פאָטער. זיי זיינען געווען מוזיקער, אָבער ניט קיין מייסטערס. האָט עס אים ווי געטאָן. אָבער פונדעסטוועגן, יעדעס מאָל ווען אַ קינד איז צוגעקומען אין דער משפחה, איז דער פאָטער ווידער געוואָרן זיכער, אַז דאָס קינד וועט שוין זיין אַ גאון. און פונקט אַזוי זיכער איז דער פאָטער איצט געווען מיט זיין מוזיניקל, סע־באַסטיאַן, אַז דאָס מאָל וועלן זיינע וואונטשן און האָפענונגען מקוים ווערן. דערפאַר האָט אים אַזוי ווי געטאָן דער פרוים פראַגע. און זי,

הפּנים, האָט שוין ניט געגלויבט. די מאַמע איז געווען פּראַקטיש. דער פאָטער, ווי אַליידנשאַפטלעכער מוזיק־פּאַרערער, האָט נאָך אַלץ געהאָפט.

אָבער דער פאָטער האָט ניט דערלעבט דעם גרויסן נחת, אויף וועלכן ער האָט זיין גאַנץ לעבן געהאָפט. ווען סעבאַסטיאַן איז אַלט געוואָרן צוויי יאָר, איז דער פאָטער געשטאָרבן. און דער עלטסטער זון, קריסטאָף, וועלכער איז שוין געווען פאַרהייראַט, געהאַט עטלעכע קינדער, און אַלס אָרגאַניסט קוים פאַרדינט אויף חיונה, האָט מיט זיין בעסטן ווילן ניט געקענט געבן די געהעריקע מוזיקאַלישע בילדונג דעם קליינעם טאַלאַנטפולן יתום, סעבאַסטיאַן.

קריסטאָף האָט פונדעסטוועגן געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקענט. געגעבן דעם קינד אַליין לעקציעס אין מוזיק. געלערנט אים שפּילן אָרגל, פידל, און — דער מוזיק־דורשטיקער סעבאַסטיאַן האָט אַזוי פלייסיק און טיכטיק געלערנט, אַז אין עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער שוין געקענט מער פון זיין עלטערן ברודער קריסטאָף. אמת, אַז קריסטאָף האָט געדאַרפט זיין דער מפרנס און פאַרזאָרגער פון אַ גרויסער משפּחה. דער קאָפּ האָט אים שטענדיק געדאַרט: וואו נעמט מען אויף מאָרגן? האָט ער אָבער איין טרייסט געהאַט אין זיין אָרעמקייט: ער האָט פאַרמאָגט אַ געשריבענעם בוך מיט מוזיק־קאָמפּאָזיציעס פון די בעסטע מוזיקער אין יענער צייט. און אין שווערע מינוטן פלעגט ער טרייסט געפינען אין די געשריבענע ווערק. דער קליינער סעבאַסטיאַן האָט זייער געוואָלט לערנען, שטודירן און קענען די קאָמפּאָזיציעס פון יענעם בוך. נאָר קריסטאָף האָט דאָס אים ניט דערלויבט, מיט דער באַמערקונג:

„אַזאַ אוצר קען מען ניט אָנגעטרויען אַזעלכע קליינע חברה."

האָט קריסטאָף באַהאַלטן דעם בוך אין אַ קליינער אַלטער שאַפע און פאַרשלאָסן. סעבאַסטיאַן פלעגט יעדן טאָג, שטונדן־לאַנג, שטיין ביי דער פאַרשלאָסענער שאַפע, מיט אַ קלאַפּנדיק הערצל, מיט זשעדנע אייגעלעך, מיט יראת־הכבוד — שטיין און קוקן ווי צו אַן ארון־קודש, וואו עס געפינט זיך זיין ספר תורה. ער האָט געבעטן אויף אַ נס, אַז דער בוך זאָל צו אים קומען, דורך אַ שפּאַלט, דורכן שליסל־לאָך. און ווען דער נס איז אַלץ ניט געשען, האָט ער אַליין צוגעטראַכט פּלענער ווי אַזוי דעם בוך צו קריגן. באַטראַכטנדיק די שאַפע פון אַלע זייטן, האָט ער צום גליק דערזען נעבן שלאָס אַ קליינעם שפּאַלט; ער האָט

אַריינגעשטופּט זיינע דינע פינגערלעך, אונטערגעהויבן דעם אַלט־מאָדישן שלאָס, געעפנט די טיר און — פּלוצים האָט ער דערהערט טריט. ער האָט אָבער שנעל אַראָפּגעלאָזן דעם שלאָס, אָפּגעשפּרונגען פון דער שאַפע, פאַרקליבן זיך אין אַ ווינקל און דאָס האַרץ האָט גע־נומען שלאָגן מיט דער שנעלסטער טעמפּאָ. אינם קאָפּ זיינען גע־שפּרונגען געדאַנקען: „איך בין ניט קיין גנב — דאָס איז ניט קיין פאַרברעכן, — איך וויל בלויז לייענען דעם בוך, לערנען, שטודירן. און וועל עס צוריקלייגן."

די זעלביקע נאַכט האָט סעבאַסטיאַן ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן, און נאָר געטראַכט ווי אַזוי צו קריגן דעם בוך. דורכן פענ־סטער האָט אַריינגעשיינט אַ גרויסע, קיילעכדיקע לבנה, באַלייכטנדיק דאָס בעטל, אין וועלכן סעבאַסטיאַן איז געלעגן. איז אים פּלוצים איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק: אַזוי ווי אַלע אין הויז שלאָפן, וועט ער אַראָפּקריכן פון בעט, זיך צושאַרן צו דער שאַפע, דורכן שפּאַלט אונטערהויבן דעם שלאָס, אַרויסנעמען דעם בוך און ביים העלן שיין פון דער לבנה וועט ער איבערשרייבן די קאָמפּאָזיציעס, וועט ער האָבן וואָס צו לערנען, שטודירן. — געטראַכט און געטאָן.

זיין פּלאַן האָט געאַרבעט אויסגעצייכנט. נאַכט נאָך נאַכט האָט ער אַרויסגענומען דעם בוך און ביים שיין פון דער לבנה געשריבן ווי לאַנג ער האָט געקענט. פּאַרטיק געוואָרן, האָט ער צוריקגעלייגט דעם בוך, אַראָפּגעלאָזן דעם שלאָס, פּונקט ווי קיינמאָל גאָרנישט. און אין דער פרי, ווען אַלע זיינען אויפגעשטאַנען, איז סעבאַסטיאַן גע־שמאַק געשלאָפן . . . מ'האָט אים שטענדיק געדאַרפט וועקן. „אַזאַ פּעפּער!" — פלעגט דער ברודער שרייען אויף אים . . .

אַזוי ווי לבנה־נעכט זיינען געווען ווייניק, האָט אים גענומען גאַנצע זעקס חדשים איבערצושרייבן דעם גאַנצן בוך. און צו זיין גליק איז קיין גלייכן ניט געווען.

נאָר זיין גליק האָט לאַנג ניט געדויערט. איינמאָל, אין אַן אומ־גערעכטער שעה, איז קריסטאָף אַריין אין הויז אַ פאַרביטערטער פון אַרומגיין זוכן פאַרדינסט און נישט געפינען. האָט ער פּלוצים דערזען ביי סעבאַסטיאַנען דעם מאַנוסקריפּט, און מיט בעם עס צוגענומען. מען קען זיך קוים פאָרשטעלן וואָס דער קליינער סעבאַסטיאַן האָט איבערגעלעבט, וויפיל האַרצווייטיק און יסורים עס האָט אים פאַר־

שאַפֿט זעקס חדשים שרייבן דורך די נעכט ביים שיין פֿון לבֿנה, זיך ראַנגלען מיטן שלאָף, לעבן אין שרעק טאָמער כאַפּט זיך עמיצער אויף; פֿאַרציטערט ווערן ביי יעדן שאָרך, און צום סוף . . . ווי פֿיינלעך! עס איז אַ סבֿרה, אַז דאָס, וואָס באַך האָט אויף די עלטערע יאָרן אַזוי געליטן אויף די אויגן און שיער בלינד געוואָרן, איז געווען אַ רעזולטאַט דערפֿון, וואָס ער האָט דורך די נעכט זיך געבלענדט די אויגן.

נאָך דער פּאַסירונג איז סעבאַסטיאַן שוין לאַנג ניט פֿאַרבליבן ביי זיין ברודער. ער איז אַוועק און אָנגעקומען זינגען אין אַ כאָר אַלס משורר. זיין באַלוינונג פֿאַרן זינגען איז געווען פֿרייע לערע. נאַטיר־לעך האָט סעבאַסטיאַן געזען, אַז זיין באַלוינונג זאָל זיין וואָס גרעסער. דאָס מיינט, וואָס מער לערנען. טאָג און נאַכט געלערנט און געלערנט. יעדע פֿרייע מינוט — געלערנט. האָט ער געהאַט אַ פֿרייען טאָג פֿון כאָר, איז ער ניט געגאַנגען מיט זיינע חבֿרים פֿאַרברענגען, נאָר גע־לאָפֿן מיילן וויט אין דער קאַטעדראַל הערן דעם גרויסן אָרגל; שלינגען און איינזאַפּן אין זיין יונגען מוח יעדן טאָן, יעדן אַקאָרד, יעדן ניואַנס. האָט ער נאָר אַ מעגלעכקייט געהאַט, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צום קליינעם אָרגל אין זיין שול און געשפּילט, אימפּראָ־וויזירט. אַזוי האָט ער פֿאַרבראַכט אין שטודירן און שפּילן, שפּילן און שטודירן יעדע פֿרייע מינוט. לערנען איז זיין לעבן געווען.

מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ מייסטער אויפֿן אָרגל און צו אַכצן יאָר האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו פֿאַרפּולקאָמענען אין זיין שפּילן און שאַפֿן. זיין נאָמען אַלס וואונדער־אָרגאַניסט האָט גענומען שמ׳ען ווייטער און ברייטער. און טאַקע ניט לאַנג דערנאָך, האָט מען אים איינגעלאַדן אַלס הויפּט־אָרגאַניסט פֿון דער ניי־אויפֿ־געבויטער קירכע אין אַרעמשטאַט.

זייענדיק פֿאַרזאָרגט מיט פּרנסה, האָט יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך גענומען שאַפֿן זיינע ערשטע גרויסע ווערק און באַלד גענומען שמ׳ען איבער דייטשלאַנד אַלס גלענצנדער אָרגאַניסט און געניאַלער קאָמ־פּאָזיטאָר.

איינמאָל האָט מען אים געלאַדן צום קרוינפּרינץ צו שפּילן אויפֿן „פּאַיפּ אָרגאַן" אַ סאָלאָ. ער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען, געקומען און געשפּילט זיינע אַן אייגענע שאַפֿונג. דער פּרינץ איז אַזוי באַ־גייסטערט געוואָרן פֿון באַכס שפּילן, אַז ער האָט אַראָפּגענומען פֿון

זיין האַנט אַ רינג, באַזעצט מיט די טייערסטע שטיינער, עס אָנגעטאָן באַכן אויפן פינגער און געזאָגט: „אַזוי וואונדערלעך שפּילן האָב איך נאָך קיינמאָל פריער ניט געהערט.

דער פאַרדראָס איז נאָר, וואָס אין דייטשלאַנד האָט מען באַכן געשאַצט הויפּטזאַכלעך אַלס אָרגאַניסט און נישט אַלס קאָמפּאָזיטאָר. און דער אמת איז, אַז באַך איז איינער פון די גאָניאַלסטע, אָריגי־נעלסטע, מאָדערנסטע און עפּאָכע־מאַכנדיקסטע קאָמפּאָזיטאָרם פון אַלע צייטן.

באַך האָט אומדערמידלעך געשאַפן מוזיק־ווערק; געלעבט באַ־שיידן און געווען אַ געטרייער, ליבער מאַן און פאָטער, וועלכער האָט געטאָן אַלץ כדי זיינע קינדער צו געבן אַ מוזיקאַלישע דערציאונג. (באַך האָט געהאַט צוואַנציק קינדער.)

אַ באַרימטער דייטשער מאָלער האָט געמאָלן אַ בילד מיטן נאָמען „באַך־פאַמיליע בשעת אַ מאָרגן־געבעט". דאָס בילד שטעלט פאָר ווי דער פאָטער שפּילט אויף זיין קליינער פּיאַנאָ; דער עלטסטער זון שטייט הינטער אים שפּילנדיק פידל; אַ גרופּע קינדער שטייען ביי דער זייט זינגענדיק אַ תפילה. דאָס קלענסטע קינד שפּילט זיך מיט דער קאַץ, וועלכע ליגט ביי דער פּיאַנאָ מיט פאַרגלאָצטע אויגן, ווי זי וואָלט זיך אויך צוגעהערט — אַ פּראַכטפולע בילד, אַ וואונדער־לעכע אידיליע.

באַך איז דער דערפינדער און פאַרפאָלקאָמער פון דער מעטאָדע, וואָס רופט זיך „פינגערינג", די טעכניק פון באַנוצן די פינגער אויף די קלאַווישן אַזוי און ניט אַנדערש, וואָס דאָס האָט געוואַלדיק פאַר־לייכטערט דאָס שפּילן קאָמפּליצירטע קאָמפּאָזיציעס, און מעגלעך גע־מאַכט אַרויסצוברענגען וועלט־באַרימטע פּיאַניסטן און אָרגאַניסטן. אויב באַך וואָלט מער נישט אויפגעטאָן ווי דאָס, וואָלט עס אויך געווען גענוג פאַרדינסט אים צו רופן „פאָטער פון מוזיק".

באַך איז אָבער אין דער אמת'ן גרויס אַלס קאָמפּאָזיטאָר, און ער איז ערשט געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן אַרום הונדערט יאָר נאָך זיין טויט. די מערסטע ווערק זיינע שוין געווען באַלד פאַרגעסן, ביז מענדעלסאָן, וועלכער האָט געלעבט מיט אַרום הונדערט יאָר שפּעטער, האָט גענומען שפּילן און אויפלעבן באַכס ווערק. דאָ האָט ערשט די וועלט דערזען דעם גאָניאַלן מוזיק־מחבר — באַך.

און באַלד האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן באַך־געזעלשאַפטן אין

דייטשלאַנד, ענגלאַנד, וועמעס אויפגאַבע ס'איז געווען: אויספאָרשן, צונויפזאַמלען און אָפּדרוקן אַלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך.

און דאָ האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף אַ זייער באַדוירנסווערטער פּאַסירונג: אַלע מאַנוסקריפּטן פון דעם גרויסן מייסטער זיינען געבליבן ביי צוויי פון זיינע זין, פרידעמאַן און עמאַנועל. ליידער זיינען די מערסטע מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען געבליבן ביי פרידעמאַנען, פאַרלוירן אָדער אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. בלויז אַ טייל פון זיי האָט ער, פרידעמאַן, פאַרקויפט צו גאָסן־קלעזמער, וועלכע עס איז געלונגען אָפּצוראַטעווען. דערפאַר האָט אָבער עמאַנועל אָפּגע־היט מיט דער גרעסטער זאָרגפעליקייט אַלץ, וואָס איז אים פאַרבליבן פון זיין געניאַלן טאַטן.

באַך האָט מיט כבוד געשפּונען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער באַך־משפחה — אַז מוזיק זאָל זיין דער באַרוף פון זיינע קינדער. און זיין הויז איז באמת געווען אַ מוזיק־צענטער. ניט בלויז די פרוי, די קינדער, זיינען געווען מוזיקאַליש, נאָר ביי באַכן איז געווען דער זאַמל־פּונקט פון אַלע מוזיק־ליבנדיקע און מוזיק־שטודירנדיקע מענטשן.

מיט רעכט קען געזאָגט ווערן, אַז באַך איז געווען, איז נאָך היינט און וועט אַלעמאָל זיין דער מוזיקאַלישער עמוד־האש פאַר אַלע מוזיק־מחברים. ער איז געניאַל, מאָדערן און עכט קינסטלעריש.

## געאָרג פרעדעריק הענדעל

**(געבוירן: 23טן פעברואַר, 1685. געשטאָרבן: 14טן אַפּריל 1759)**

אין דעם שטעטל האַלע, סאַקסאָן, האָט געוואוינט אַ דאָקטער, וועלכער איז אַלט געווען 63 יאָר. זיין צווייטע יונגע פרוי האָט אים געבוירן אַ יינגל, וועמען זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן: געאָרג פרע־דעריק הענדעל. דער אַלטער דאָקטער, וועלכער האָט פיינט געהאַט מוזיק, האָט באַשלאָסן, אַז זיין קינד זאָל זיין אַן אַדוואָקאַט, ווען ער וועט אויסוואַקסן.

ווען דאָס קינד האָט שוין געלערנט אין פאָלקס־שול, האָט דער פאָטער אים צוגענומען פון שול, ווייל מ'האָט דאָרט געלערנט מוזיק. דעם קינד האָט דוקא געצויגן צו מוזיק. אַזוי, אַז יעדעס שטיקל שפּילצייג האָט זיך אים פאָרגעשטעלט ווי אַ מוזיק־אינסטרומענט.

אויף וועלכע דאָס קינד פלעגט „שפּילן" . . . פידל, פּיאַנאָ, אָרגל . . .

די מוטער, אויס רחמנות צום קינד, האָט איינמאָל הינטערן פאַטערס וויסן, געקויפט אַ קליינעם קלאַוויקאָרד (אַזאַ קליין פּיאַנע־לע), באַדעקט די סטרונעס מיט שטיקלעך געוואַנט, אויס מורא פאַרן פאַטער, אַוועקגעשטעלט עס אויפן בוידעם און דער קליינער געאָרג פלעגט אַ גליקלעכער זיך פאַרקלייבן אויפן בוידעם און שטונדן־לאַנג שפּילן, פּראַקטיצירן, אויסקלאַפּן מעלאָדיעס. און ווען דער פאַטער פלעגט ניט זיין אין דער היים, האָט ער אַראָפּגענומען די שמאַטקעס און שטראַלנדיק פון פרייד טאַקע געהערט וואָס ער שפּילט.

דער דאָקטער האָט געהאַט אַן עלטערן זון, וועלכער איז געווען אַ פּאַזש ביים דיוק פון זאַקסן, הער ווייסענפעלד. איינמאָל האָט דער פאַטער באַשלאָסן פאָרן זען דעם זון ביים דיוק און דער קליינער פרעדעריק האָט זיך געבעטן, געוויינט, מען זאָל אים מיטנעמען. אָבער דער פאַטער האָט אים ניט געוואָלט מיטנעמען.

אויף מאָרגן פרי, ווען דער פאַטער האָט זיך געקליבן אין וועג אַריין, איז דער קליינער געאָרג געשטאַנען באַהאַלטן אין אַ זייט. ווען די קאַטש האָט אָנגעהויבן פאָרן, איז דאָס קינד נאָכגעלאָפן פון הינטן. לאַנג, לאַנג געלאָפן — ביז דער פאַטער האָט אים באַמערקט, געהייסן דעם קוטשער אָפּשטעלן און אַרויפנעמען דאָס קינד. צום קינדס גליק איז קיין גלייכן ניט געווען.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין דיוקס פּאַלאַץ, האָבן זיי בייגע־וואוינט אַ גאָטעסדינסט־צערעמאָניע באַגלייט פונם אָרגל. גלייך נאָך דער צערעמאָניע האָט געאָרג פרעדעריק זיך צוגעכאַפּט צום אָרגל און גענומען שפּילן, אימפּראָוויזירן. און מערקווירדיק: כאָטש דאָס קינד האָט קיינמאָל קיין לעקציעס ניט געקראָגן, האָט ער געשפּילט מעלאָדיעס מיט ריכטיק הארמאָניזירטע אַקאָרדן. ווען דער דיוק האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן אויסער זיך. ער האָט געהייסן דעם קינד נאָך עפּעס שפּילן, און באַמערקנדיק די אויסערגעוויינלעכע ליידנשאַפט, וואָס דאָס קינד ווייזט אַרויס צו מוזיק, האָט דער דיוק געהאַט אַ שמועס מיטן פאַטער און גע'פּועל'ט ביי אים, אַז אַזוי שנעל ווי ער וועט אַהיים קומען זאָל ער דאָס קינד אָפּגעבן צו אַ מוזיק־לערער און ניט לאָזן פאַרלירן גיין אַ געניאַלן טאַלאַנט.

צוריקקומענדיק אין האַלע, איז דער זיבן־יאָריקער געאָרג געוואָרן אַ שילער ביי דעם דאָרטיקן קאַטעדראַל־אָרגאַניסט זאַכאַו. אין אַ יאָר

שפּעטער האָט דער יונגער שילער אין זיינע לעקציעס געמאַכט די שווערסטע פוגעס, פון וועלכע עס זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען פּראַכטפולע קאָמפּאָזיציעס. דער גוטער לערער האָט דעם קינד אַפּט צוגעלאָזן שפּילן אויפן אָרגל ביי די זונטיק־תפילות אין קאַטעדראַל. און דער לערער זאַכאַו האָט אָפט גענומען וואַקאַציע, וויסנדיק אַז ער קען זיך פאַרלאָזן אויף זיין געניאַלן שילער.

נאָך צוויי יאָר, ווען געאָרג איז שוין אַלט געווען ניין יאָר, האָט דער אַלטער לערער דערקלערט, אַז ער האָט דעם קינד ניט מער וואָס צו לערנען, און ער רעקאָמענדירט אים צו שיקן נאָך בערלין, וואו עס געפינען זיך גאָר גרויסע לערער.

קומענדיק קיין בערלין האָט דער ניין־יאָריקער געאָרג זיך באַ־קענט מיט אַ סך מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָרס. אויסער זיין אָפיציעלן לערער, האָט ער פון אַלעמען געלערנט, פון יעדן מוזיקאַלישן שמועס האָט ער געלערנט און באַלד איבערראַשט זיינע עלטערע קאָלעגן מיט זיינע אָריגינעלע און עכט־קינסטלערישע שאַפונגען, וועלכע ער האָט געשפּילט אויסנווייניק. אַ מערקווירדיקער זכרון. איינמאָל אָפּגע־שריבן אַ קאָמפּאָזיציע — האָט ער זי געדענקט אויסנווייניק. און ניט בלויז האָט ער געדענקט זיינע אייגענע, נאָר אויך יענעמס.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז געשטאָרבן דער אַלטער דאָקטער, און דער צוועלף־יאָריקער הענדעל בלייבט אָן מיטלען צום לעבן. פאָרט ער קיין האַמבורג, וואו ער געפינט זיך אַ שטעלע אַלס צוויי־טער פידלער אין אַן אָפּערע־אָרקעסטער.

נישט לאַנג דערנאָך ווערט פריי די שטעלע פון דעם אָרגאַניסט אין דער קאַטעדראַל און דער צוועלף־יאָריקער הענדעל ווערט אַ קאַנ־דידאַט. ער נעמט אָבער די שטעלע ניט אָן, ווייל מ'פאַרלאַנגט פון דעם נייעם אָרגאַניסט, ער זאָל חתונה האָבן מיט דעם אַלטן אָרגאַ־ניסטס טאָכטער. און דער צוועלף־יאָריקער „חתן" זאָגט זיך אָפּ פון דער פּריווילעגיע און ווערט דערפאַר נישט אָנגעשטעלט אַלס אָר־גאַניסט. (דער פאַקט איז, אַז הענדעל האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט.)

דער יונגער הענדעל האָט ווי עס איז געפונען באַשעפטיקונג צו פאַרדינען גענוג דאָס לעבן צו דערהאַלטן, כדי צו קענען גרינטלעכער לערנען און שטודירן מוזיק. דאָס האָט אַרויסגערופן קנאה, אייפער־זוכט ביי די אַנדערע, עלטערע מוזיקער, און איינער פון זיי האָט

אפילו אַרויסגערופן הענדלען אויף אַ דועל. צום גליק האָבן פריינט זיך אַריינגעמישט און פאַרמידן דעם קאַמף. דער סוף איז געווען, אַז די צוויי דועליסטן זיינען געוואָרן די אינטימסטע פריינט.

אין די דריי יאָר, וואָס דער יונגער הענדעל האָט פאַרבראַכט אין האַמבורג, זיינען פון זיין געניאַלער פעדער אַרויס דריי אָפּערעס, וועלכע זיינען אויפגעפירט געוואָרן מיט דעם גרעסטן דערפאָלג. דאָס זיינען די אָפּערעס: „אַלמיירא, קעניגין פון קאַסטיליע", „נעראָ" און „דאַפנע".

נאָכדעם פאָרט הענדעל ענדלעך נאָך זיין געגאַרט לאַנד איטאַליע, אויפן וועג שטעלט ער זיך אָפּ אין ווין, פלאָרענס, נעאַפּעל, רוים און אומעטום פירט מען אויף זיינע ווערק מיט אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. גלייכצייטיק שאַפט ער נייע און באמת קינסטלערישע מוזיק-ווערק.

פאָלגנדיקער עפּיזאָד כאַראַקטעריזירט די ליבע און אנערקענונג, וואָס הענדעל האָט צו זיך אַרויסגערופן אומעטום, וואו ער איז נאָר געקומען: קומענדיק קיין ווין, האָט ער פונקט געטראָפן צום פאָלקס-קאַרניוואַל און מ'האָט אים גענומען צו אַ מאַסקן-באַל. ניט אויס-טוענדיק זיין מאַסקע, האָט ער זיך געזעצט שפילן דעם „האַרפּסיקאָרד", דער באַליבטסטער אינסטרומענט אין יענער צייט. דאָרט האָט זיך דאמאָלסט געפונען דער באַרימטער האַרפּסיקאָרד-שפּילער סקאַרלאַט. הערנדיק דעם מאַסקירטן מענטשן שפילן, האָט ער אויסגערופן אין עקסטאַז: „דאָס שפּילט דער טייוול אָדער דער גייסט פון דעם סאַקסאָן (מיינענדיק הענדלען). און ער האָט געטראָפן. הענדעלס געניאַליטעט האָט געשפּרייט פאַר אים רום און ליבע איבער גאַנץ אייראָפּע.

אין 1709, צו פיר-און-צוואַנציק יאָר, ווערט הענדעל ענדלעך אָנ-געשטעלט אין האַנאָווער, ביים עלעקטאַר געאָרג, וועלכער איז שפּע-טער געוואָרן קעניג דזשאָרדזש דער ערשטער פון ענגלאַנד, אַלס קאַפּעלמייסטער.

אין איין יאָר שפּעטער ווערט הענדעל איינגעלאַדן קיין לאָנדאָן צו שרייבן פאַרן באַרימטן היימאַרקעט טעאַטער אַן אָפּערע, און אין צוויי וואָכן צייט שאַפט ער די ביז היינט באַרימטע אָפּערע „רינאַלדאָ", וועלכע איז דעמאָלט אויפגעפירט געוואָרן אין לאָנדאָן מיט אויסער-געוויינלעכן דערפאָלג, אַזוי אַז דער מוזיק-פאַרלעגער וועלש האָט אָפּ-

געדרוקט די אריעס פון דער אפערע און פון דעם אליין פארדינט פופצן הונדערט פונט. הענדעל, וועלכער איז שטענדיק געווען ערנסט, האט באמערקט צו וועלשן: „מיין הער, ס'וואלט אפשר געווען א פלאן, אז איר זאלט אנשרייבן די נעקסטע אפערע און איך זאל זי אפדרוקן?"

— „וועט איר אליך־איינס ניט מאכן קיין געלט" — האט אים וועלש געענטפערט.

אזוי האט הענדעל געשאפן ווערק נאך ווערק, ווערק נאך ווערק און יעדעס ווערק איז אויפגעפירט געווארן מיט ריזיקן דערפאלג, וואס זעלטן א קאמפאזיטאר האט די זכיה געהאט ביי זיין לעבן.

אין יאר 1713 האט די ענגלישע קעניגין באשטימט פאר הענדלען א יערלעכע פענסיע פון צוויי הונדערט פונט אויפן גאנצן לעבן.

דער עלטסטער פון האנאווער איז געווען זייער ברוגז אויף הענדלען, וועלכער האט אים פארלאזן און זיך אנטזאגט צוריק צו קומען פון לאנדאן ווען דער עלעקטאר האט אים אהיים גערופן. אין עטלעכע יאר שפעטער איז דער עלעקטאר פון האנאווער געווארן קעניג פון ענגלאנד און נאך זיין קרוינונג האט מען געפלאנט א פא־ראדנעם ארויספאר אויפן וואסער. הענדעל האט צו דער געלעגנהייט אנגעשריבן 25 קורצע קאנצערט־נומערן, אונטערן נאמען „וואסער־מוזיק", און מיט אן ארקעסטער נאכגעפארן די קעניגלעכע יאכט, שפילנדיק די „וואסער־מוזיק". דער קעניג איז געווארן אויסער זיך פון באגייסטערונג, ניט וויסנדיק אז דאס האט געשאפן און געשפילט זיין געוועזענער קאפעלמייסטער, אויף וועלכן ער איז אין כעס, ווייל ער האט אים פארלאזן. נאר הערנדיק דעם ארקעסטער שפילנדיק די צוויבערלעכע מוזיק, באמערקט דער קעניג צו זיין סוויטע: „עס קלינגט ווי הענדעלס." נאר ווען מ'זאגט אים, אז דאס איז טאקע הענדעלס מוזיק, ספעציעל געשאפן צו דער געלעגנהייט, בעט דער קעניג שפעטער הענדלען צו זיך אין פאלאץ, וואו זיי בעטן זיך איבער. דער קעניג באשטימט פאר הענדלען א לעבנסלאנגלעכן גע־האלט און שטעלט אים אן אלס קעניגלעכן מוזיקער און מוזיק־לערער פון זייגע קינדער. גלייכצייטיק נעמט דער פארלאמענט פון ענגלאנד אן א באשלוס, אז דזשארדזש פרעדעריק הענדעל ווערט אן ערן־בירגער פון ענגלישן רייך. אזא כבוד האט קיין מוזיקער נישט דער־גרייכט ביי זיין לעבן.

ווי אזוי שאַפן מוזיקער? ווי אזוי האָט הענדעל געשאַפן? פון וואַנען האָט ער געשעפּט באַגייסטערונג? — פון יעדער געשעעניש שאַפט מען. פון יעדער פּאַסירונג, וואָס ווירקט אויפן קינסטלער, ווערט אַ קאָמפּאָזיציע. איין כאַראַקטעריסטישער פּאַל ווי אזוי הענדעל האָט געשאַפן:

איינמאָל אויף אַ שפּאַציר אין אַ דאָרף האָט הענדלען געכאַפּט אַ שלאַקס-רעגן. ער איז דורכגעווייקט געוואָרן און ענדלעך זיך אַריינגעכאַפּט צו אַ שמיד אין קוזניע. ער האָט זיך געזעצט לעבן פייער אויסטריקענען. דער שמיד, ער קלאַפּט מיט דעם האַמער און זינגט דערביי אַ ליד. הענדעל הערט זיך אויפמערקזאַם צו צום געזאַנג פונם שמיד און קלאַפּן פונם האַמער. ער באַמערקט, אַז דער שמיד זינגט אין זעלבן טאַן און אין זעלבן ריטם ווי דער האַמער קלאַפּט. דער מאָטיוו איז אַן אַלט-ענגלישער פאָלקס-טאַן. ווען הענדעל איז געקומען אהיים, האָט ער די זעלבע נאַכט אָנגעשריבן זיין באַרימט ווערק „דער האַרמאָנישער שמיד", וואָס איז ביז היינט צו טאָג אַזוי וועלט-באַרימט און באַליבט.

די אמת גרויסע אומפאַרגלייכבאַרע ווערק האָט הענדעל אָבער ערשט געשאַפן אויף די עלטערע יאָרן, צווישן זיין זעכציק- און זיבעציק-יאָריקן עלטער. אינם לויף פון די צען יאָר האָט הענדעל געשאַפן די ווערטפולסטע אין דער גאַנצער מוזיק-ליטעראַטור אָראַטאָריעס: שאול און ישראל אין עגיפּטען — 1739; משיח — 1742; שמשון — 1743; יוסף — 1744; בלשצר — 1745; יהודה המכבי — 1747; יהשוע — 1748; שלמה און שושנה — 1749, און אַזוי כסדר ביזן סוף פון זיינע טעג האָט דער מייסטער אומדערמידלעך געשאַפן ווערק נאָך ווערק. און באַמערקט: כמעט אַלע אָראַטאָריעס אויף ביבלישע טעמעס. דער ניט-ייד הענדעל האָט פאַראייביקט און פאַרהערלעכט די יידישע געשיכטע דורך דער מוזיק מער ווי אַלע יידישע מוזיקער צוזאַמען. און איבער די אַלע מייסטערווערק שטייט ווי אַ מעכטיקער, שטאָלצער מאָנומענט די אָראַטאָריע „יהודה המכבי", אַ דורכאויס יידישער העלד, וועלכער האָט געקעמפט קעגן ניט-יידישע געצנדינער . . . „יהודה המכבי" און „משיח" זיינען, פון אַלע הענדעלס אָראַטאָריעס, די צוויי קרוינען, די צוויי לייכט-טורעמס, וועלכע שיינען און באַשיינען אַלע אַנדערע ווערק אפילו פון הענדעלס אָראַטאָריעס.

איינמאָל, קומענדיק פון אַ „משיח"־אויפפירונג, האָט זיך דער גרויסער מייסטער הענדעל געלייגט אין בעט, איז קראַנק געוואָרן, און דעם 14־טן אַפּריל 1759 איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס גרויסע ליכט, איז קערפּערלעך אָפּגעשטאָרבן איינער פון די מוזיק־גאונים, געאָרג פרעדעריק הענדעל, אין עלטער פון 74 יאָר. און היינט קען מען נאָך זען אין וועסטמינסטער אַ סטאַטוע פון הענדעל, ווי ער שטייט איבער אַ טיש פול מיט מוזיק־אינסטרומענטן, מיט אַ פּען אין האַנט און פאַר אים ליגט „משיח".

דורך דערנערדיקע וועגן, פול מאַטער און צרות אין דער יוגנט, איז הענדעל פון די געציילטע מוזיק־קאָמפּאָזיטאָרס, וועלכער האָט דאָך אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין עושר און כבוד.

## פּרענצים יאָזעף היידען

(געבוירן: 21טן מערץ, 1732. געשטאָרבן: 31טן מאַי, 1809)

אין אַן עסטרייכישן דאָרף האָט געוואוינט אַ פּויער, אַ שווערער פעלד־אַרבעטער, וועלכער האָט געקענט אַביסל שפּילן אויף אַ האַרף פון געהער און פלעגט זייער ליב האָבן זיך אָוועקזעצן, מיט זיין פרוי, זינגען פויערשע פאָלקס־לידער און זיך באַגלייטן אויף דער האַרף. דעם 21טן מערץ, 1732, איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אַ קינד, אַ ייִנגל, וועמען זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן: פּרענצים יאָזעף היידען. האָט דאָס קינד זיך געהאָדעוועט אין דאָרף צווישן קי, שאָף, פייגל, בלומען. און דערצו פלעגט דער פאָטער יעדן אָוונט פאַרוויגן דאָס קינד מיט שיינע פאָלקס־לידער, באַגלייט אויף זיין האַרף.

דאָס קינד איז אונטערגעוואַקסן, האָט מען אים אָפּגעגעבן אין דער דאָרפישער פאָלקס־שול, וואו ער האָט זיך געלערנט.

איינמאָל, אין רו־צייט, ווען די קינדער זיינען אַרויס פון שול זיך שפּילן, האָבן די קלענסטע ייִנגלעך זיך צוזאַמענגעקליבן און גערעדט צווישן זיך, וועלכן טאָג זיי האָבן אַמבעסטן ליב. די מערסטע האָבן געזאָגט, אַז שבת, ווייל דאַמאָלסט דאַרף מען ניט גיין אין שול, ניט לערנען, אפילו ניט גיין אין קירך. דער קליינער יאָזעף האָט געזאָגט: „און איך האָב ליב זונטיק בעסער! ווייל מיין פאָטער און מוטער

זיצן אין הויז, זינגען אַזעלכע שיינע לידער, און איך האָב עס אַזוי ליב צו הערן.״

דאָ איז דער געשפּרעך אונטערגעבראָכן געוואָרן מיט אַ פּאָר־שלאָג: צו גיין שפּילן אין פערד. און חברה האָבן גענומען לויפן, נאָר יאָזעף איז געבליבן עפּעס ווי צוגעשמידט צום אָרט. „העי, יאָזעף! וואָס שטייסטו דאָרט? קום!״ — האָבן זיך דערהערט גע־שרייען. אָבער יאָזעף האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. ער האָט דער־הערט טענער פון אַ פידל, דאָס האָט דער שול־דירעקטאָר, ווי זיין געוואוינהייט פלעגט זיין, געשפּילט אויף זיין פידל. און יאָזעף האָט געלאָזן די חברים, איז נאָכגעגאַנגען מיט פאַרשפּיצטע אויערן די פידל־קלאַנגען, וועלכע האָבן אים געפירט צום דירעקטאָרס טיר. דאָס קינד איז ניט געווען דרייסט אַריינצוגיין, האָט ער זיך אוועק־געלייגט הינטער דער טיר און מיט יעדן נערוו זיך איינגעהערט, ניט צו פאַרלירן קיין איין טאָן. ווי אַ פאַר׳כישוף׳טער איז ער אַזוי געלעגן און געשלונגען די זיסע טענער, די שיינע מעלאָדיעס, וועלכע האָבן זיך איינגעקריצט אין זיין יונגען מוח׳ל.

נאָך דער פּאַסירונג האָט דאָס קינד גענומען צוויי שטיקלעך האָלץ, פאַרקליבן זיך אויפן בוידעם, געשניצט און געשניצט, ביז ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט אויסגעשניצט אַ פידל מיט אַ בויגן. קומענדיקן זונטיק, ווען פאָטער און מוטער זיינען ווי געוויינלעך גע־זעסן אין געזונגען, האָט זיך יאָזעף געשטעלט קעגן זיי מיט זיין „פידל״, איין שטיקל האָלץ אונטער דער מאָרדעטשקע און דאָס צווייטע אין האַנט, און גענומען פירן אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, אַזוי ריטמיש, אַז מ׳האָט ממש געזען ווי ער שפּילט אויס אַ מעלאָדיע . . . און יאָזעף האָט דאַן זיכער געהערט יעדן טאָן, וואָס ער האָט אין זינען געהאַט אַרויסצוברענגען אויף זיין „פידל״. פאָטער און מוטער האָבן געקוואָלן און געטראַכט: זאָל דאָס קינד כאָטש מיינען, אַז ער האָט אַ פידל. דאָס קינד האָט זיכער געפילט דעם אמת׳ן טעם פון זיין „שפּילן״, געהערט אמת׳ע טענער . . . און טאַקע דעמאָלסט האָבן זיך פאָרמירט די ערשטע קאָמפּאָזייצעס אין דעם יונגען קינסטלערס קעפּל. און ער האָט זיי וואונדערבאַר אויסגעשפּילט אויף זיין „פידל״. די עלטערן האָבן געפילט און געוואוסט, ווי שטאַרק דאָס קינד האָט ליב מוזיק. זיי האָבן געוואָלט אים לאָזן לערנען, אָבער זיי זיינען געווען צו אָרים אפילו צו טראַכטן פון אַזאַ לוקסוס . . .

ווען יאָזעף איז שוין געווען אַ בחור פון זעקס יאָר, איז איינמאָל געקומען צו זיי אַ קרוב, וועלכער איז געווען אַ כאָר־דיריגענט ביי זיך אין שטעטל, און געהערט יאָזעפן זינגען. „ער זינגט דאָך אַזוי שיין און מיט אַזאַ געפיל" — האָט דער קרוב, פראַנקאַ, באַמערקט צו די עלטערן. אויב איר ווילט, וועל איך אים מיטנעמען מיט זיך, וועט ער זינגען ביי מיר אין כאָר און איך וועל אים דערפאַר לערנען מוזיק.

דער פאָטער האָט גלייך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, נאָר די מוטער האָט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און מיט פאַרלאָפענע אויגן זיך געגומען בעטן: „ניין, ניין! ניט איצט! נאָך צייט! ווי אַזוי קען איך לאָזן אַזאַ פיצל קינד אַליין אין דער פרעמד? ווער וועט אויף אים אויפפאַסן?"

דער פאָטער אָבער האָט דערזען די מעגלעכקייט, אַז זיין געראָטן קינד זאָל אָנהייבן לערנען מוזיק און האָט איינגע׳טענה׳ט מיט דער מוטער אַזוי לאַנג, ביז זי האָט ענדלעך איינגעשטימט צו שיקן דאָס קינד מיטן קרוב פראַנקאַ.

אויף מאָרגן האָט מען יאָזעפן אויסגעריכט אין וועג אַריין, אים דערלאַנגט אַ פעקעלע מיט אַ ביסל אונטערוועש, אים איינגעניייט אַ ביסל קליינגעלט אין די מלבושים, זיך געזעגנט מיט אים און — דער זעקס־יאָריקער יאָזעף ווערט אויס קינד. אַ מענטש פאַר זיך און אַוועק פון דער היים, אַוועק מיט אַ גרינג האַרץ, ווייל ער וועט זיך קענען לערנען מוזיק.

אָנגעקומען צום קרוב פראַנקאַ, האָט זיך דער זעקס־יאָריקער מענטש געפילט די ערשטע טעג גאַנץ גוט. נייע מענטשן, געזונגען אין כאָר, געקראָגן אמת׳ע מוזיק־לעקציעס. און זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז פראַנקאַ איז אין אמת׳ן געווען אַ גוטער לערער, געעפנט דעם קינד אַ ברייטע טיר צו דער כישוף׳דיקער מוזיק־וועלט. אָבער די מאַמע איז געווען גערעכט: הער פראַנקאַ האָט להלוטין ניט אויפגע־פּאַסט אויפן קינד און יאָזעף איז אַרומגעגאַנגען אָפּגעלאָזן, שמוציק, פאַרוואָרלאָזט. אָבער ער האָט געלערנט און געלערנט אַ סך. דער הער פראַנקאַ איז געווען זייער אַ שטרענגער לערער. פאַרן קלענסטן טעות פלעגט ער אים שלאָגן, שמייסן, ווי די מאָדע איז דאַמאָלסט געווען. באַטש דאָס קינד האָט געלערנט אויסערגעוויינלעך גוט. היידען האָט שפּעטער אין זיינע מעמואַרן געשריבן: „איך האָב ביי

מיין ערשטן מוזיק-לערער, פראַנקאָ, געקראָגן מער קלעפּ ווי עסן. אָבער ס'איז כדאי געווען. אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן וועל איך דאַנקבאַר זיין דעם הער פראַנקאָ, וועלכער האָט מיך געמאַכט אַזוי שווער אַרבעטן — אָבער לערנען."

אין דעם שטעטל הייננבורג, — וואו היידען האָט געזונגען ביי זיין קרוב, געקראָגן קלעפּ, אָבער געלערנט, — געפינט זיך נאָך היינט די פּויק, אויף וועלכער היידען האָט געשפּילט. און איבער דער פּויק איז אויפגעשריבן: „דאָס איז די פּויק, אויף וועלכער דער זיבן-יאָריקער היידען האָט געשפּילט ביי אַ פּראָצעסיע. אַ גרעסערער יינגל איז געגאַנגען פאָראויס, געטראָגן די שווערע פּויק אויף די פּלייצעס און יאָזעף איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן און געפּויקט."

אַזוי האָט יאָזעף פאַרבראַכט ביי זיין קרוב צוויי יאָר. געדולדיק אַריבערגעטראָגן אַלע קאַפּריזן און קלעפּ פון זיין לערער, פון וועלכן ער האָט אָבער אַ סך געלערנט. ביז איינמאָל איז געקומען אין הייננבורג דער דיריגענט פון קעניגלעכן הויף אין ווין, געהערט יאָזעפן זינגען און אים מיטגענומען אַלס סאָליסט פאַר זיין כאָר.

דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן זיין אמת'ע אַרבעט פון לערנען און שטודירן. ער האָט יעדע פרייע מינוט געלערנט וואו און פון וועמען ער האָט נאָר געקענט קריגן לעקציעס אין דער גרויס-שטאָט ווין. אַזוי האָט ער פלייסיק און טיכטיק געלערנט פּיאַנאָ, פידל, טעאָריע, האַרמאָניע, דערצו: לאַטיין, רעליגיע. אָבער די אַלע זאַכן האָבן אים נאָך ניט צופרידנגעשטעלט. מער פון אַלץ האָט ער געוואָלט לערנען מוזיק-קאָמפּאָזיציע. אָבער ניט האָבנדיק דעם לערער דערפאַר, האָט ער אַליין שטודירט פון אַנדערע מייסטערס ווערק זייער סטיל, פאָרם פון קאָמפּאָזיציע. געשריבן און איבערגעשריבן אָן אויפהער. פאַרשריבן יעדעס שטיקל ליידיק פּאַפּיר, וואָס איז אים געקומען אונטערן האַנט, מיט אייגענע קאָמפּאָזיציעס. דער דיריגענט, אנשטאָט מיטהעלפן דעם קינד, פלעגט אים אַנטמוטיקן. אַזוי למשל האָט דער דיריגענט איינמאָל געכאַפּט יאָזעפן ווי ער שרייבט איבער אַ קאָמפּאָזיציע פאַר כאָר אין צוועלף שטימען. האָט דער דיריגענט גענומען שרייען: „נוצלאָזע אַרבעט! ווייסט עס אַפילו ניט פאַרשטיין. אין צוועלף שטימען?! אַזאַ אומזין!" — געכאַפּט דאָס פּאַפּיר און צעריסן. דאָס קינד האָט דערפילט אַ ריס אין האַרצן. אָבער דאָס

האָט יאָזעפֿן ניט אָפּגעשראָקן. וואו ער האָט דערזען אַ קאָמפּאָזיציע, האָט ער דאָס ווידער איבערגעשריבן בגנבה, פֿאַרקליבן זיך אויפֿן בוידעם און פֿלייסיק שטודירט דעם פֿאָרם, דעם סטיל, די רעגלען.

קיינער האָט ניט געוואוסט ווי שווער דאָס קינד האָט געאַרבעט איבער זיך, ווייל ער האָט זיך קיינמאָל פֿאַר קיינעם ניט באַקלאָגט. אַזוי האָט דאָס קינד געאַרבעט איבער זיך אין אומאויפֿהערלעכן לערנען, טאָג און נאַכט, יאָר נאָך יאָר, ביז ער איז אַלט געוואָרן זעכצן יאָר און האָט פֿאַרלוירן זיין שטימע.

דער דיריגענט, ווי אַ טרוקענער געשעפֿטסמאַן, וועלכער האָט פֿון דעם יינגל מער ניט געקענט האָבן קיין דירעקטן נוצן אַלס זינגער, האָט ער דאָס יינגל אַוועקגעשיקט. געדינט אַכט יאָר געטריי און איצט — פּשוט אָן רחמנות אַרויסגעטריבן אין גאַס. דער אָרימער, היימלאָזער היידען האָט איצט דורכגעלעבט אַ שרעקלעך שטיקל צייט. דורך די טעג געהונגערט, דורך די נעכט זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן. איז ער פּשוט איינגעגאַנגען פֿון טאָג צו טאָג. ווי אַזוי ער האָט עס אויסגעהאַלטן, ווי אַזוי ער האָט דאָס איבערגעלעבט — איז פּשוט אַ נס. ווי לאַנג קען מען אָבער אַזוי אויסהאַלטן? אָן עסן, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ? דער הונגער האָט אים געטריבן אויף חתונות, אויף שמחות, וואו ער האָט געשפּילט מיט קלעזמער פֿאַר אַ מאָלצייט. אַ פֿידל האָט ער פֿאַרמאָגט, האָט ער גענומען אַרומגיין איבער די הויפֿן, געשפּילט הינטער די פֿענסטער און פֿלעגט צוזאַמענקלייבן אַ פּאָר פֿענים דורכן טאָג צו דערהאַלטן דאָס לעבן. אָבער פֿון לערנען האָט ער ניט אָפּגעווייכט, נאָר געלערנט.

מיט דער צייט האָט ער געפֿונען אַ חבר, אויך אַזאַ הונגעריקן, היימלאָזן סטודענט ווי ער, אוןביידע האָבן זיך געלאָזן אין די לבנה־נעכט שפּילן סערענאַדעס הינטער די פֿענסטער (דאַמאָלסט איז אַזאַ מאָדע געווען), די סערענאַדעס זיינען שוין געווען היידענס אייגענע קאָמפּאָזיציעס.

איינמאָל האָט אַ מאַן, זיצנדיק אין זיין וואַרעמען, ליכטיקן צימער, דערהערט הינטער זיין פֿענסטער שפּילן אַזעלכע פּרעכטיקע סערענאַדעס, פּשוט פֿאַר'כישוף'נדיק. דער מאַן איז אַרויס און האָט די צוויי חברה אַריינגערופֿן אין הויז, אויסגעפֿרעגט זיך וועמעס מוזיק דאָס איז. דערהערנדיק, אַז דאָס זיינען די שאַפֿונגען פֿון דעם זעכצן־יאָריקן

היידען, האָט דער מאַן, וועמעס נאָמען איז געווען בוכהאַלץ, באַשטעלט בײַ היידענען אַ קאָמפּאָזיציע כלומר׳שט און אים געגעבן אַ באַדייטנ־דיקע סומע געלט — דאָ ענדיקן זיך היידענס ליידנס־טעג.

היידען דינגט זיך אַ קליין בוידעם־שטיבל, שאַפֿט פֿלײַסיק קאָמפּאָ־זיציע נאָך קאָמפּאָזיציע, זײַן נאָמען הייבט אָן באַקאַנט ווערן, ער קריגט אַ שטעלע אַלס אָרקעסטער־דיריגענט, קריגט אַביסל לעקציעס, און דאָ פּאַסירט אַ מערקווירדיקער פֿאַל אין היידענס יונגען לעבן: עס דערוואַכט אין אים די ערשטע ליבע און ער פֿאַרליבט זיך היים אין איינע פֿון זײַנע שילערינס, אַ וואונדער־שיינע מיידל. ער ליבט זי מיטן גאַנצן פֿײַער פֿון זײַן יוגנט. צו זײַן אומגליק, אָבער, באַשליסט דאָס מיידל אַוועקגיין פֿאַרברענגען איר לעבן אין אַ קלויסטער, אין אַ מאָנאַסטיר. האָט דאָס מיידל געהאַט אַן עלטערע שוועסטער עפּעס אַ מרשעת. דער פֿאָטער האָט דעם יונגען היידען זייער געוואַלט האָבן פֿאַר אַן איידעם, האָט דער פֿאָטער, פּונקט ווי לבן אין דער יידישער לעגענדע, אײַנגעג׳טענה׳ט מיט דעם יונגען, נאַאיוון היידען, ער זאָל נעמען די עלטערע שוועסטער. אים אײַנגערעדט אַזוי לאַנג, ביז אין אַ מאָמענט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, שטימט היידען ענדלעך אײַן חתונה צו האָבן מיט דער עלטערער שוועסטער. דאָס איז געווען אַן איבעראײַלטער שריט, וועלכן ער האָט שפּעטער שרעקלעך באַ־דויערט, אָבער ס׳איז געווען צו־שפּעט. די פֿרוי האָט אים ניט פֿאַר־שטאַנען. פֿאַר איר איז געווען אַלץ־איינס, אַ פֿויער, צי אַ קאָמפּאָ־זיטאָר, אַבי אַ מאַן, וואָס גיט פּרנסה. נאָך יאָרן פֿון אַ געמאַטערטן צוזאַמענלעבן מיט זײַן פֿרוי, שיידט ער זיך ענדלעך פֿון איר און האָט מער קיינמאָל ניט חתונה.

אין 1761, ווערט היידען רעקאָמענדירט און אָנגעשטעלט בײַ דעם גרויסן מוזיק־פֿאַרערער און נאָבלמאַן, פּרינץ עסטערהאַזע, אַלס קאָמ־פּאָזיטאָר און דירעקטאָר פֿון זײַן גרויסן אָרקעסטער. דרײַסיק יאָר האָט היידען אָנגעהאַלטן די שטעלע, ניט מחמת דעם גוטן געהאַלט און גרויסן כבוד, וואָס דאָס איז אויך אַן ענין, נאָר די אויפֿ־ריכטיקע, טיפֿע פֿרײַנטשאַפֿט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט דורך די יאָרן צווישן היידענען און דעם פּרינץ. אגב, אַ דאַנק דעם פּרינץ האָט היידען געקענט רואיק שאַפֿן, שאַפֿן און שאַפֿן. דער פּראַכט־פֿולער אָרקעסטער, וועלכן דער פּרינץ האָט אַזוי זאָרגפֿעלטיק אויס־

געהאַלטן, האָט היידענען געגעבן אַ מעגלעכקייט גלייך אויסצופּרואוון די ניי־געשאַפענע ווערק און אַזוי אַרום מאַכן פאַרשידענע עקספּערי־מענטן. היידען האָט טאַקע דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה אין שאַפן ווערק פאַר אָרקעסטער, אַזאַ פּערפעקטקייט, אַזאַ אָריגינאַליטעט, אַז ביז היינטיקן טאָג ווערט ער גערופן: „דער פאָטער פון אינסטרו־מענטאַלער מוזיק".

און כאָטש היידען האָט זיך פאַר די דרייסיק יאָר ניט אַרויס־גערירט פון דעם פּרינצס פּאַלאַץ, זיינען זיינע מוזיק־ווערק פאַרלאַנגט און געשפּילט געוואָרן פון די גרעסטע אָרקעסטערס אין אייראָפּע מיטן גרעסטן דערפאָלג.

ווייט פון שטאָט, ווייט פון טומל, אפילו ווייט פון מענטשן איז געשטאַנען דעם פּרינצס פּאַלאַץ, איינגעטונקען אין אַ וואַלד פון בלו־מען — האָט דער געניאַלער קאָמפּאָזיטאָר היידען געקענט זיצן רואיק, פון קיינעם ניט געשטערט, און עקספּערימענטירן און שאַפן ווערק נאָך ווערק. שרייבט היידען אין זיינע מעמואַרן: „איך בין טאַקע געווען אָפּגעשניטן פון דער וועלט, אָפּגעטיילט פון מענטשן, בין איך דערפאַר אפשר אָריגינאַל."

היידען האָט באַזעסן די גרויסע זעלטענע מעלה, וואָס ער איז ניט געווען אייפערזיכטיק, האָט פאַרגונען אַנדערע מוזיקער און אנער־קענט זיי.

למשל: פאַר היידענען, האָט דעם פּרינצס אָרקעסטער דיריגירט אַ געוויסער ווערנער. ווען היידען האָט פאַרנומען די שטעלע, האָט יענער געזאָגט אין כעס: „היידען, איז אַ סקריבלער, אַ פּאַטשקון, אַ טאַלאַנטלאָזיקייט." כאָטש מ'האָט עם היידענען דערציילט, האָט ער פונדעסטוועגן גערעדט גוטס וועגן ווערנערן.

היידען האָט שטענדיק דערמוטיקט און געהאָלפן יונגע מוזיקער. געהאָלפן זיי קינסטלעריש און חבר'יש. היידען האָט אַמאָל געזאָגט צו מאָצאַרטס פאָטער: „אייער זון איז דער פיינסטער קאָמפּאָזיטאָר און דער גרעסטער מוזיק־גאון, וואָס לעבט היינט." ער איז באמת געווען ווי אַ געטרייער פאָטער צו זיינע מיטמענטשן, און דער פאָטער פון אינסטרומענטאַלער מוזיק.

## וואָלפגאַנג אַמאַדעאוס מאָצאַרט

**(געבוירן: 17טן יוני, 1756. געשטאָרבן: 5טן דעצעמבער, 1791)**

אין אַ קליין שטעטל, אין עסטרייך, האָט געוואוינט אַן אָרעמער קאַפּעלמייסטער לעאָפּאָלד מאָצאַרט, מיט אַ פרוי און צוויי קינדער: אַ מיידעלע, נענערל, פון אַכט יאָר, און אַ ייִנגעלע, וואָלפגאַנג — דריי יאָר אַלט. איז דאָס ייִנגעלע געווען שיין ווי אַ מלאך: גאָלדענע לאָקן, הימל-בלויע אויגן, אַ רונדיק פּנים מיט געטאָקטע גלידער.

אין אַ געוויסן טאָג, האָט דער פאָטער באַשלאָסן אָנהייבן לערנען זיין אַכט-יאָריק טעכטערל פּיאַנאָ שפּילן. ווען ער האָט זיך געזעצט ביי דער פּיאַנאָ געבן דער מיידל די ערשטע לעקציע, איז דער דריי-יאָריקער וואָלפגאַנג צוגעלאָפן און זיך גענומען בעטן: „פּאַפּאַ, לערן מיך אויך פּיאַנאָ, מיך אויך" — און די גרויסע ליכטיקע אייגעלעך האָבן געפינקלט פון פרייד: „מיך אויך פּיאַנאָ."

„ניין, מיין טייערער, ביסט נאָך צו-קליין," האָט געזאָגט דער פאָטער, „דו נעם בעסער דיין שפּילצייג און גיי זיך שפּילן. די פּיאַנאָ איז אַ צו-גרויסע צאַצקע פאַר אַזעלכע קליינע קינדער."

דער קלייניקער וואָלפגאַנג האָט זיך אַ באַליידיקטער, אַן אַנטוישטער אַוועקגעשאַרט פון דער פּיאַנאָ און מיט אַ פאַרקלעמט הערצל זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל. ער האָט אָבער ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער פּיאַנאָ, און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן נאָכגעפאָלגט יעדן טאָן, זיך איינגעהערט אויפמערקזאַם צו יעדן וואָרט פון דעם פאָטערס דערקלערונגען. ווען די לעקציע איז געווען געענדיקט, ווען פאָטער און טאָכטער האָבן פאַרלאָזן דעם צימער, האָט זיך וואָלפגאַנג שנעל צוגעכאַפּט צו דער פּיאַנאָ, אַרויפגעקראָכן אויפן שטול און גענומען שפּילן און איבערשפּילן די לעקציע, וואָס זיין שוועסטער נענערל האָט ערשט גענומען. אַזוי איז ער אָפּגעזעסן אַ לאַנגע צייט און געשפּילט און געשפּילט, ביז ער האָט די לעקציע געקענט ריכטיק, פּערפעקט, אָן אַ גרייז, אָן אַ פּגימה.

ווען פאָטער און מוטער זיינען אין עטלעכע שעה שפּעטער אַריין אין צימער און געטראָפן דעם קליינעם דריי-יאָריקן וואָלפגאַנג ביי דער פּיאַנאָ שפּילנדיק, האָבן זיי געמיינט, אַז דאָס קלאַפּט ער אַזוי

זיך, אָבער ווי איבעררײַשט איז דער פֿאָטער געוואָרן הערנדיק ווי ריכטיק דאָס קינד שפּילט די זעלביקע לעקציע וואָס זײַן שוועסטערל נענערל, האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געגומען.

וואָלפֿגאַנג איז געווען אַזוי פֿאַרטיפֿט אין זײַן שפּילן, אין זײַן פּראַקטיצירן, אַז ער האָט ניט געהערט עמיצן אַרײַנקומען, האָט ניט געוואוסט, אַז מ'שטייט הינטער אים. פֿאָטער און מוטער זײַנען גע־בליבן שטיין געפּלעפֿט און ניט געקענט באַגרײַפֿן דעם וואונדער. די זעלביקע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט נאָך יעדער לעקציע, וואָס נענערל האָט געקראָגן.

דער פֿאָטער, אַליין אַ גאַנץ פֿײַנער מוזיקער, האָט דערזען אין זײַן דרײַ־יאָריקן ייִנגל אַ מוזיקאַלישן גאון און האָט באַשלאָסן אויך אָנהייבן לערנען זײַן וואָלפֿגאַנגען פּיאַנאָ, געבן אים לעקציעס און מאַכן אים פֿאַר אַן אָפֿיציעלן שילער. האָט דאָס קינד געלערנט, גע־לערנט מיט התמדה, געלערנט און פֿאַרנומען, געלערנט און געקענט יעדע לעקציע ביז אַבסאָלוטער פּערפֿעקטקייט. אַזוי, אַז ווען ער איז אַלט געוואָרן פֿיר יאָר, האָט ער שוין געשפּילט וואַלצעס און מינועטן מיט אמת קינסטלערישן געפֿיל און כאַראַקטער. דער מוזיקאַלישער געהער איז בײַ אים געווען אויסערגעוויינלעך רײַף און אַנטוויקלט. העכסטנס אַ האַלבע שעה פֿלעגט דעם פֿיר־יאָריקן וואָלפֿגאַנג נעמען אויסצולערנען אויף אויסנווייניק אַ קאָמפּליצירטע קאָמפּאָזיציע פֿון באַכן. ניט בלויז די מעלאָדיע, נאָר די פֿולע האַרמאָניע, האָט ער געקענט אויסנווייניק אָן אַ גרײַז. אַז מ'זאָגט אַ גאון, איז דאָך ניט שייך.

ווען וואָלפֿגאַנג איז שוין געווען אַ בחור פֿון פֿינף יאָר, איז איינ־מאָל דער פֿאָטער מיט זײַנעם אַ פֿרײַנט, אויך אַ מוזיקער, אַרײַנגע־קומען אין הויז און געטראָפֿן דעם קליינעם חברה'מאַן, ווי ער זיצט אָנגעבויגן, פֿאַרטיפֿט איבער אַ בלאַט נאָטן־פּאַפּיר און שרײַבט, קנייטשט דעם שטערן — און שרײַבט, ווישט דעם שווייס — און שרײַבט. דאָס פּאַפּיר איז געווען באַדעקט מיט אַ סך טינט־פּלעקן, ווי אַ הימל מיט שטערן. דער פֿאָטער, אַ שמייכלענדיקער, האָט אים לײַכט אָנגערירט און געפֿרעגט, כּלומר'שט אין כּעס: „וואָס טוסטו, וואָלפֿגאַנג, מאַכסט דאָך קאַליע פּאַפּיר?"

„אַ ניין, טאַטע טײַערער! איך שרײַב אַ מינועט!" האָט דאָס קינד געענטפֿערט און די אייגעלעך האָבן זיך אָנגעצונדן, ווי צוויי ליכטיקע שטערן, און דאָס רונדיקע פּנים האָט געשײַנט, ווי די זון, פֿון

פרייד. דער פאָטער האָט אין שפּאַס גענומען דאָס פּאַפּיר, באַטראַכט מיט אַ מינע, ווי איינער רעדט: זאָל דאָס קינד מיינען, אַז עס איז אַ מינועט. אָבער ווען דער פאָטער מיט זיין פריינט האָבן גענטער און אויפמערקזאַמער באַטראַכט דאָס פּאַפּיר, האָבן זיי זייערע אויגן ניט געגלויבט. די נאָטן, די אַקאָרדן, די האַרמאָניע, אַלץ איז געווען ריכטיק, קאָרעקט. און זיי האָבן געמורמלט אין באַגייסטערונג: אַ מינועט? יאָ, אַ מינועט. און טרערן האָבן גענומען פליסן פון פאָטערס אויגן. טרערן פון פרייד. אַ מינועט! „אָבער עס וועט דאָך זיין צו־שווער צו שפּילן," האָט דער פאָטער געזאָגט אין אַ שפּאַס. „ניין, ניין!" האָט געענטפערט וואָלפגאַנג, — מען דאַרף בלויז אַ סך פּראַקטיצירן. זעסט, טאַטע ליבער, עס גייט אַזוי." — האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די מוזיק, צוגעלאָפן צו דער פּיאַנאָ און גענומען שפּילן מיט אַזוי פיל פרייד און באַגייסטערונג, מיט קינסטלערישן אויסדרוק און מיט כאַראַקטער.

דער פאָטער מיט זיין פריינט זיינען געבליבן ווי צוגעשמידט צו די ערטער און געמורמלט: וואונדערבאַר, קאָלאָסאַל, פּרעכטיק. „לעאָפּאָלד," האָט דער פריינט באַמערקט צום פאָטער, „דו פאַרמאָגסט אַן אוצר, אַ גאון, וואָס וועט אַמאָל די וועלט איבערראַשן, טאָרסט עס ניט פאַרנאַכלעסיקן. דאַרפסט נעמען דיין וואונדער־קינד, פאָרן מיט אים אויף דער וועלט, זאָל ער שפּילן פאַר קעניג און פאַר די קעניגין פון עסטרייך, דאָס וועט אים געבן קוראַזש, מוט צו שטייגן."

און טאַקע דאָס נעקסטע יאָר, ווען וואָלפגאַנג איז אַלט געווען זעקס יאָר, האָט דער פאָטער גענומען זיין וואונדער־קינד מיט זיין שוועסטער נענערל און זיך אַרויסגעלאָזן אויף אַ קאָנצערט־טור איבער אייראָפּע. אויפן וועג איז זיי אויסגעקומען זיך אָפּשטעלן אין דעם שטעטל איידאַ, וואו עס געפינט זיך אַ באַרימטער מאָנאַסטיר מיט אַ וואונדערלעכן אָרגל, און אַלע דריי זיינען אַוועק אָנקוקן דעם מאָנאַסטיר און באַוואונדערן דעם אָרגל. די גלחים זיינען פונקט געווען אין דער קירך־קיך עסן. וואָלפגאַנג איז גלייך צו צום אָרגל און גע־בעטן דעם פאָטער, ער זאָל אים ווייזן ווי צו באַנוצן די פּעדאַלן.

דער פאָטער האָט אים אַרויפגעזעצט אויפן הויכן שטול און אים געוויזן ווי צו באַנוצן די פּעדאַלן — אָט אַזוי, יאָ . . . גוט. דער פאָטער האָט זיך געשטעלט אין אַ זייט מיט זיין נענערל און געטראַכט:

וואָס וועט וואָלפגאַנג טאָן? אַזוי ווי זיצנדיק אויפן הויכן שטול האָט ער פשוט ניט געקענט דערגרייכן גוט די פּעדאַלן מיט זיינע קליינע פיסלעך, איז ער אַראָפּגעקראָכן, געשטעלט זיך, אָנשפּאַרנדיק אָן אַ מעשענעם שטאַנג, וואָס האָט אַרומגעצאַמט דעם אָרגל, און גענומען שפּילן, אימפּראָוויזירן מוזיק. אַזוי קירכלעך, אַזוי הערלעך, אַזוי געטלעך. די וואונדערלעכע מעלאָדיעס און אַקאָרדן האָבן אָנגעפילט דעם מאַנאַסטיר, ווי מלאכים וואָלטן געזונגען און געשפּילט שירה.

די מוזיק טראָגט זיך און פילט אָן דעם אָרום מיט צויבערלעכער שיינקייט. די גלחים אין קיך האָבן דערהערט די פּרעכטיקע מוזיק און ניט געקענט באַגרייפן: ווער שפּילט עס אַזוי וואונדערבאַר אויפן אָרגל? — האָבן זיי זיך געפרעגט. זיינען זיי אַריין אין שאַפּעל, געהערט שפּילן דעם אָרגל, אָבער קיינעם ניט געזען ביים אָרגל, ווייל דער קליינינקער וואָלפגאַנג איז געשטאַנען, ווי געזאָגט, און מ'האָט אים ניט געקענט אַרויסזען. די גלחים האָבן זיך אין שרעק אַרומגעקוקט און דערזען אין אַ זייט שטיין אַ מאַן מיט אַ מיידל און וויינען. האָבן זיי זיך נאָך מער דערשראָקן: שפּילן דאָס מלאכים? אפשר שדים? ניין, אַזוי שפּילן ניט קיין שדים, אַזוי שפּילן אפילו ניט קיין מלאכים — אַזוי האָט געשפּילט דער זעקס־יאָריקער וואָלפגאַנג אַמאַדעאוס מאָצאַרט.

נאָך אַ סך שוועריקייטן, מי און פּראָטעקציע, זיינען זיי ענדלעך אָנגעקומען שפּילן אין קעניגס פּאַלאַץ. צווישן די געסט איז אויך געווען די זעקס־יאָריקע פּרינצעסין מאַרי אַנטואַנעט, וועגן וועלכער עס זיינען שפּעטער געשריבן געוואָרן אַזוי פיל ביכער אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור. מאַרי האָט אויך געהאַט אַ קאָפּ גאָלדענע לאָקן און ליכטיקע אויגן, ווי וואָלפגאַנג. וואָלפגאַנג האָט אָנגעהויבן שפּילן. די געהויבענע געסט זיינען געווען אויסער זיך פון באַגייסטערונג: אַזאַ קינד, און אַזאַ קינסטלער — זיין שפּילן האָט אַלעמען געהאַלטן געשפּאַנט, פאַר'כישופ'ט פשוט.

נאָכן שפּילן איז וואָלפגאַנג צוגעגאַנגען צו דער קליינער פּרינצעסין מאַרי, וועלכע האָט די גאַנצע צייט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים, און געזאָגט איר דרייסט און פראָסט: „ווען איך וועל זיין אַ מאַן, וועל איך מיט דיר חתונה האָבן."

אַלע זיינען געווען אויסער זיך פון אַזאַ „פּרעכקייט", פּשוט מאַיעסטעט־באַליידיגונג. אָבער די קעניגין־מוטער האָט דעם עולם באַרואיקט: „ער איז דאָך נאָך אַ קינד, און אַזאַ וואונדער־קינד דערצו!" און מיט אַ ליבלעכן שמייכל האָט די קעניגין צוגערופן וואָלפגאַנג׳ן. דאָס קינד האָט באַמערקט איר מוטער־שמייכל, איז צוגעלאָפן, אַרומגענומען די קעניגין, אַרויפגעקראָכן אויף איר שויס און אָנגעפּרעסט אַ הייסן קוש אויף איר פּנים. די דינער און געסט זיינען געוואָרן אַזוי אויפגערעגט פון דער חוצפּה, אַז מ׳האָט אים געוואָלט נעמען און אַרויסוואַרפן פון פּאַלאַץ. אָבער די קעניגין האָט זיי אַלעמען איבערראַשט מיט דעם, וואָס זי האָט אים מוטערלעך צוריק געקושט און געגלעט זיינע לאָקן.

צו אַכט יאָר, האָט וואָלפגאַנג געשפּילט פאַרן ענגלישן קעניג דזשאָרדזש דעם דריטן, ווערק פון הענדעל, באַך, אַבעל און אַנדערע מייסטער. דערצו האָט ער אַקאָמפּאַנירט עטלעכע זינגער, אימפּראָ־וויזירטע, אויפן אָרט געשאַפענע אַקאָמפּאַנימענטן. דאָס קינד האָט פּשוט געוויזן וואונדער.

צו ניין יאָר, האָט ער ווידער געשפּילט פאַרן ענגלישן קעניג, אָבער דאָס מאָל בלויז אייגענע קאָמפּאָזיציעס. סאָנאַטן, קאָנצערטאָס, אַזעלכעס האָט נאָך די וועלט ניט געהאַט. אַזאַ וואונדער, אַזאַ מייסטער, אַזאַ גאון אין אַזאַ עלטער — האָט די וועלט נאָך ניט געזען ביז מאָצאַרטן און נאָך מאָצאַרטן.

אין 1769, ווען וואָלפגאַנג איז אַלט געווען דרייצן יאָר, זיינען פאָטער און זון אָנגעקומען אין איטאַליע, דאָס געגאַרטע לאַנד פון יעדן מוזיקער, דער מוזיקאַלישער צענטער פון דער וועלט דעמאָלט. דאָ הייבט אָן מאָצאַרטס גענ̇יאַליטעט זיך אַרויסצווייזן אין זיין פולער קראַפט. ער מאַכט גרויס פוראָר אין איטאַליע. דער פּאַפּסט גיט אים אַ גאָל־דענעם מעדאַל. ער ווערט באַטיטלט „סיניאָר קאַוואַליער". ווען ער טרעט אויף מיט זיינע ווערק, שרייט דער פאַרזאַמלטער עולם: „וויוואַ על מאַעסטראָ!"

און דאָך — בלייבט ער נאָך קינדיש. אַזוי שרייבט ער, למשל, צו זיין שוועסטער נענערל:

„איך בין געזונט. כ׳שיק דיר און מאַמע טויזנט קושן. איך וואָלט געוואונטשן איר זאָלט דאָ זיין אין רוים. דער טאַטע זאָגט איך בין

שלעכט. דאָס איז ניט קיין גיים. מיר האָבן איין בעט. אז דער טאַטע לייגט זיך, בלייבט שוין ניט קיין סך פּלאַץ פאַר מיר. איך צייכן און שאַף מוזיק."

אייער זעלביקער,

וואָלפגאַנג."

*

און כאָטש דער יונגער מאָצאַרט איז געווען אַזוי געניאַל, באַרימט און באַליבט, האָט ער געלעבט אין נויט און דחקות. נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט געשאַפן די אָפּערעס „דאָן זשואַן", „צויבערפליים" און אַ רייע סימפאָניעס, מעסען, קווארטעטן און סאָנאַטן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן באַגייסטערונג און באַוואונדערונג, האָט עס אים ניט אַריינגעבראַכט גענוג אויף ברויט אפילו.

נאָך דער חתונה שוין, האָט ער מיט זיין פרוי, קאָנסטאַנס, גע־הונגערט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. די נויט איז געווען אַזוי גרויס, אַז איינמאָל, ווען אַ פריינט איז געקומען צו זיי, האָט דער פריינט געטראָפן מאָצאַרטן מיט זיין פרוי טאַנצנדיק שנעל אַרום טיש, האָט יענער געמיינט, אַז זיי זיינען באַגליקט געוואָרן. אָבער אַז דאָס האָבן זיי געטאַנצט כדי זיך צו דערוואַרעמען פון דער ביטערער קעלט, וואָס האָט געהערשט אין הויז, ווייל עס איז קיין האָלץ און קוילן ניט געווען, מיט וואָס פייער צו מאַכן — דאָס האָט זיך דער פריינט ערשט שפּעטער דערוואוסט. די פענסטער פאַרקאָוועט פון פראָסט, די ווענט האָבן גענעצט פון ווילגאַטש.

דערצו זיינען צוגעקומען עטלעכע קינדער אין דער פאַמיליע, די פרוי איז קראַנק געוואָרן, ניט געווען מיט וואָס צו קויפן ברויט צו שטילן דעם הונגער, און מעדיצין צו היילן די פרוי. זיינען די קינדער געלעגן אין די בעטן, איינגעוויקלט אין שמאַטעס, בלויז פון קעלט און געבעטן ברויט. מאָצאַרט איז געזעסן און געשריבן, גע־שאַפן מוזיק־ווערק, געוואַרעמט די הענט מיטן וואַרעמען אָטעם פון מויל און געשאַפן וואונדערלעכע ווערק פאַר די קומענדיקע דורות.

איינמאָל, ווען די נויט איז שוין געווען אומדערטרעגלעך, איז אַריינגעקומען אַן אומבאַקאַנטער מאַן און באַשטעלט ביי מאָצאַרטן צו שרייבן אַ רעקוויעם, אַ טויטן־ליד. גוט באַצאָלט אין פאָראויס, געבעטן מאָצאַרטן ער זאָל ניט פרעגן פאַר וועמען דאָס איז — און דער פרעמדער איז אַוועק.

אזוי שנעל ווי דער מאַן איז אַרויס, האָט מאָצאַרט אַרויסגעוויזן צו זיין פרוי: „קאָנסטאַנס, טייערע, דאָס טויטן־ליד וועט זיין פאַר מיר, פאַר מיין לויה." די פרוי האָט געפּרואווט אים באַרואיקן: „וואָס רעדסטו, נאַרישער מענטש! גיט שיין. נאָך קיין זעקס־און־דרייסיק יאָר ניט אַלט, זאָלסטן שוין רעדן פון טויט? פאַרקערט, דאָס איז אַ סימן, אַז דו וועסט לאַנג לעבן און מיר וועלן נאָך זיין גליקלעך. די וועלט וועט דיך נאָך באַלוינען פאַר דיינע קינסטלערישע שאַפונגען."

אָבער מאָצאַרט האָט טרויעריק געמורמלט: „דער מאַן איז געווען אַ שליח פון גאָט און באַשטעלט דעם טרויער־מאַרש פאַר מיין לויה, אַנישט וואָלט ער דאָך געזאָגט ווער ער איז. יאָ, טייערע קאָנסטאַנס, איך וועל שרייבן דעם רעקוויעם, אָבער פאַר מיין לויה."

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אומבאַקאַנטער מאַן איז געווען אַ שטיקל מוזיקער, האָט געהאַט אַ שטאַרבנדיקע פרוי און באַשטעלט ביי מאָצאַרטן דעם רעקוויעם, כדי צו שפּילן עס ביי זיין פרוים לויה אונטער זיין אייגענעם נאָמען.

מאָצאַרט האָט גענומען שרייבן פיבערדיק גאַנצע נעכט דעם רעקוויעם און פון טאָג צו טאָג איז ער איינגעגאַנגען. דאָס גרויסע ליכט, דער אומפאַרגלייכבאַרער קינסטלער האָט אָנגעהויבן צאַנקען און פאַרלאָשן ווערן. און איינס אַזייגער פאַרטאָג, דעם 5טן דעצעמבער, 1791, איז אין עלטער פון 36 יאָר געשטאָרבן פון הונגער וואָלפגאַנג אַמאַדעאוס מאָצאַרט, וועמעס נבואה איז מקוים געוואָרן. ער האָט דעם רעקוויעם געשריבן צו זיין לויה. ער איז געשטאָרבן אַזוי אָרים, אַז די פרוי האָט ניט געהאַט קיין געלט צו אַראַנזשירן פאַר אים אַ לויה און מען האָט אים באַגראָבן דאָרט, וואו עס ליגן אַלע היימלאָזע, בעטלער.

מאָצאַרט איז געווען, אויב ניט דער גענישלסטער, זיכער איינער פון די געניאַלסטע קאָמפּאָזיטאָרס און מוזיקער. ער האָט אין זיין יונגען, פרי־פאַרשניטענעם לעבן באַוויזן אָנצושרייבן מער ווערק, ווי אַ סך גרויסע מוזיקער אין אַ סך מערער יאָרן צוזאַמען.

אַזוי, למשל, האָט מאָצאַרט געשאַפן: 43 סאָנאַטן; 138 פּיאַנאָ־וואַריאַציעס; 36 קאָנצערטאָס; 41 סימפאָניעס; 40 קאָמפּאָזיציעס פאַר שטרייך־אָרקעסטער; 20 אָפּערעס און אָפּערעטעס, און צענדליקער אַנדערע ווערק. צוזאַמען — 629 קאָמפּאָזיציעס, מייסטערווערק, וועלכע באַצירן די גרעסטע קאָנצערט־בינעס איבער דער גאָרער

װעלט און װעלן אײביק בלײַבן אַ שטאָלצער מאָנומענט פֿאַר אַ פֿרײַ־אָפּגעשניטן לעבן, און װעלן דינען װי אַ לײַכט־טורעם פֿאַר די מוזיקער פֿון די קומענדיקע דורות.

## לודװיג װאַן בעטהאָװען

**(געבוירן: 17טן דעצעמבער, 1770. געשטאָרבן: 26טן מערץ, 1827)**

אין דעם קלײנעם שטעטעלע באָן, עסטרײַך, אין אַן אַלט אָרים הײַזל, װאו קעלט, שנײ און רעגן פֿלעגן אַרײַנכאַפּן זיך, געיאָגט פֿון בײזע װינטן — האָט געװאױנט אַן אָרימער קלעזמער מיט זײַן פֿרוי און קינדער. געקאָרטשעט און בלױ פֿון קעלט, דורך די װינטערס, װײַל ס'איז ניט געװען מיט װאָס צו באַהײצן דאָס שטיבל; אױסגעצערט פֿון הונגער און דחקות — פֿלעגט דערפֿאַר דער קלעזמער שטענדיק אַרומגײן אַ בײזער, אַן אױפֿגערעגטער, בײז אױף דער גאַנצער װעלט, בײז אױף זײַן ביטער מזל. האָט ער אָבער אײן טרײסט געהאַט — מוזיק. מיט מוזיק פֿלעגט ער שפּײַזן זיך, און מיט מוזיק פֿלעגט ער שפּײַזן זײַנע קינדער.

דאָס ייִנגסטע קינד אין הױז איז געװען אַ ייִנגל, דרײַ יאָר אַלט, לודװיג האָט מען אים גערופֿן. דער פֿאָטער, יאָהאַן, האָט באַשלאָסן דעם דרײַ־יאָריקן לודװיגן אָנהײבן לערנען שפּילן פֿידל. כאָטש דאָס קינד האָט דוקא געװאָלט שפּילן פּיאַנאָ. פֿלעגט דער פֿאָטער אים שלאָגן, מײנענדיק, אַז דאָס זאָגט לודװיג בלױז אַ תּירוץ און אין אמת'ן װײַל ער נישט שפּילן, נישט לערנען הלילה קײן מוזיק. נאָר בײַ יעדער פֿידל־לעקציע פֿלעגט דאָס קינד אַלץ װײנען און זיך בעטן: „פּיאַנאָ, איך װיל שפּילן פּיאַנאָ." ביז די מאַמע האָט ענדלעך גע'פּועל'ט, אַז מ'זאָל דעם קינד צוליב טאָן און לערנען אים פּיאַנאָ. איז צום קינדס גליק קײן גלײַכן נישט געװען. מען פֿלעגט אים נישט קענען אָפּרײַסן גאַנצע טעג פֿון דער פּיאַנאָ.

נאָר דער פֿאָטער, אַ שטרענגער, אַ בײזער לערער, אָפֿטמאָל באַטרונקען פֿון צרות, פֿלעגט אױפֿװעקן דאָס קינד אינמיטן נאַכט פֿון בעסטן שלאָף און אים צװינגען זיך זעצן מאַכן לעקציעס. געקאָרטשעט פֿון קעלט, פֿלעגט דער אָרימער לודװיג זיצן בײַ דער פּיאַנאָ און פּראַקטיצירן דורך די נעכט.

זייער אָפּט פלעגט טרעפן, אַז דער פֿאָטער איז אַהיימגעקומען אַ פֿאַרביטערטער, אַן אַנטוישטער פֿון אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין זוכן צו פֿאַרדינען און נישט געפֿונען. פלעגט ער זיך קילן דערמיט, וואָס ער האָט, בשעת׳ן געבן די לעקציע, אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ אויפֿן קינדס לייב. פֿאַר דער קלענסטער נישט-פּינקטלעכקייט, פֿאַרן מינדסטן טעות, פלעגט ער דעם קינד שלאָגן איבערן קאָפּ און וואו ער האָט געטראָפֿן, פּשוט זיין ברוטאַל. ביז איינמאָל, אין אַ שפּעטער אָוונט-שעה, ווען דער פֿאָטער האָט שטאַרק געשלאָגן דאָס קינד, איז לודוויג, אַן אַנטשלאָסענער, אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב, אין דער געדיכטער פינס-טערניש פֿון שטעטל. געלאָפֿן, געלאָפֿן וואו די אויגן האָבן אים געטראָגן.

די גוטע, ליבע מאַמע איז אים נאָכגעלאָפֿן, גערופֿן אין דער נאַכט אַריין: „לודוויג טייערער! קום צו דער מאַמען!" אָבער קיין ענטפֿער. זי האָט געזוכט, גערופֿן — אָבער אָן דערפֿאָלג, פֿאַרפֿאַלן. אַ פֿאַרוויינטע האָט זיך די מוטער אומגעקערט אַהיים אַליין.

אין אַ פּאָר שעה שפּעטער, ווען פֿאָטער און מוטער זיינען געזעסן אין פֿאַרקלעמטן שווייגן, האָבן זיך פּלוצים דערטראָגן פֿון ערגעץ קלאַנגען, אַזעלכע צאַרטע, צאַרטע, נשמה׳דיקע טענער פֿון אַ פידל. „אָבער ווער קען דאָס שפּילן אין אַזאַ שפּעטער שעה", האָט דער פֿאָטער געמורמלט פֿאַר זיך. די מוטער ווידער, וועמעס פֿאָטער איז אַ פידלער געווען, האָט געמיינט, אַז דאָס שפּילט איר גאָט־זעליקער פֿאָטער שירה פֿאַר גאָט. די טענער זיינען איר געווען אַזוי באַקאַנט. דאָס איז דאָך טאַקע איר פֿאָטערס ניגון. אַ פּחד, אַן אימה איז איר באַפֿאַלן. און אינסטינקטיוו האָט זי זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט, גע-נומען אַ ליכט מיט שוועבעלעך, נאָכגעגאַנגען די טענער, וועלכע האָבן זי געפֿירט אויפֿן בוידעם, וואו אין אַ ווינקל איז געזעסן דער קליינער לודוויג און געשפּילט טאַקע אויף זיין זיידנס פידל, דער איינציקער אַנדענק, וואָס איז דער מוטער געבליבן בירושה. די טענער האָבן זיך געגאָסן פֿון דער פידל, צוזאַמען מיט זיי הייסע טרערן פֿון דעם קינדס אייגעלעך. אַ שטיל שלוכצן האָט פֿאַרקלעמט דער מוטערס האַרץ. ווי געליימט איז זי געשטאַנען און זיך ניט געקענט רירן פֿון אָרט. „דאָס איז דאָך דיזעלביקע מעלאָדיע, וואָס איך פלעג אים ביים וויגל זינגען," — איז דורכגעלאָפֿן אין דער מוטערס קאָפּ — „דאָס איז דאָך דעם זיידנס נשמה אויפֿגעשטאַנען תחית המתים און לעבט ווידער אין

זיין אייניקל.״ זי האָט געוואָלט אויסשרייען, אָבער דאָס האַרץ איז געווען פאַרשלאָסן; זי האָט געוואָלט צולויפן צום קינד, אָבער די פיס האָבן נישט געפאָלגט און געבליבן שטייף, געליימט. פּלוצים איז זי אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד, ווי אַ שווערער שטיין. דאָס קינד האָט אַ וואָרף געטאָן די פידל פון שרעק און מיט אַ יאָמערלעך געשריי גענומען לויפן, ווי פון בייזע גייסטער געיאָגט, געפאַלן איבער דער מוטערס קערפּער, האָבן זיךביידע איינגעקלאַמערט, געבליבן ליגן אין אַ טייך טרערן און געמורמלט: מאַמעניו . . . קינד מיינס . . .

פון יענעם אָוונט אָן האָט די מוטער באַשלאָסן, אַז מער זאָל דער פאָטער נישט זיין דער לערער פון איר לודוויגן, און אַ גוטער פריינט פון דער פאַמיליע, אַ געוויסער הער פייפער, — אַגב אַ גלענצנדער פּיאַניסט — איז געוואָרן דער לערער פונם קינד, וועלכעס האָט, אויס דאַנקבאַרקייט צום גוטהאַרציקן פרעמדן, געלערנט און געמאַכט די לעקציעס מיט אויסערגעוויינלעכן פליים.

איינמאָל האָט הער פייפער געפירט דאָס קינד צו דעם גענימאַלן מאָצאַרט, וועלכער האָט דאָס קינד פאַרהערט און געזאָגט צו זיין פריינט פייפער: „פּאַס־אויף אויף דעם יינגל, ער וועט אַמאָל מאַכן אַ רושם אויף דער וועלט, ער וועט זיין אומפאַרגלייכבאַר.״ מאָצאַרט האָט מער קיינמאָל נישט געזען בעטהאָווענען, ווייל מאָצאַרט איז אַזוי יונג אָפּגעשטאָרבן. אָבער זיין נבואה איז מקוים געוואָרן.

פון צייט צו צייט פלעגט די בעטהאָווען־משפחה גיין צו־גאַסט צו זייערן אַ קרוב, וועלכער האָט געוואוינט ווייט הינטערן שטעטל. און יעדעס מאָל פלעגט דער קליינער לודוויג בלייבן הינטערשטעליק, גיין אַליין, פאַרטראַכט, פאַר׳חלומ׳ט, זיך אָפּשטעלן ביי יעדן טייכל, ביי יעדן ריטשקעלע; זיך צוהערן מיט פאַרשפּיצטע אויערן צום רוישן פון די בלעטער, צום פּלו־פּלו פון די לויפנדיקע וואַסערלעך, צום סווישטשערן פון די פייגעלעך, — און איינזאַפּן, איינאָטעמען אין זיך די טענער, וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרן די קאַנווע, אויף וועלכע דער געניאַלער בעטהאָווען האָט זיינע סימפאָניעס געוועבט. אויפן שפּאַציר פלעגט די מוטער זיך יעדע ווײַלע מוזן אָפּשטעלן און רופן: „לודוויג, וואָס שטייסטו דאָרטן און טראַכסט?״

„איך הער די טייכעלעך זינגען, די גראָזן שפּילן און די בלעטלעך טאַנצן־צו,״ פלעגט דאָס קינד ענטפערן און בעטן: „וואַרט אַ ווײַלע, מאַמע, עס איז אַזוי שיין, אַזוי וואונדערבאַר זייער מוזיק!״

„ער איז פון זינען אראפ," האט דער פאטער געבורטשעט. „אט דא הערט ער גאר מוזיק!"

יא, דא האט ער געהערט מוזיק; דא האט ער זיך אנגעזויגן מיט אינספיראציע, מיט באגייסטערונג. דא האט ער געטרונקען דעם זאפט, וואס האט גענערט זיין יונגען מוח. די גראז, די ביימער, די טייכלעך, די פייגל, די גאנצע נאטור, דער אוניווערס — זיינען געווען די פארבן, מיט וועלכע דער גרויסער מייסטער האט שפעטער געמאלן זיינע פרעכטיקע מוזיק־בילדער; די בלומען, די אינזעקטן, די פייגל, די חיות, די מענטשן, דאס לעבן מיט אלע פריידן און ליידן — זיינען געווארן די ציגל, מיט וועלכע דער גרויסער ארכיטעקט, לודוויג וואן בעטהאווען, האט געבויט זיינע צויבערלעכע מוזיק־פאלאצן פאר די קומענדיקע דורות; די געשעענישן, קאנפליקטן, פראבלעמען און קאמפן זיינען געווען די סטרוקטורן, די סטילן, מיט וועלכע ער האט אויסגעצירט זיינע בנינים — די קאמפאזיציעס, וועלכע שטייען ווי מעכטיקע מאנומענטן פאר דער אייביקייט.

יא, דער יונגער בעטהאווען האט געלערנט ביי דעם גוטן הער פייפער און א סך דערגרייכט אלס פיאניסט. ער איז געווארן א ווירטואז. אבער דאס האט אים נישט באפרידיקט. ער האט געוואלט גרינטלעך דערלערנען די חכמה פון מוזיק־קאמפאזיציע. געשטרעבט און ענדלעך זיין ציל דערגרייכט — אנקומענדיק צום גרויסן היידען אלס שילער. ביי היידענען האט ער זיך אנגעזאפט מיט אלע נויטיקע ידיעות און קענטנישן פון מוזיק. ביז זיין אומרואיקער גייסט האט אים געטריבן קיין אלברעכבערג, וואו ער האט זיך ערשט פארפאל־קאמט אין פוגע און קאנטראפונקט.

דא האט זיך בעטהאווען באקענט מיט דער רייכער אריסטא־קראטיע, צווישן וועלכער עס האבן זיך געפונען פרינץ ליכנאווסקי מיט זיין פרוי. אלס אמת'ע ליבהאבער פון מוזיק, האבן זיי איינגעלאדן דעם יונגען ווירטואז בעטהאווען צו וואוינען ביי זיי אין פאלאץ. בעטהא־ווען, דער פריי־גייסט, דער פשוט'ער פאלקס־מענטש, האט נאך לאנגען ישוב הדעת, ענדלעך די איינלאדונג אנגענומען, מיטן באדינג, אז ער זאל נישט דארפן פראווען די אפיציעלע הויף־צערעמאניעס און נישט מוזן נאכקומען די עטיקעטעס. דא האט בעטהאווען אפגעלעבט צען יאר, נישט האבנדיק קיין זארג וועגן פרנסה, נאר געלערנט און גע־שאפן. יא, טאקע דא, אין ליכנאווסקים פאלאץ, זיינען ארוים פון

בעטהאָווענס פעדער די ערשטע טריאָס פאַר טשעלאָ, פידל און פיאַנאָ, וועלכע זיינען היינט וועלט-באַרימט און באַליבט.

אָבער ווידער האָט בעטהאָווען דער פריי-גייסט נישט געקענט זיין אָפּגעשלאָסן אין אַ פּאַלאַץ, אָפּגעזונדערט פון די פאָלקס-מאַסן. און אגב איז אים געווען דערווידער די אַנגעקראָכמאַלטע „אַריסטאָ-קראַטיע". אים האָט געצויגן אַרויס, אין דער גרויסער וועלט אַריין, און — ער האָט פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ. איי, פרנסה ? — נו, וועלכער אמת'ער קינסטלער טראַכט וועגן דעם, ווען ער וויל עפּעס דערגרייכן ? אָבער אַלס מייסטער-פּיאַניסט האָט ער אָנגעהויבן אויפטרעטן אויף קאָנצערטן. זיין נאָמען האָט שנעל גענומען באַקאַנט ווערן און אַרויס-רופן באַוואונדערונג. שפּילט און שאַפט, שאַפט און שטייגט. מיט דער צייט ווערט ער די טעמע אין דער מוזיקאַלישער וועלט. זיינע שאַפונגען רופן אַרויס באַגייסטערונג. ער איבעראַשט מיט זיינע אָריגינעלע אויפטואונגען אין דער אָרקעסטראַציע. מ'הייבט אָן באַ-מערקן אין זיינע ווערק זיין אייגן שטורמיש לעבן. ער ווערט דער מייסטער פון קלאַנג.

און אין סאַמע ברען פון זיין שאַפן און שטייגן, טרעפט אים דאָס טראַגישסטע אומגליק, וואָס אַ מוזיקער קען טרעפן : אין יאָר 1800, אין עלטער פון דרייסיק יאָר, ווערט ער טויב. מ'האָט גערופן די בעסטע פּראָפעסאָרן — אָבער אָן דערפאָלג. בעטהאָווען, אין די בליענדיקסטע יאָרן פון זיין לעבן, אין זיין פּרוכטבאַרסטער שאַפונגס-צייט — ווערט טויב. מען קען זיך קוים פאָרשטעלן ווי דאָס אומגליק האָט געווירקט אויף דעם מייסטער. אַ מוזיק-קאָמפּאָזיטאָר ווערט טויב און קען נישט הערן זיינע געשאַפענע ווערק ? ! ווי וועט ער קענען ווייטער שאַפן ? — איז ער טאַקע געוואָרן פאַרצווייפלט און געטראַכט פון באַגיין זעלבסטמאָרד. און כדי צו געבן אַ באַגריף ווי בעטהאָווען האָט געפילט נאָך דעם אומגליק, וועלן מיר דאָ געבן עטלעכע אויסצוגן פון בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו זיינע פריינט :

„איך מוז רעזיגנירן, זיך אָפּזאָגן פון אַלץ וואָס איך האָב געטאָן. ווי שרעקלעך דאָס זאָל ניט זיין פאַר מיר, איז דאָס דער איינציקער אויסוועג."

אָדער : „אויב איך וואָלט נישט געלערנט אין די ספרים, אַז מענטשן טאָרן נישט, מיט אייגענעם ווילן, זיך נעמען דאָס לעבן,

וואלט איך שוין לאנג באגאנגען זעלבסטמארד. דאס איז די איינציקע דערלייזונג פאר מיר איצט."

און ווייטער שרייבט ער: „ווי קען איך לעבן אפגעריסן פון געזעלשאפט? ווי קען איך לעבן, נישט צו הערן קיין מוזיק? איך פארשעלט מיינע טעג און יארן! צו וואס דארף איך נאך לעבן אויף דער וועלט?"

ווי שרעקלעך דאס איז! בעטהאווען אנטזאגט אלע שילער, זאגט זיך אפ אויפצוטרעטן אויף קאנצערטן, ציט זיך צוריק אלס די־ריגענט פון ארקעסטער, און עס איז באמת געווען שרעקלעך צו זען אים ביי זיין לעצטן אויפטריט אלס דיריגענט. ער האט געמאכט מיט די הענט, דיריגירט און ניט געוואוסט צי די מוזיקער שפילן ריכטיק. בעטהאווען, וועלכער איז געווען א גוואלדיקער מפונק און איבער־געשפילט צענדליקער מאל א פראזע, ביז ס'האט געמוזט זיין פער־פעקט, יעדער נואנס האט געמוזט זיין אקוראט אזוי און נישט אנדערש — אט דער שטרענגער בעל מדקדק קען איצט נישט הערן וואס און ווי אזוי מ'שפילט. ווי טראגיש! . . .

אבער צו אונדזער גליק האט בעטהאווען זיין באשלוס וועגן זעלבסטמארד נישט דורכגעפירט. פארקערט, ערשט איצט, צוריק־ציענדיק זיך פון אלע עפנטלעכע ארויסטריטן, האט ער זיך גענומען שאפן. און מערקווירדיק. נאך דעם אומגליק שאפט ער זיינע וויכ־טיקסטע און באדייטנדיקסטע ווערק, און דאס ערשטע גרויסע מייסטערווערק, וואס ער האט געשאפן נאך זיין טויב ווערן, איז געווען די וועלט-בארימטע דריטע סימפאניע, אדער בעסער באקאנט אלס „עראאיקא". מיט דעם ווערק טאקע פאסירט א פאל, וואס ווייזט ווידער אמאל בעטהאווענען אלס מענטש און קעמפער פאר א בעסערער וועלט. אינטערעסאנט:

נאפאלעאן האט דאמאלסט מלחמה געהאלטן מיט דער וועלט, באזיגט פעלקער און איינגענומען לענדער, ווי א באפרייער פון אלע אונטערדריקטע. נאפאלעאן האט געוואונען דעם צוטרוי פון א סך פרייהייט-ליבנדע מענטשן, און צווישן זיי בעטהאווען, וועלכער האט אויך געמיינט, אז נאפאלעאן מיינט טאקע צו באפרייען די מענטשן פון זייערע הערשער, פארשקלאפער. האט בעטהאווען געשאפן די סימפאניע, וועלכע האט אין אריגינאל געהייסן: „סימפאניע גראנדע

נאפאלעאן באנאפארט", געווידמעט דעם העלד און באפרייער, נא-
פאלעאן.

אבער ווען בעטהאווען האט דערהערט, אז דער זעלביקער נאפא-
לעאן האט זיך געקרוינט אלס אימפעראטאר, קעניג פון פראנקרייך,
איז ער אזוי אויפגערעגט געווארן, אז ער האט געוואלט פארניכטן
די סימפאניע. נאר ווידער, צו אונדזער גליק, האט ער בלויז ארוים-
געריסן די פראנט-זייט, צעפליקט אויף פיצלעך און געטראמפלט מיט
די פיס נאפאלעאנס נאמען. שפעטער האט ער געביטן דעם נאמען
אויף „עראאיקא" — העלדישקייט.

צום שטוינען פון אלעמען, האט בעטהאווען ערשט איצט געשאפן
ווערק נאך ווערק: סאנאטן, טריאס, קאנצערטאס, כארן, סימפאניעס,
סימפאניעס און סימפאניעס, איינע מייסטערהאפטער פון דער צווייי-
טער. נאר די לעצטע, די ניינטע סימפאניע, די קרוין פון אלע סימ-
פאניעס פון אלע צייטן — די כאראל סימפאניע, איז ניט בלויז געניאל
און קינסטלעריש, נאר אזוי צוגענגלעך, פארנעמבאר און עפעקטפול
פאר אלע סארטן צוהערער. נישטא דאס לאנד, די שטאט, וועלכע האט
א סימפאנישן ארקעסטער, — וועמעס אמביציע זאל נישט זיין
בעטהאווענס „ניינטע"; נישטא דער דיריגענט, וועמעס שטרעבן זאל
נישט זיין צו דיריגירן בעטהאווענס כאראל סימפאניע. נישטא קיין
מענטש, דאכט זיך, וועלכער זאל נישט האבן געהערט און פון צייט
צו צייט אונטערברומען בעטהאווענס „ניינטע סימפאניע".

אין 1814 האט בעטהאווען דערגרייכט, אפיציעל, דעם גרעסטן
דערפאלג, רום, טריומף און אנערקענונג. נאכדעם ווי ער האט גע-
שאפן א כאר און ארקעסטער „קאנטאטע" פאר א גרויסער מלוכה-
פייערונג. ער האט דא געקראגן די פרייהייט פון שטאט און אומבא-
שרייבלעכן כבוד. אבער ווידער אמאל האט זיין גליק נישט לאנג
געדויערט. זיין ברודער קארל איז געשטארבן און איבערגעלאזן א
יינגל, וועמעס מוטער איז געווען, ווי בעטהאווען האט איר באטיטלט,
א „נאכט-קעניגין", געפירט א נישט אנשטענדיק לעבן, און בעטהאווען
האט געהאלטן, אז אזא מאמע טאר נישט דערציען זיין ברודערס
קינד. האט ער זיך גע'משפט לאנגע פיר יאר, ביז ער האט געקראגן
דאס רעכט צו דערציען דאס קינד און נישט די מאמע. אבער ליידער
איז דאס יינגל געווען אינגאנצן געראטן אין דער מאמען: שלעכט,

פאַרדאַרבן און פאַרקירצט דעם מייסטערס לעבן. יאָ, פאַרקירצט זיין לעבן. אין יעדער אינסטיטוציע, וואו בעטהאָווען האָט דעם יינגל אריינגעגעבן, איז ער אָדער אַנטלאָפן, אָדער מ'האָט אים אַרויסגע־טריבן פאַר אומאַנשטענדיקער אויפפירונג, — אַ ירושה פון דער מאַמען. און אַזוי כסדר. וויפיל צער און יסורים האָט דער פּלימעניק פאַרשאַפט דעם מייסטער.

אין אַ געוויסן דעצעמבער־טאָג, אין יאָר 1826, איז בעטהאָווענען אויסגעקומען צו נעמען דאָס יינגל אַהיים פון אַן אַנשטאַלט. זיי זיינען געפאָרן אין אַן אָפענער בריטשקע. ווינטער איז עס געווען. אַ קאַל־טער, שניידנדיקער ווינט האָט געריסן. בעטהאָווען האָט זיך שטאַרק צוגעקילט, קוים זיך דערשלעפּט אַהיים, געלייגט זיך אין בעט, געקראַנקט לונגען־אַנצינדונג, דערשלעפּט ביז דעם 26טן מערץ, 1827, און גע־שטאָרבן. אַ ליכטיקע זון איז אויסגעלאָשן געוואָרן פאַר דער צייט. אירע שטראַלן זיינען אָבער געבליבן און לייכטן און וועלן אייביק לייכטן.

## פראַנץ שוּבערט

(געבוירן: 31טן יאַנואַר, 1797. געשטאָרבן: 19טן נאָוועמבער, 1828)

ווער עס איז ניט באַקאַנט שוּבערטס „אַנפינישד סימפאָני" — די ניט־פאַרענדיקטע סימפאָניע. די קאָמפּאָזיציע דערציילט אַ טראַגיש קאַפּיטל געשיכטע פון אַ ניט־פאַרענדיקט לעבן. און וואָס איז דער וואונדער? אויב אַנדערע מוזיקער האָבן געליטן און זיך געמאַטערט, האָט שוּבערט געליטן און זיך געמאַטערט מער ווי ווער עס איז; אויב גרויסע מוזיקער זיינען איגנאָרירט און ניט אָנערקענט געוואָרן ביי זייער לעבן — איז שוּבערט מער איגנאָרירט און ווייניקער אָנ־ערקענט געוואָרן ווי ווער עס איז. אַלס אַ פאַקט קען דינען דאָס, וואָס שוּבערט האָט ביי זיין לעבן ניט די זכיה געהאַט אפילו צו הערן זיינע אַ סימפאָניע אויפגעפירט, שוין אָפּגערעדט פון זען אָפּגעדרוקט עפּעס. כאָטש פּעליקס מענדעלסאָן האָט יאָ אויפגעפירט אין לייפּציג די ניט־פאַרענדיקטע סימפאָניע ווען שוּבערט האָט נאָך געלעבט, האָט ער אָבער ניט געהאַט די עטלעכע מאַרק אויף רייזע־הוצאות און איז מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ געבליבן אין דער היים.

שובערט איז אָן שום ספק דער פּאָפּולערסטער און באַליבטסטער קאָמפּאָזיטאָר היינט צו טאָג ביי אַלע זינגער פון אַלע פעלקער, איבער גאַרער וועלט. אויף זיינע לידער האָבן זיך מיליאָנען זינגער דערצויגן. זיינע לידער ווערן מער געזונגען אין די היימען און אויף די קאָנצערט־בינעס פון דער וועלט, ווי אפשר די לידער פון אַלע קאָמפּאָזיטאָרס צוזאַמען. שובערטס לידער זיינען איבערזעצט אין כמעט אַלע שפּראַכן פון אַלע פעלקער. הונדערטער פאַרלעגער האָבן פאַרדינט און פאַר־דינען טויזנטער און טויזנטער פון שובערטס לידער — און שובערט? ער איז געשטאָרבן פון הונגער. בלויז איין ליד זיינס, די באַרימטע „סערענאַדע", האָט געהאַט הונדערטער אויפלאַגעס און איז נאָך היינט אינם רעפּערטואַר פון יעדן בעסערן זינגער אומעטום. קליין און גרויס, זינגער און ניט־זינגער קענען און זינגען דאָס ליד „די סערענאַדע":

„שטילע שוועבן מיינע תפילות
דורך דער נאַכט צו דיר;
שיין איז איצט אין גאַרטן, שטיל איז
קום אַראָפּ צו מיר.
ביימער רוישן, קוים צו הערן
אין לבנה־שיין;
קיינער וועט אונדז דאָ ניט שטערן,
דאַרפסט אין שרעק ניט זיין."

א. אַ. וו. יידיש — מ. ל. האַלפּערן.

און דאָך ווי הילפלאָז, איינזאַם, פאַרלאָזן, איזאָלירט — קען מען זאָגן — שובערט איז געווען. קיינער האָט זיך ניט געגעבן די מי ביי זיין לעבן צו פאַרשרייבן זיין קינדהייט, זיין יוגנט, זיין דערציאונג, זיין שטוביק און אָרעמיק לעבן, ווייל קיינעם האָט ניט פאַראינטערע־סירט דער אָרימער שובערט. נאָר לאַנג, לאַנג נאָך זיין טויט שוין, ווען זיינע געבליבענע ווערק, אין מאַנוסקריפּטן, האָבן ענדלעך גע־עפנט די אויגן פון זיינע „חברים"־מוזיקער — האָט מען גענומען צו־נויפקלייבן מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן געבן אַ בילד פון דעם גרעסטן טאָן־פּאָעט, פראַנץ שובערט. און דאָס ביסל, וואָס איז צונויפגעקליבן געוואָרן, גיט אויך אַ מאָגערן באַגריף פון זיין קינדהייט, פון זיין יוגנט.

אַזוי למשל ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט ווי שובערטס פאָטער האָט געהייסן, ווער זיין מוטער איז געווען. ס'ווערט בלויז געזאָגט, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ שול־אויפזעער (קיין נאָמען) און אַז

פראַנץ איז פון דער ערשטער פרוי (ווידער אָן אַ נאָמען) ; אַז פראַנץ האָט זיך געהאָדעוועט צווישן אַ סך קינדער פון דער ערשטער און דער צווייטער פרוי און איז אין דער אָרימקייט ניט באַהאַנדלט גע־וואָרן בעסער ווי דאָס דורכשניטלעכע שטיף־קינד — שלעכט.

אויסער וואָס דעם קליינעם פראַנץ איז אויסגעקומען צו לעבן אין דחקות, נויט, הונגער, איז ער נאָך געשטראָפט געווען דערמיט, וואָס ער איז געווען זייער מיאוס. דערצו פלעגט דאָס קינד אַרומגיין אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, ניט ציכטיק, פאַרוואָרלאָזט. וואָס איז דער וואונדער? קיינער האָט אים ניט דערצויגן, קיין מאַמע האָט אים ניט געצערטלט, פון קיינעם האָט דאָס קינד ניט געהערט קיין ליב וואָרט, פון אַלעמען פשוט פאַרשטויסן. אפילו די שכנ'ישע קינדער האָבן זיך מיט אים ניט געוואָלט שפּילן. איז ער דערפאַר שטענדיק אַרומגע־גאַנגען אַ פאַרטראַכטער, אַ פאַר'חלומ'טער. און אַזוי ווי אין דעם קינד האָט גערוט די מוזיק־שכינה, האָבן זיך פון דעם שטענדיקן טראַכטן פאַרמירט אין דעם יונגען מוח אוצרות וואונדערלעכע מע־לאָדיעס, וואו זיי זיינען יאָ גענערט און געצערטלט געוואָרן. פלעגט שובערט, אַלס קינד, אַרומגיין אַליין, מיט זיך, און שפּינען און וועבן און אונטערברומען די שפּעטערדיקע מייסטער־לידער, מיט וועלכע מיר קוויקן זיך אַזוי איצט.

און מערקווירדיק: כאָטש קיינער האָט אים ניט געצערטלט, ניט דערמוטיקט צו לערנען, כאָטש קיין גרויסע מוזיק־לערער האָט דאָס קינד ניט געהאַט, אויסער די אָרימע מוזיק־בילדונג, וואָס ער האָט געקראָגן אין דער קליינער פאָלק־שול, וואָס ער האָט באַזוכט אינם שטעטל — האָט ער פונדעסטוועגן זיך דורכגעבראָכן זיין וועג. קיין צוים האָט ניט געקענט פאַרהאַלטן, איינצאַמען דעם געניאַלן טאַלאַנט. ניט זיין אָרימקייט, ניט זיין איזאָלירטקייט, ניט דאָס, וואָס ער איז געווען געשטראָפט מיט אַזאַ מיאוסן אויסזען, ניט אפילו דאָס, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו קריגן אַ העכערע מו־זיק־בילדונג — קיין זאַך האָט ניט געקענט פאַרטעמפּן דעם טאַלאַנט, פאַרשפּאַרן דעם קינסטלער.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען, לעבנדיק אַזאַ לעבן, האָט שובערט קיין פאָלקאָמענע מוזיק־בילדונג ניט פאַרמאָגט. פון וועמען? פון וואַנען? זיין מוזיק־לערער אין שול, הער האָלצער, וועלכער איז אַליין קיין גרויסער מוזיק־קענער, קיין גרינטלעכער טעאָרעטיקער ניט געווען,

האָט נאָך שובערטס טויט געשריבן: „איך האָב דעם קליינעם שובערט קיין זאַך ניט געקענט לערנען, פּשוט ווייל אַלץ וואָס איך האָב אים געוויזן האָט ער שוין געוווּסט פון פריער.״ ביי שובערטס לעבן האָט ער זיך געשעמט צו זאָגן דאָס.

אַזוי האָט דאָס אָרימע קינד זיך געפּלאָגט און אַליין זיך געלערנט ביז ער איז ענדלעך אָנגעקומען זינגען אין אַ גרויסן כאָר. זיין דירי־געגט, אַ געוויסער סאַליערי, האָט דוקא באַמערקט דעם גרויסן טאַ־לאַנט, דעם נייעם אויפגייענדיקן שטערן אויפן מוזיקאַלישן הימל. הער סאַליערי האָט זיך אפילו פּאַראינטערעסירט מיט דעם קינד און געשיקט דעם פערצן־יאָריקן בחור צום דאַמאָלסט אַנערקענטן מוזיק־לערער רוזשיצקי מיט אַ וואַרימער רעקאָמענדאַציע אָנצונעמען דעם געניאַלן שובערט אַלס פּרייען שילער. נאָך אַ גרינטלעכן פּאַרהער, שיקט רוזשיצקי צוריק שובערטן צו זיין כאָר־מייסטער סאַליערי מיט פאָלגענדיקן בריוול: „איך קען ליידער דעם יינגל ניט לערנען, ווייל ער קען אַלץ פון פריער און גאָט איז זיין לערער געווען.״ נאַטירלעך האָט שובערט ניט געקענט אַלץ, אָבער רוזשיצקי האָט געמיינט אַלץ וואָס ער אַליין קען. יאָ, שובערטס פליים, עקשנות און חשק צו קענען מוזיק, האָבן פאַר אים דורכגעבראָכן אַ וועג און מעגלעך געמאַכט, אַז ער זאָל זיך געפינען צווישן די קלאַסיקער, צווישן די אַנערקענטסטע מוזיק־מחברים. כאָטש שובערט האָט ניט פאַרמאָגט יענע טיפע מוזיק־קענטניש, וואָס אַ היידען, באַך אָדער בעטהאָווען.

טיפע מוזיק־ידיעות זיינען טאַקע נויטיק פאַרן מוזיק־קאָמפּאָזי־טאָר, אָבער אָן טאַלאַנט איז עס ווייניק ווערט. אָבער אַ גרויסער טאַלאַנט מיט ווייניקער מוזיק־וויסן בלייבט פונדעסטוועגן מאָנומענ־טאַל — ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט שובערטן. ווי זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל: „בעסער אַ ייד אָן אַ באָרד, ווי אַ באָרד אָן אַ יידן״.

עס מיינט אָבער ניט, אַז שובערט האָט קיין מוזיק ניט געקענט. אַז מען קען ניט קיין מוזיק, שרייבט מען ניט קיין קאָנצערטאָס, אָפּערעס, סימפאָניעס און לידער, וועלכע זאָלן בלייבן לדורות. ער איז ניט געווען קיין גרויסער האַרמאָניסט און טעאָרעטיקער, אָבער דאָס האָט גאָרניט געמינערט פון זיין געניאַלן טאַלאַנט און האָט לחלוטין ניט פאַרטונקלט זיינע וואונדערלעכע מעלאָדיעס. ער בלייבט אַלץ דער געניאַלער טאָן־פּאָעט.

שובערט האָט געלעזן אַ סך פּאָעזיע, אָן אַ שיעור געלעזן, און

טאקע מוזיצירט די בעסטע לידער פון די בעסטע דיכטער; וואונ־דערבאַר אויסגעטייטשט די ווערטער דורך זיינע מעלאָדיעס; טרעפ־לעך איבערגעדיכטעט די ווערטער אין טענער. דאָס באַווייזט, אַז ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מבין אויף פּאָעזיע.

⁂

איצט אַ פּאָר פֿאַקטן פון זיין געמאַטערטן קורצן לעבן: אין זיין צייט האָט געלעבט דער גרויסער, בעסער געזאָגט, אפשר דער גרעס־טער, דייטשער פּאָעט געטהע. האָט שוּבערט איינמאָל איבערגעלייענט געטהעס פּאָעמע „ערלקעניג". דאָס ליד האָט אויף שוּבערטן געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן רושם. האָט ער גענומען שפּאַנען אין זיין צימער הין און צוריק. דאָס ליד, וואָס ענדיקט זיך אַזוי טראַגיש, האָט אים ניט אָפּגעלאָזן. האָט ער, שפּאַנענדיק אומרואיק, גענומען וועבן, ברומען און קאָמבינירן טענער און פראַזן. האָט זיך פֿאַרמירט דער לייט־מאָטיוו — שרעק! פּחד פונם קינד! — געמאַכטע שטאַרקייט פונם פֿאָטער. האָט ער געהאַט דעם לייט־מאָטיוו, וועלכער שלענגלט זיך און ציט זיך דורכן גאַנצן ליד אין שטייגן פון שרעק. האָט ער זיך געזעצט שרייבן די מוזיק. איז ער אַזוי אָפּגעזעסן צוואַנציק שטונדן נאָכאַנאַנד. אַ דערפרישטער, אַ דערלייזטער (ניט מיד) — האָט ער שטראַלנדיק פון פרייד זיך אויפגעשטעלט פון שרייב־טיש און גערעדט צו זיך אַליין: „פֿאַרטיק, פיין! געלונגען!!" איבערגע־קוקט, איבערגעזונגען, איז ער נאָך מער איבערצייגט געוואָרן, אַז ס'איז גוט. און ווען זיין איינציקער געטרייער פריינט, דער זינגער פֿאָגעל, איז פונקט אַריין, האָט שוּבערט אין באַגייסטערונג אויסגע־רופן: „פֿאָגעל, מיין פריינט, זע וואָס איך האָב געשאַפן! קום צו דער פּיאַנאָ, שנעל. דו וועסט זינגען און איך וועל דיר אַקאָמפּאַנירן. זינג און שטוין." פֿאָגעל האָט געפֿאָלגט, גענומען די נאָטן און אָנגע־הויבן זינגען:

„ווער רייט אַזוי שפּעט דורך נאַכט און ווינט? —
עס איז דער פֿאָטער מיט זיינס אַ קינד.
ער האַלט דאָס ייִנגל פעסט אין זיין אָרעם,
ער האַלט אים זיכער, ער האַלט אים וואַרעם."

און יעדעס מאָל, וואו דאָס קינד שרייט אויס אין שרעק:
„מיין פֿאָטער, מיין פֿאָטער!"

האָט מען ממש געפילט די שרעק, און ווען זיי האָבן געענדיקט, האָט פּאַגעל אויסגעשריען: „געלונגען! קאָלאָסאַל! פּראַכטפול!!"

אין אין דער הייסער שעה פון באַגייסטערונג האָט שוברט איבערגעשריבן די מוזיק, צוזאַמען מיט אַ בריוול עס אַוועקגעשיקט געטהען, פון וועמען ער האָט דערוואַרט צו קריגן אַ באַגייסטערטן ענטפער. אָבער דער אין לוקסוס לעבנדיקער געטהע האָט אַפילו ניט געפונען פאַר נייטיק צו ענטפערן דעם „אָרימען קנאַבע". פּשוט איגנאָרירט. דאָס האָט שוברטן פאַרשאַפט אַן אַ שיעור ווייטיק און צער. און מאָדנע: ווען ניט שוברטס מוזיק וואָלט געטהעס „ערלקעניג" שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן, פונקט ווי די מערסטע געטהעס לידער זיינען פרעמד די ברייטע פאָלקס-מאַסן. און וויפיל זינגער, וואָס זינגען דאָס ליד, ווייסן אַז די ווערטער געהערן צו געטהען? מ'ווייסט אָבער יאָ, שוברטס „ערלקעניג".

שוברט האָט געקלאַפּט אין אַלע טירן צו קריגן באַשעפטיקונג אַלס דיריגענט, אַלס מוזיק-לערער, אַלץ וואָס עס איז — אַבי צו פאַרדינען אויף טרוקן ברויט כאָטש. אָבער אַלע באַמיאונגען האָבן זיך ניט איינגעגעבן. שוברט האָט געהונגערט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. נאָר איין-איינציקער מענטש, וועלכער האָט אים פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט, זיין איבערגעגעבענער פריינט פּאַגעל, האָט אָנגעווענדט אַלע מעגלעכקייטן צו קריגן באַשעפטיקונג פאַר שוברטן, ביז ענדלעך האָט זיך אים איינגעגעבן.

אין אַ געוויסן אָפּערעטן-טעאַטער, וואו פּאַגעל האָט געזונגען, האָט מען געהאַלטן אין אויפפירן אַן אָפּערעטע, צו וועלכער מ'האָט געדאַרפט צושרייבן נאָך עטלעכע געזאַנג-סצענעס, סאָלאָ-לידער און אַלץ אַראַנזשירן פאַר אָרקעסטער, און דיריגירן דעם כאָר מיטן אָרקעסטער. האָט פּאַגעל גע'פּועל'ט מ'זאָל אָנשטעלן שוברטן. האָט שוברט פליסיק געאַרבעט, געשאַפן און אָרקעסטרירט די פּאַסיקע מוזיק.

נאָך דער ערשטער רעפּעטיציע פון גאַנצן אַנסאַמבל, שטעלט זיך אַוועק די פּרימאַדאָנע פון דער טרופּע, אַ געוויסע פרייליין שעכנער, און זאָגט סאַרקאַסטיש, שטעכיק (אַזוי רעדן זיי שוין, די פּרימאַדאָנעס, ספּעציעל ווען דער דיריגענט איז ניט שיין און פּלוירטיש צו זיי): „דער הער מוזיקער וועט אַזוי גוט זיין איבערשרייבן מיין „אַריע", עס געפעלט מיר ניט און וועט דעם פּובליקום ניט געפעלן."

שובערט האָט געגומען פיבערן איינגאַנצן. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און גענומען ווייטער אָנגיין מיט פּראָבע. אָבער די „זינגערין" האָט זיך אָוועקגעזעצט און ניט געוואָלט ווייטער זינגען. אַלע זיינען געבליבן געפּלעפּט. מ'האָט געפּרואווט אַפּעלירן צו שובערטן, ער זאָל איבערשרייבן, באָטש יעדער האָט געפילט, אַז מ'דאַרף ניט, ס'איז גוט, געלונגען. אָבער שובערט האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו ענדערן אפילו אַן אות. דאָס האָט דער שטאָלץ פון קינסטלער ניט דערלויבט. אין אַ געדריקטער שטימונג האָט מען רעפּעטירט, אָבער יעדער האָט געפילט, אַז עפּעס ערנסטעס וועט געשען. און ביי דער לעצטער פּראָבע, אַ טאָג פאַר דער פאָרשטעלונג, דערקלערט פריילין שעכנער: „איך וועל ניט אויפטרעטן, אויב די מוזיק וועט ניט איבער-געשריבן ווערן ווי איך פאַרלאַנג עס. און נאָך היינט." באָטש זי האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, צו־שפּעט.

ס'האָט ניט געהאָלפן קיין אַפּעלירן צו איר. דער דירעקטאָר, הער דיופּאָרט, האָט געזען, אַז ס'האַלט שמאָל, האָט ער זיך געווענדט צו שובערטן, פריער מיט גוטן, שפּעטער מיט בייזן: „ענדערט בלויז איר אַריע. זי איז אַ פרוי . . ." אין שובערטן האָט רעוואָלטירט דער קינסטלער: „איבער אַ קאַפּריז פון אַ גראָביאַנסקע דאַמע זאָל ער זיך דערנידעריקן?" ער האָט פאַרביטערט געשוויגן. ענדלעך דערקלערט דער דירעקטאָר: הער שובערט, מיר לייגן אָפּ די פאָרשטעלונג, אייך צו געבן צייט איבערשרייבן אייער שלעכטע מוזיק . . ."

די מוזיקער, די זינגער האָבן דערפילט די טיפע באַליידיגונג, און צו אַלעמענס איבעררעשונג, האָט שובערט אַ זעץ געטאָן אין פּולפּעט, שנעל צוזאַמענגענומען די מוזיק און אויסגעשריען שטאָלץ: „איך וועל קיין זאַך ניט ענדערן פאַר אומוויסנדע קערלען" — און אַרויס-געלאָפן פון טעאַטער. אַזוי דערציילט בעטהאָווענס ביאָגראַפער, שינדלער.

ווען מיר דערמאָנען בעטהאָווענען, איז אינטערעסאַנט איבער-צוגעבן פאָלגנדיקע פּאַסירונג: ווען בעטהאָווען איז געשטאָרבן, האָבן אַלע געטרויערט אויף דעם גרויסן פאַרלוסט פון דעם געניאַלן מייס-טער. אין אַ געוויסן טאָג איז שובערט מיט עטלעכע זיינע חברים-מוזי-קער זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ קאַפע. האָט מען גערעדט וועגן בעטהאָווענען און, ווי עס פירט זיך ביי די דייטשן — געטרונקען ביר. נאָך דעם ערשטן טאָסט האָט שובערט געהייסן נאָכאַמאָל אָנפילן די

גלעזער און אויסגערופן: „איצט לאָמיר טרינקען פאַר דעם, וואָס וועט די זכיה האָבן צו ליגן נעבן בעטהאָווענען.“

— „ווער זאָל דאָס זיין? — פרעגט איינער אין אַ שפּאָס.

— „איך,“ ענטפערט שובערט האַסטיק, צעווײנט זיך און פאַרלאָזט שנעל דעם פלאַץ.

ניט לאַנג האָט געדויערט, עפּעס מער ווי אַ יאָר, און מ'האָט שובערטן באַגראָבן נעבן בעטהאָווענען.

היינט קען מען זען, אין דעם שטעטל ווערינג, נעבן ווין, אויפן אַלטן בית-עולם צוויי קברים זייט ביי זייט, מיט צוויי באַשיידענע אויפשריפטן אויף פּשוט'ע מצבות, אויף איינער: „לודוויג וואַן בעטהאָווען“, און אויף דער צווייטער: „פראַנץ שובערט“.

אַזוי איז פּריצייטיק פאַרשניטן געוואָרן אַ יונג לעבן פון אַ גרויסן קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער איז בלויז 31 יאָר אַלט געווען, ווען ער איז געשטאָרבן — אַלס רעזולטאַט פון הונגער, ניט אַנערקענונג און איגנאָרירונג. היינט זינגט מען זיינע 625 לידער אין גאָרער וועלט, אויף אַלע שפּראַכן. זיין סימפאָניע אין „סי“, דער „מאַרש מיליטער“ און די „ניט-פאַרענדיקטע סימפאָניע“ באַצירן אַלע קאָנצערט-בינעס פון דער וועלט.

אַ גרויסער מייסטער איז געשטאָרבן פון הונגער, פאַר אונדזער גליק און פאַרגעניגן. אַזוי האָט געלעבט און געשאַפן דער גרויסער טאָן-פּאָעט, פראַנץ שובערט.

## פעליקס מענדעלסאָן באַרטאָלדי

**(געבוירן: 3טן פעברואַר, 1809. געשטאָרבן: 4טן נאָוועמבער, 1847)**

ווען מען לייענט די ביאָגראַפיעס און מען באַקענט זיך מיט דעם לעבן פון די גרויסע מוזיק-מייסטער, קען מען קריגן דעם איינדרוק, אַז הונגער, נויט, דחקות,ליידן — זיינען די טרייב-קראַפט, וואָס פירט דעם קינסטלער אויפן וועג צו דערפאָלג. ס'איז פּשוט שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז רייכקייט, לולסוס-לעבן, זאָל נישט זיין קיין שטער, קיין אָפּהאַלט פאַר דעם טאַלאַנטירטן קינסטלער צו אַנטוויקלען זיך. ס'קען זיין, אַז ס'איז פאַראַן אַ סך אמת אין דעם; ס'קען זיכער זיין, אַז אַ סך טאַלאַנטפולע קינדער זיינען פאַרלוירן געגאַנגען אַ דאַנק

דעם, וואָס זיי האָבן געלעבט זאָרגלאָז, אין רייכקייט. און דער פּאַל מענדעלסאָן איז אפשר אַן אויסנאַם. אַ דאַנק דעם, קען זיין, וואָס פעליקסעס מוטער איז געווען אַן אײדעלע, אַן אינטעליגענטע און מוזיקאַליש געבילדעטע פרוי, און זיכער אַ דאַנק דער סביבה, די געזעלשאַפט, וועלכע האָט פאַרקערט אין דעם הויז פון די מענדעלסאָנס. צוליב וואָס פּרואוון טרעפן? לאָמיר בעסער איבערגעבן דאָ פאַקטן און געשעענישן, ווי מיר האָבן זיי געפונען אין די פאַרשיידענע פאַרטרויענסווערטע באַשרייבונגען וועגן פעליקס מענדעלסאָנס לעבן, שטייגן און גרייכן.

⁂

אין דער שטאָט האַמבורג, דייטשלאַנד, האָט געלעבט אַן אָנגעזעענער באַנקיר, אברהם מענדעלסאָן (אַ ייד), אַ זון פון דעם וועלט-באַרימטן פילאָזאָף משה מענדעלסאָן, וועמעס פרוי האָט געהייסן לאה סאַלאָמאָן. דער באַנקיר, כאָטש זייענדיק פאַרטאָן אין געשעפט, האָט ער פונדעסטוועגן ליב געהאַט מוזיק. דערפאַר איז זיין פרוי געווען מוזיקאַליש געלערנט, האָט געשפּילט אויסגעצייכנט פּיאַנאָ. דערצו איז זי געווען אַ געבילדעטע, אינטעליגענטע פרוי און אמת-אײדעלע נשמה. זייענדיק רייך און אָנגעזען, האָבן זיי געפירט אַ ברייט אָפן הויז, וואו עס פלעגט זיך צוזאַמענקומען די פיינסטע געזעלשאַפט. דער צענטער פון אַלע קינסטלער, אידעאַליסטן און דענקער.

דעם 3טן פעברואַר, 1809, איז ביי די מענדעלסאָנס געבוירן געוואָרן אַ יינגל, וועמעס נאָמען איז געווען יאַקאָב לודוויג פעליקס מענדעלסאָן. אָבער די אַלע נעמען זיינען נאָך, ווייזט אויס, געווען ווייניק און דער פאָטער, — וועמעס אַלע שוועסטער, די טעכטער פון דעם גרויסן פילאָזאָף, זיינען שוין געווען אָפּגע׳שמד׳ט — האָט באַשלאָסן אויך אָפּ׳שמד׳ן זיינע קינדער, דערציען זיי אַלס כשר׳ע לוטעראַנען-קריסטן. נאַטירלעך האָט מען אויך אָפּגע׳שמד׳ט דאָס ניי-געבוירענע קינד און מען זעצט אים צו דעם נאָמען באַרטאָלדי. זיין פולער נאָמען ווערט איצט: יאַקאָב, לודוויג, פעליקס מענדעלסאָן באַרטאָלדי. אָבער צוליב באַקוועמלעכקייט הפּנים רופט מען אים בלויז פעליקס, און אין דער געשיכטע פאַרבלייבט ער אַלס: פעליקס מענדעלסאָן באַרטאָלדי.

זאָל מען איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויפהערן שטאָלצירן מיט

מענדעלסאָנען אַלס אונדזער יידישן מוזיקער. ווייל מ'האָט אים אָפּ־גע'שמד'ט אַלס פּיצל קינד, דערצויגן אים ווי אַ גוטן, פרומען קריסט, און אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביזן סוף פון זיינע טעג. (דאָס איז אגב פאַרבייגייענדיק און האָט גאָרנישט געמינערט און צוגעגעבן זיין טאַלאַנט און שאַפן.)

ווען פעליקס איז אַלט געווען פיר־פינף יאָר, האָבן זיך די עלטערן אריבערגעצויגן קיין בערלין מיט זייער באַנק און פאַרמעגן. און אויך דאָ ווערט זייער הויז דער זאַמלפונקט פון די אָנגעזעענסטע שרייבער, מאָלער, פּאָליטיקער, דיפּלאָמאַטן און מוזיקער. ווי אַ שטייגער: מאַרקס, ענגעלס, געטהע, צעלטער א. אַ. מען דיסקוטירט אָפט קונסט און פּאָליטיק. אויך ווערט אַ מנהג ביי די מענדעלסאָנס אין הויז דורכצופירן יעדן זונטיק אַ קאָנצערט מיט די פאַרזאַמלטע אַלס קאָנצערטיסטן — אַן אייגענער אָרקעסטער פלעגט שפּילן די בעסטע ווערק פון די פיינסטע מוזיקער. אין אַזאַ אַטמאָספערע האָט זיך גע־האָדעוועט דער יונגער פעליקס און זיין עלטערע שוועסטער פאַניע, וועגן וועלכער עס וועט אונדז אויסקומען שפּעטער צו רעדן.

די מוטער איז געווען די ערשטע מוזיק־לערערין פון אירע קינדער און האָט, ווייזט אויס, געלייגט אַ געזונטן פונדאַמענט. זי האָט אָבער גיך דערזען, אַז איר פעליקס דאַרף האָבן בעסערע לערער. דאָס קינד לערנט פלייסיק און שנעל. אין קיין געלט איז נאַטירלעך קיין מניעה נישט געווען. שטעלט מען אָן פאַר דעם יונגען פעליקס פאָלגנדיקע, דאַמאָלסט אנערקענטסטע מוזיק־פּעדאַגאָגן: בערגער — פּיאַנאָ; צעלטער — קאָמפּאָזיציע; העניג — פידל; פּראָפעסאָר הייזע — אַל־געמיינע מוזיק־בילדונג. דערצו: לערער פאַר שפּראַך און וועלט־לעבער בילדונג. אַזעלכע לערער, אַזאַ הויז, אַזאַ געזעלשאַפט און דערצו אַזאַ מאַמע — האָט דאָס קינד געלערנט, דערגרייכט און גע־שטיגן פון וואָך צו וואָך. געלעבט אין אַ וועלט פון מוזיק און בילדונג, געקראָגן די אָפּגעהיטנסטע, איידלסטע, צאַרטסטע דערציאונג. דערצו איז טאַקע פעליקס געווען טאַלאַנטפול און געוואָלט לערנען. האָט ער זיך אָנגעזאַפּט מיט וויסן און קענטניש, האָט דערוואַכט אין אים דער מחבר, דער קאָמפּאָזיטאָר, האָבן די וועכנטלעכע קאָנצערטן אין הויז אים אינספּירירט און גערעגט צו שאַפן, און האָט ער אָנגעהויבן שאַפן, איז ביי אים געוואָרן אַן אַמביציע, אַז ער זאָל אַליין דיריגירן

זיינע אייגענע זאכן מיט זייער אייגענעם אָרקעסטער — און צו צוועלף יאָר האָט ער שוין געהאַט געשאַפן זיין ערשטע סימפאָניע אין „סי מיינאָר", וועלכע איז טאַקע אויפגעפירט געוואָרן אין זייער הויז, מיט זייער אָרקעסטער, אונטער זיין דירעקציע. מען קען זיך פאָרשטעלן די פרייד און באַגייסטערונג פון די עלטערן און פריינט. האָט אים דאָס געגעבן נאָך מער מוט און קוראַזש. האָט ער טאַקע געשאַפן עטלעכע איין־אַקטיקע אָפּערעס, געזאַנג־נומערן פאַר סאָלאָ, דועטן און קוואַרטעטן; פּיאַנאָ־נומערן, קאָנצערטאָס, סאָנאַטאָס און אַנדערע נומערן פאַר אָרקעסטער. די באַגייסטערונג און די אינספּי־ראַציע צו שאַפן די אַלע קאָמפּאָזיציעס, קען מען זאָגן, האָט ער הויפּט־זעכלעך געקראָגן פון דעם אָרקעסטער, וועלכער האָט דעם יונגען מוזיקער געגעבן אַ מעגלעכקייט אַלץ אויסצופּרואוון. אַזאַ געלעגנהייט האָט זעלטן אַ מוזיקער געהאַט, אויסער היידען אין די שפּעטערע יאָרן. ווייל זעלטן האָט אַ מוזיקער געלעבט אין אַזאַ געזעלשאַפט און געהאַט אַזאַ פינאַנציעלע מעגלעכקייט.

אַנדערע מוזיקער האָט באַגלייט דחקות, נויט. מענדעלסאָן איז געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן העמדל, אַרומגערינגלט מיט רייכטום און לוקסוס. און דאָ איז אפשר דער וואונדער גרעסער. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, פאַרן אמת'ן קינסטלער, פאַרן גרויסן טאַלאַנט, זיינען נישטאָ קיין שטערונגען, רייך צי אָרים . . .

צו זעבצן יאָר שרייבט מענדעלסאָן אָן זיין וועלט־באַרימט ווערק, די אָוּוערטורע צו „מיט־זומער נאַכטס טרוים". די קאָמפּאָזיציע האָט געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אין דער מוזיקאַלישער וועלט און אַרויס־גערופן באַוואונדערונג ביי אַלע צוהערער. און מיט רעכט: אַזאַ כישוף'דיקע מעלאָדיע, אַזוי פיל שטימונג, אַזעלכע זיסע סענטימענ־טאַלע מאָמענטן. און נאָך אַ זאַך, אין דעם ווערק שלאָגט מענדעלסאָן אָן אַ נייעם טאָן, אַ נייעם סטיל אין דער דייטשער מוזיק־ליטעראַטור. נאָך בעטהאָווענס שטורם און רעוואָלט, אויב איר ווילט, איז מענ־דעלסאָנס ליריזם, ראָמאַנטישקייט, סענטימענטאַלע פאַר'חלום'טקייט— ווי אַ באַלזאַם. אין זיין מוזיק שפּיגלט זיך אייגנטלעך אָפּ מענדעל־סאָנס פּערזענלעכקייט. דער איידעלער, צאַרטער, הויך־געבילדעטער, אַריסטאָקראַטיש־עסטעטישער פּעליקס מענדעלסאָן באַרטאָלדי. זיין אויסזען, זיין כאַראַקטער, זיין האַלטונג, פּונקט אַזוי איידל, פאַר־חלום'ט־ראָמאַנטיש ווי זיין מוזיק.

לאָנדאָן איז אין יענע יאָרן געווען דער הויפּט-צענטער אין אייראָ־פּע, וואו גרויסע מוזיקער האָבן געגאַרט אויפצופירן מיט זייערע ווערק. ווייל לאָנדאָן איז געווען דער באַראָמעטער, אַזוי צו זאָגן, וואו מוזיק-ווערק און מוזיק-קינסטלער זיינען געמאָסטן געוואָרן. און פּונקט ווי הענדעל און מאָצאַרט האָבן זייערע פאַרדינסטן, ווערט און אנער־קענונג געקראָגן אין לאָנדאָן — אַזוי אויך מענדעלסאָן. כאָטש מענ־דעלסאָן איז אין לאָנדאָן געקומען שוין אַן אנערקענטער און רייפער קאָמפּאָזיטאָר, איז ער פונדעסטוועגן געפאָרן אַהין מיט רעקאָמענ־דאַציעס. האָט מען אים טאַקע אויפגענומען מיט גרויס ענטוזיאַזם.

מענדעלסאָן ווערט גלייך איינגעלאַדן, אָנקומענדיק קיין לאָנדאָן, צו דיריגירן דעם פילהאַרמאָניק אָרקעסטער, וועלכער שפּילט זיין „סימפאָניע אין סי" און „אָווערטיור צו מיטנאַכט זומער-טרוימען". די קאָמפּאָזיציעס פאַר'כישוף'ן אַלעמען און שטעלן מענדעלסאָנען אַוועק אין איין ריי מיט די גרעסטע מייסטער. דאַמאָלסט איז ער אַלט געווען בלויז צוואַנציק יאָר.

אין אַ יאָר שפּעטער פאָרט מענדעלסאָן קיין איטאַליע, דאָס גע־גאַרטע לאַנד פון אַלע מוזיקער אין יענער צייט — די מוזיק-לאַבאָ־ראַטאָריע. אויך דאָ ווערט ער אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם. פון רוים שרייבט ער אַהיים: „ענדלעך בין איך אין איטאַליע, דאָס לאַנד פון אמת'ער קונסט און אַטמאָספערע, וואָס גיט אַ מעגלעכקייט צו שאַפן." און מענדעלסאָן שאַפט טאַקע דאָרט זיין באַרימט ווערק צו זיין אינ־טימען פריינט געטהעס טעקסט: „וואַלפּורגעס נאַכט" — איינע פון זיינע געלונגענסטע אָראַטאָריעס, וועלכע ווערט געזונגען ביז היינט פון די גרעסטע כאָרן מיטן גרעסטן דערפאָלג.

די גרעסטע דערפאָלגן האָט מענדעלסאָן פאָרט געהאַט אין לאָנ־דאָן. קערט ער זיך אום צוריק אַהין, און איינמאָל זיצנדיק אין קע־ניגלעכן פּאַלאַץ מיט דער ענגלישער קעניגין וויקטאָריא, האָט זי געזונגען זיינע לידער און ער האָט איר אַקאָמפּאַנירט. פון איין ליד ספּעציעל איז די קעניגין געווען זייער באַגייסטערט און געבעטן עס איבערשפּילן. דאָ האָט זיך מענדעלסאָן פּלוצים געכומען רויטלען, זיך פילן אומבאַקוועם, און ער שטאַמלט אַרויס אַ פאַרשעמטער, אַ פאַר־שולדיקטער: „דאָס איז די שאַפונג פון מיין שוועסטער פאַניע."

אַ טיפער פאַרדרוס כאַפּט אים אַרום. אין מוח נעמען עגבערן פאַרוואורפן: דומקאָפּ! פאַרוואָס האָב איך דאָס פריער ניט גע־

זאָגט ? די קעניגין וועט דאָך איצט חושד זיין, אַז אַ סך פון מיינע קאָמפּאָזיציעס זיינען מיין שוועסטערס. און ס'איז טאַקע אַ סברה, אַז אין אַ טייל פון מענדעלסאָנס גרעסערע ווערק האָט זיין שוועסטער פאַניע געהאַט אַ גרויסן חלק. זי איז באמת געווען אַ גלענצנדע פּיאַ־ניסטין און אויסגעצייכנטע מוזיקערין, נאָר איר געניאַלער ברודער האָט איר פאַרטונקלט. פּונקט ווי זיין פאָטער פלעגט זיך אויסדריקן: „פריער בין איך געווען משה מענדעלסאָנס זון, און איצט בין איך פעליקס מענדעלסאָנס טאַטע. און איך אַליין ? — אָן אַ נאָמען."

אין דער סאַמע גלאַנץ־פּעריאָדע פון זיין שאַפן, האָט אים זייער שווער געטראָפן דער טויט פון זיין פאָטער. מען האָט מורא געהאַט, אַז דאָס וועט זיך שווער אָפּרופן אויף זיין שאַפונגס־גייסט. אָבער פעליקס געפינט אַ טרייסט. און לויט זיינע אייגענע ווערטער, שאַפט ער אין אָנדענק פון זיין פאָטער די גרויסע אָראַטאָריע „סעינט פּאול". אַ מאָדנער סימבאָל: אַלס דאַנק אַ פּנים צום פאָטער, וועלכער האָט אים אָפּגע'שמד'ט, ווידמעט ער אים „סעינט פּאול", דעם אַפּאָסטאָל פון קריסטענטום. דאָס איז זיכער נישט קיין צופאַל. דאָס ווייזט ווידער אַמאָל, אַז מיר האָבן זיך גאָרנישט צו גרויסן מיט מענדעלסאָנען אַלס אַ יידישן מוזיקער. „סעינט פּאול" איז אָבער אַ גלענצנד ווערק. די אָראַטאָריע איז אין פאַרלויף פון צוויי יאָר אויפגעפירט געוואָרן מיט טריומף 50 מאָל אין 41 שטעט פון אייראָפּע און אַמעריקע. און ווי דריקט זיך אויס דער מוזיקער גאַלאָווייי: „די צוויי יאָר האָבן זיך געדאַרפט רופן „די סעינט פּאול יאָרן". סעינט פּאול איז אין דער אמת'ן אַ קאָלאָסאַלע פאַרהערלעכונג פון רעליגיע בכלל און קריסטנ־טום בפרט. אַ מאָדנער פּאַראַדאָקס: דער נישט־ייד הענדעל האָט אַלע זיינע אָראַטאָריעס געשאַפן אויף ריין־יידיש־ביבלישע טעמעס, ווי: שאול, יוסף, יהשוע, שלמה און שושנה און יהודה המכבי — און דער „ייד" מענדעלסאָן שאַפט קריסטוס, סעינט פּאול, די ערשטע וואלפּורגיס נאַכט. (דאָס איז פאַרבייגייענדיק.)

יעדער צופאַל, אַ פריידיקער ווי אַ טרויערדיקער, איז אַן אָנרע־גונג פאַרן קינסטלער צו שאַפן. און אין דער שאַפונג שפּיגלט זיך אָפּ די פּערזענלעכקייט און געפילן פונם קינסטלער. די שאַפונגען פונם קינסטלער זיינען די בעסטע, אויפריכטיקסטע ביאָגראַפישע מאַטע־ריאַלן. שטודיר דעם קינסטלערס ווערק און דו וועסט זיך באַקענען מיט דעם קינסטלערס לעבן און דענקען.

אין דעם יאָר 1842 האָט מענדעלסאָנען ווידער געטראָפן אַ גרויס אומגליק: זיין ליבע מוטער, זיין ערשטע מוזיק־לערערין, איז געשטאָרבן. און ווידער איז זייער סימבאָליש דער פאַל, וואָס צום אָנדענק פון זיין מוטער, די מוזיקערין און זיין ערשטע לערערין, גרינדעט מענדעלסאָן די ביז היינט וועלט־באַרימטע לייפּציגער קאָנסערוואַטאָריע, וועלכע איז דערעפנט געוואָרן אַ יאָר נאָך זיין מוטערס טויט, אין 1843. אַ וועלט מיט ענערגיע האָט מענדעלסאָן אַריינגעלייגט אין דער גרינדונג פון דער קאָנסערוואַטאָריע, וועלכע איז געוואָרן דער שטאָלץ ניט בלויז פון דייטשלאַנד, נאָר פון דער גאַנצער מוזיקאַלישער וועלט. די אינסטיטוציע האָט צוגעצויגן אַלס אירע ערשטע לערער אַזעלכע אנערקענטע מוזיק־פּעדאַגאָגן פון יענער צייט, ווי דאַוויד בעקער, שומאַן, האופּטמאַן און — טאַקע מענדעלסאָן אַליין.

נאָך דער אומדערמידלעכער אָנשטרענגונג און מי האָט מענדעלסאָן געדאַרפט רו. אָבער דער קינסטלער רוט ווען ער שאַפט. און אין 1846 ווערט אין בוירמינגהעם (ענגלאַנד) אויפגעפירט זיין קרוין־קאָמפּאָזיציע, זיין מאָנומענטאַל ווערק, די אָראַטאָריע „אליהו", וועלכע באַצירט די גרעסטע קאָנצערט־בינעס פון דער וועלט. עס איז אַלגעמיין אָנגענומען, אַז נאָך הענדעלס „משיח" און „יהודה המכבי" איז „אליהו" די וויכטיקסטע אָראַטאָריע אין דער מוזיק־ליטעראַטור, און מיט רעכט. די כאָר־געזאַנגען זיינען אַזוי קאָלירפול, האַרמאָניש רייך און פאַרכאַפנדיק פּשוט. דאָס געבעט פון די „בעלים" איז אַזוי פּרעכטיק און מייסטערהאַפט, אַז ס'איז זיך קוים מעגלעך פאָרצושטעלן אַ געלונגענערע שאַפונג פאַר כאָר. האָט טאַקע „אליהו" אַרויסגערופן אין ענגלאַנד די העכסטע באַגייסטערונג, דעם גרעסטן ענטוזיאַזם און טיפסטע אָנערקענונג — זיין הענדעלס טריומף אין ענגלאַנד.

אָבער אַזוי איז שוין דאָס מזל פון די מייסטער. אויסער אפשר היידען, האָט קיין אַנדער מוזיקער נישט געהאַט דאָס גליק צו טרינקען פון פריידנס־בעכער אָן ביטערע טראָפּן.

ווען מענדעלסאָן איז געקומען אַהיים פרייען זיך מיט זיין פאַמיליע, האָט ער זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויף די נאָענטע און אייגענע, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין ליבע שוועסטער פאַניע איז געשטאָרבן. מיט אַ יאָמערלעך געוויין איז ער אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד און געכומען זיך וואַרפן אין קאָנוואולסיעס. ס'איז זיך אוממעגלעך פאָרצושטעלן וויפיל מענדעלסאָן האָט געליטן פון דער בי־

טערער בשורה. ער האָט ניט געקענט קומען צו זיך. ער איז שרעקלעך נערוועז און צעבראָכן געוואָרן. די פרוי האָט אים געגומען אין דער שווייץ צווישן די בערג זיך צו דערהאָלן. מ'האָט אויף אים שטאַרק אויפגעפּאַסט, אים אָפּגעהיט און — ער האָט טאַקע אָנגעהויבן קומען צו זיך, פילן בעסער. ער האָט ווידער אָנגעהויבן שרייבן, שאַפן עטלעכע קלענערע זאַכן און צוויי אָראַטאָריעס: „קריסטוס" און „לאָרעליי", אָבער ביידע לעצטע ווערק זיינען געבליבן נישט פאַרענדיקט. ער האָט ווייטער אָנגעהויבן פילן ערגער און ערגער. מ'האָט ממש געזען, אַז דער סוף דערנענטערט זיך.

אין סעפּטעמבער פון יאָר 1847, לייגט זיך מענדעלסאָן ערנסט אין בעט אַריין, מוטשעט זיך אַזוי אַפּ ביז דעם 4טן נאָוועמבער פון זעלבן יאָר, ווען ער שטאַרבט אין עלטער פון בלויז 38 יאָר. יאָ, די הייסע, אויפריכטיקע ליבע צו זיין שוועסטער פאַניע, וועלכע איז אַזוי יונג געשטאָרבן, האָט דעם געטרייען ברודער און טיף - פילנדיקן מענטשן אַזוי יונג פאַרשניטן פון דער וועלט.

אויב אַ מוזיקער האָט שוין געהאַט אַ זאָרגלאָזע יוגנט און מעגלעכקייט צו לערנען; אויב אַ מוזיקער האָט זיך געקענט ווידמענען זיין שאַפן און ניט דאַרפן זאָרגן אויף מיטלען צום לעבן; אויב אַ מייסטער האָט געקענט נאָך העכער שטייגן, נאָך מער שאַפן און באַרייכערן די אמת-קינסטלערישע מוזיק-ליטעראַטור — דאַרף קומען דער גרויזאַמער טויט און אים צונעמען אַזוי יונג און אין דער סאַמע בליאונג-צייט פון לעבן. אַן איידעלער מענטש, אַ ראַפינירטער קינסטלער — פעליקס מענדעלסאָן באַרטאָלדי.

# דיריגענטן

א מוזיק־מחבר שאפט א קאמפאזיציע, לאמיר זאגן, אויף דער טעמע: „רעוואלוציע”. אויסער די נאטן, וועלכע גיבן איבער די מע־לאדיע, די הארמאניע, וואס דער מחבר האט פארשריבן, פאר יעדער שטימע, פאר יעדן אינסטרומענט — צייכנט ער אויך אן כאראקטער: וואו שטארק און וואו שוואך; וואו שנעל און וואו פאמעלעך; וואו שטרענג און וואו מילד. קורץ: ער ווייזט אן אלע נואנסן און קאלי־רונגען, כדי ארויסצוברענגען דעם כאראקטער, דעם אינהאלט פון דער קאמפאזיציע, ווי דער מחבר האט עס אין זינען געהאט בשעת'ן שאפן. קריגן עטלעכע דיריגענטן די קאמפאזיציע. פירן עס אויף. אלע מוזיקערס פון די ארקעסטערס שפילן אקוראט ריכטיק די נאטן ווי זיי זיינען פארשריבן — נאר ביי יעדן דיריגענט באזונדער, איז די קאמפאזיציע ארויסגעקומען אנדערש. ביי איינעם איז די רעוואלוציע א ציענדיקע, א בלאסע, א בלוטלאזע; ביי אן אנדערן — א שנעלערע, א שטורמישע, א פולבלוטיקע. כאטש אלע דיריגענטן האבן דיזעל־ביקע מוזיק־קאפיעס; אין אלע קאפיעס זיינען פאראן דיזעלביקע פארטייטש־צייכנס — פונדעסטוועגן, קומט דיזעלביקע קאמפאזיציע ארויס ניט ביי אלעמען גלייך. דערפאר קאן מען אפט הערן ווי צו־הערער זאגן: איך האב דאך די זאך געהערט עטלעכע מאל, נאר אזוי ווי ביי טאסקאניני — האב איך ביי קיין דיריגענט ניט געהערט די קאמפאזיציע.



הערט מען אפט מיינונגען: די דיריגענטן, וואס ווארפן זיך, מאכן פארשיידענע העוויות בשעת'ן דיריגירן — איז עס בלויז אן אנשטעל, א פאזע אזא, דאס קאקעטירן זיי כדי אויסצונעמען ביים עולם. א סימן, אז דער און דער גרויסער דיריגענט טוט עס ניט. אדער: דיריגירן! אויך מיר א חכמה, מאכן מיט די הענט. וואס איינגנטלעך איז דא די קונסט? כדי אויפצוקלערן דעם ענין, וועלן מיר

דערציילן אַ פּאָר מעשה׳לעך. מעשה׳לעך זיינען בכלל שיין צו דער־ציילן:

אַמאָל האָט אַ פּויער געראַטעוועט דאָס לעבן פון אַ קייסער. האָט דער קייסער באַשלאָסן צו באַלוינען דעם פּויער און געשיקט שטאַפעטן זיי זאָלן ברענגען דעם פּויער אין דער הויפּט־שטאָט — האָבן די שטאַפעטן אויסגעפירט דעם קייסערס באַפעל. האָט דער קייסער באַפוילן זיינע פּאַזשן: נעמט דעם פּויער און ווייזט אים אַלע שיינקייטן, אַלע וואונדערלעכקייטן פון דער הויפּט־שטאָט. זאָל ער אַלץ זען, אַלץ באַוואונדערן און ווען ער וועט שוין האָבן אַלץ געזען און באַוואונדערט — זאָל דער פּויער זיך אויסביטן וואָס נאָר זיין האַרץ גלוסט און זיין וואונטש וועט דערפילט ווערן. האָבן די פּאַזשן געטאָן ווי דער קייסער האָט באַפוילן. זיי זיינען אַריין צום פּויער, וואו ער איז איינגעשטאַנען, זיך געבוקט צו אים און אַזוי גע־זאָגט: אדוני פּויער. דער קייסער האָט באַפוילן דיר אַזוי צו זאָגן: דערפאַר וואָס דו האָסט געראַטעוועט דעם קייסערס לעבן, זאָלסטו דערפאַר באַלוינט ווערן. קום מיט אונדז, מיר וועלן דיך פירן איבער דער הויפּט־שטאָט און דיר ווייזן די שענסטע און אינטערעסאַנטסטע זאַכן. זע און באַטראַכט אַלץ. פון אַלץ וואָס דו וועסט זען און הערן, מעגסטו דיר אויסביטן איין זאַך, וואָס דיר וועט געפעלן ווערן צום בעסטן — און דיין פאַרלאַנג וועט דערפילט ווערן. זיינען זיי גע־גאַנגען. דאָס ערשטע זיינען זיי אַריין אין מיניסטעריום. האָט דער פּויער געזען ווי עס זיצן די מיניסטאָרן, אויסגעפּוצט אין גאָלד און אין זילבער און טראַכטן און קנייטשן די שטערנס. נאָכדעם ווי די פּאַזשן האָבן געפרעגט ביים פּויער צי ער וויל זיין אַ מיניסטער, האָט דער פּויער געענטפערט: ניין! מ׳דאַרף האָבן אַ מיניסטערשע קאָפּ צו קענען אַזויפיל טראַכטן און ער האָט קיין כוחות ניט דערצו. ניין! האָט מען אים אַריינגעפירט אין דעם גרעסטן געשעפט, וואו מ׳פאַר־קויפט אַלע לוקסוס־זאַכן פון דער וועלט, און געפרעגט צי ער וויל דאָס געשעפט. האָט דער פּויער ניט געקענט ענטפערן, ווייל ס׳האָט אים גענומען שווינדלען פאַר די אויגן פון די בלישטשענדיקע ברי־ליאַנטן און איידל־שטיינער און דער קאָפּ האָט זיך אים אָנגעהויבן דרייען און ס׳האָט אים גענומען שלאָגן חלשות צום האַרצן פון די טייערע פאַרפיומען און שמעקנדיקע זייפן. מ׳האָט אים קוים אַרויס־געפירט און אָפּגעמינטערט. אַזוי, אַז וואָס מ׳האָט אים געוויזן — ניין

און נײַן. ביז די נאַכט איז צוגעפֿאַלן און מ׳האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין דער קײזערלעכער אָפּערע, אים אַרײַנגעזעצט אין אַ גאָלדענער לאָזשע. איז ער פֿאַרגאַפֿט געוואָרן פֿון דער שײנקײט. די וואונדער־לעכע מאָלערײען, די אױסגעפּוצטע דאַמען און הערן, די טײַערע טע־פּיכער און אױסגעטאָקטע מאַרמאָרנע פֿיגורן. ער האָט ניט געוואוסט וואו פֿריער צו קוקן. פּלוצלונג איז געוואָרן פֿינסטער, האָט ער זיך אין פֿלוג דערשראָקן. באַלד האָט זיך אױפֿגעהױבן דער פֿאָרהאַנג און ער האָט פֿאַר זיך דערזען אַ וואונדערלעך בילד און אַזױפֿיל מענטשן אָנגעטאָן אין אַזעלכע קאָלירפֿולע קאָסטיומען. אַ קעניגלעכער פּאַלאַץ מיט אַ טראָן, אױף וועלכן עס זיצט אַ קעניג. אין פֿראָנט זיצן אַזױפֿיל מוזיקאַנטן און אײן מאַן שטײט מיט אַ שטעקעלע. ווען דער מאַן הײבט אָן צו מאַכן מיטן שטעקעלע — שפּילן די מוזיקאַנטן, זינגער הײבן אָן זינגען און טענצער הײבן אָן טאַנצן. דער מאַן מיטן שטע־קעלע מאַכט אַהין און אַהער, אַרױף און אַראָפּ. מאַכט ער מיטן שטעקעלע — שפּילט מען, זינגט מען, טאַנצט מען. הערט ער אױף — הערט אַלעס אױף און אַלע מענטשן פּאַטשן און שרײַען: בראַוואָ! דער מאַן מיטן שטעקעלע נײגט זיך. פֿרעגט דער פֿויער די באַגלײטער: וואָס פּאַטשן אַלע און וואָס נײגט זיך דער מאַן מיטן רוקן צום קעניג? דערקלערן אים די באַגלײטער, אַז דאָס נײגט ער זיך אַלס דאַנק צו די מענטשן, וואָס גיבן אים אָפּ כּבֿוד דורך דעם, וואָס זײ פּאַטשן. פֿרעגט דער פֿויער בײַ זײַנע באַגלײטער: וויפֿיל פֿאַרדינט דער מאַן, וואָס מאַכט מיטן שטעקעלע? ענטפֿערן די באַגלײטער: אַ סך געלט! גאָר אַ סך געלט!! זאָגט דער פֿויער: או־וואַ! . . . אױך מיר אַ חכמה! מאַכן מיט אַ שטעקעלע און קריגן דערפֿאַר אַ סך געלט, דערצו אַזױפֿיל כּבֿוד. דאָס קען איך דאָך אױך. און טאַקע דאָס וויל איך זײַן . . .

⁂

אַ דירעקטאָר פֿון אַ שול האָט געטראָגן אַ כּעס אױף אײנעם פֿון די לערער און זיך געוואָלט מיט אים אָפּרעכענען. טראַכט דער די־רעקטאָר: די גרעסטע נקמה וואָלט געווען, ווען ער קען פֿאַרשעמען און פֿאַר׳מיאוס׳ן דעם לערער, אין די אױגן פֿון זײַנע שילער. גע־טראַכט און געטראַכט, ביז ער האָט זיך דערטראַכט. אײנמאָל איז דער דירעקטאָר אַרײַן צום לערער אין קלאַס, בשעת יענער האָט

געהאַלטן אין מיטן אַ לעקציע. צוגעגאַנגען צום ברעט און אויפֿ־
געשריבן: **דער דירעקטאָר זאָגט: דער לערער איז אַ פֿערד.**

ווען דער דירעקטאָר איז אַרויס פֿון קלאַס, איז דער לערער צו־
געגאַנגען צום ברעט. ניט אויסגעמעקט קיין איין וואָרט, קיין איין
אות — נאָר בלויז איבערגעביטן די פּונקטואַציע־צייכנס. און דער־
זעלביקער זאַץ האָט זיך איצטער געלייענט אַזוי: **דער דירעקטאָר — זאָגט דער לערער — איז אַ פֿערד.**

***

דער דערפֿאָלג פֿון אַ מוזיק־ווערק איז גאָר אַ סך אָפּהענגיק, ניט
בלויז פֿון מוזיק־מחבר — ווי פֿון דיריגענט, דעם אויסטייטשער. איינס
דיריגענט פֿון אַ כאָר אָדער אָרקעסטער איז גאָר אַ סך געוווּנדט, ווי
אַזוי ער טייטשט אויס אַ קאָמפּאָזיציע. אַחוץ דעם, מאַכט ניט דער
דיריגענט מיטן שטעקעלע, צי מיט די הענט צוליב שיינקייט וועגן.
און ווען ער וואַרפֿט זיך, איז עס זיכער ניט קיין אָנשטעל, ווייל ער
ווייסט אפֿילו ניט, אַז ער טוט עס. אַלע חושים, יעדער נערוו, דער
מאַרך, דאָס האַרץ און די נשמה פֿונם דיריגענט קומען אין באַוועגונג
און פֿליסן ווי אַן עלעקטרישער שטראָם דורך די הענט און שטעקעלע
צו די זינגער אָדער שפּילער, וועמען ער דאַרף צוזאַמענהאַלטן, קאָנ־
צענטרירן און קאָנטראָלירן, ווי איינעם, ווי איינס. ווייל אויב אַ די־
ריגענט טוט עס ניט, איז עס ניט בכוח צו טאָן, נאָר מאַכט בלויז מיט
די הענט — קען יעדער פֿויער זיין אַ דיריגענט. אויב אַ דיריגענט
לאָזט זיינע זינגער, אָדער שפּילער, אויסזינגען אָדער אויסשפּילן די
נאָטן ווי זיי זיינען פֿאַרשריבן — בלייבט דער לערער אַ פֿערד. דער
דיריגענט איז און דאַרף זיין דער מוזיקאַלישער פּסיכיאַטאָר, וועלכער
דאַרף קענען אַריינדרינגען אין די פֿאַרבאָרגנסטע נשמה־צעלן פֿון
דעם קאָמפּאָזיטאָר, פֿון דער קאָמפּאָזיציע. דורכלעבן און דערפֿילן
יעדן טאָן, יעדן נואַנס פֿון דער קאָמפּאָזיציע און זיין בכוח דאָס איבער־
געבן די זינגער אָדער שפּילער, ניט דורך ווערטער, דורך רייד — נאָר
דורך זיין מאַגנעטישער קראַפֿט איבער זיי, דורך זיינע עמאָציעס,
וועלכע שטראָמען פֿון זיינע רמ״ח אברים, דורכן שטעקעלע צו די
זינגער און שפּילער און פֿון זיי אין די העלדזער אָדער אינסטרומענטן
און פֿון די אינסטרומענטן, אָדער העלדזער, צו די הערער, וועלכע
דערפֿילן, לעבן איבער און האָבן דעם גרויסן פֿאַרגעניגן. דער אמת׳ער

דיריגענט, צי ער וואַרפט זיך, צי ניט, בשעת ער דיריגירט אַ קאָמפּאָזיציע, איז אינגאַנצן אויסגעטאָן פון דעם אַרום. ער לעבט אינגאַנצן אין דער וואונדערלעכער וועלט פונם ווערק און האָט לחלוטין ניט אין זינען וואָס הינטער אים טוט זיך. זיין וועלט איז אין פראַנט פון אים — דער כאָר אָדער אָרקעסטער. אויב מ׳וויל אין אמת׳ן זען די גרויסקייט פון אַ דיריגענט, דאַרף מען זיצן אין פראַנט פון אים און ניט הינטער אים.



איז גענוג ווען אַ דיריגענט קען בלויז מוזיק? — ניין! ער דאַרף אויך קענען שפּראַך; באַזיצן אַלגעמיינע בילדונג; קענען דעם לעבנס-שטייגער פון די פעלקער, וועמעס נאַציאָנאַלע מוזיק אים קומט אויס צו שפּילן, דיריגירן; זיין באַהאַוונט אין דעם, וואָס די קאָמפּאָזיציע באַהאַנדלט. קורץ: ער דאַרף זיין אַן אינטעליגענטער מענטש מיט אַ סך וויסן און באַזיצן אַ זעלטענעם זכרון, כדי צו געדענקען אויסנווייניק יעדע קאָמפּאָזיציע, ניט איבערפלעכלעך, נאָר יעדן טאָן פון יעדער פּאַרטיע, אַזוי אַז ער זאָל קענען פריי דענקען וועגן טייטש און פּאַרטייטשן און ניט דאַרפן זיין צוגעבונדן צו דער פּאַרטערטורע, צום בוך, וואָס איז אַ גרויסער שטער.

## כאָרן־דיריגענטן

געווען אַ צייט, גאַרנישט לאַנג צוריק, ווען צווישן די אַרבעטער-כאָרן האָט זיך שטאַרק געטומלט וועגן „פּראָלעטאַרישע מוזיק". טייל האָבן געהאַלטן, אַז אַרבעטער-כאָרן דאַרפן זינגען דורכאויס אַרבעטער-לידער; אַז דאָס געזונגענע ליד דאַרף זיין דער פּראָפּאַגאַנדע-מיטל אויפצוקלערן די אַרבעטער, דערציען די אַרבעטער-זינגער אין אַ ריין-פּראָלעטאַרישן גייסט; דאָס געזונגענע ליד זאָל אָפּשפּיגלען די פריידן און ליידן פון דעם אַרבעטערס לעבן גופא אין שאַפּ, אין דער היים און אין דער געזעלשאַפט. אָבער דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן חלוקי דעות׳ן: וואו הייבט זיך אָן פּראָלעטאַרישקייט און וואו ענדיקט זיך עס? מיט וועלכער מאָס קען מען איבערהויפּט מעסטן פּראָלעטאַרישע מוזיק? מוזיק איז דאָך ניט קיין קאָנקרעטע שפּראַך, וועלכע מ׳קען פאַרשטיין אַזוי ווי ליטעראַטור. האָבן אַנדערע געהאַלטן:

אַבי דער טעקסט איז אַ פּראָלעטאַרישער — מאַכט שוין ניט אויס. — דאַרף מען שוין ניט זאָרגן וועגן דער מוזיק. אַנדערע האָבן ווידער געהאַלטן: אַז כאָרן דאַרפן פריער פון אַלץ זען, אַז די מוזיק זאָל שטיין אויף דער געהעריקער קינסטלערישער הייך, אַז מיר דאַרפן זען צו דערציען די זינגער מוזיקאַליש און די הויפּטזאַך: מוזיק קען ניט און טאָר ניט זיין טענדענציעז. ווייל ווי אַבסטראַקט מוזיק איז אַלס אַ פאַרשטענדלעכע שפּראַך — פּרואווט פונדעסטוועגן דער קאָמפּאָזיטאָר שאַפן שטימונג, אַטמאָספער, כאַראַקטער און אפילו אינהאַלט. אויב ניט בוכשטעבלעך — איז בילדלעך. האָט מען דיס־קוטירט, זיך געהאַמפּערט און די מחלוקה האָט געפלאַקערט.

האָבן די צעהיצטע געמיטער זיך איינגעשטילט, די מחלוקה האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער רעפּערטואַר פון די אַלערליי טיפּן אַרבעטער־כאָרן איז געבליבן דער זעלביקער, וואָס פריער — נאָר אָן מחלוקה. מ'האָט אויפגעהערט מיינען, אַז מ'טאָר ניט זינגען די קאָמפּאָזיציעס, נאָר דווקא יענע. נאָר די זינגען די — און יענע זינגען יענע. אַלץ איז געבליבן ווי געוווען. „אָל קווייעט אָן דהי קאַראל פראָנט" . . .



ווער דאַרף האָבן דעם מוזיקאַלישן קאָנטראָל אין אונדזערע כאָרן? פּשוט'ער: ווער דאַרף האָבן דאָס אַנטשיידנדיקע וואָרט, וועלכע קאָמפּאָזיציעס זיינען צוגעפּאַסט צו זינגען פאַרן כאָר (פאַר דעם באַשטימטן כאָר) און ווער דאַרף אָדער קאָן זיין דער צוגע־פּאַסטער סאָליסט ביי אַ כאָר קאָנצערט? דאָ שטויסן מיר זיך אָן אין גרויסע שוועריקייטן און אָפּטמאָל שטערונגען. אַ מלבוש קאָן איין מענטש פּאַסן אויסגעצייכנט און אַ צווייטן — זאָל עס לחלוטין נישט פּאַסן. מען פּאַסט ניט צו דעם מענטשן צו אַ מלבוש — נאָר דאָס מלבוש צו אַ מענטשן. פאַראַן הויכע און נידריקע, פעטע און דאַרע, בלאָנדע און ברונעטע. זיינען דערפאַר פאַראַן פאַרשיידענע מלבושים צוצופּאַסן די פאַרשיידענע מענטשן.

זיינען פאַראַן גרויסע און קליינע כאָרן, גוט באַלאַנסירטע און שלעכט באַלאַנסירטע כאָרן, כאָרן מיט גוטן שטימען־מאַטעריאַל און פאַרקערט, כאָרן וואָס זיינען מוזיקאַליש רייף און פּייאַיק אויפצונעמען מער קאָמפּליצירטע קאָמפּאָזיציעס און פאַרקערט. דער איינציקער אויטאָריטעט אין אַ כאָר איז נאַטירלעך דער דירעגענט, וועלכער

ווייסט און קאָן באַשטימען צי די און די קאָמפּאָזיציע איז טאַקע צו־געפּאַסט פאַר זיין כאָר. ער ווייסט דעם שטימען־מאַטעריאַל, די אויפ־נאַם־פייאיקייט, דעם רעגיסטער פון יעדער פּאַרטיע, פון יעדן זינגער פונם כאָר, און נאָר ער, דער דיריגענט, ווייסט די קאָנסטרוקציע, דעם כאַראַקטער און די צוגעפּאַסטקייט פון אַ קאָמפּאָזיציע פאַרן כאָר. פּאַסירט אָפט, אַז זינגער, אָדער פאַרוואַלטער, ווילן האָבן אַ דעה ביים אויסקלייבן דעם רעפּערטאַור — איז דאָס ניט קיין עוולה. אָבער נאָר פאַר באַראַטונגס־רעכט. קומט צו מיינונגס־פאַרשיידנקייט — דאַרף דורכאויס דער דיריגענט האָבן די אַנטשיידנדיקע דעה. ווען זינגער פון איין כאָר הערן זינגען אַ ליד אין אַ צווייטן כאָר, וואָס געפעלט זיי, מיינט עס נאָך ניט, אַז די זעלביקע קאָמפּאָזיציע קען מען זינגען אויך אין דעם כאָר. ניט אַלע שטימען, ניט אַלע געהערן, ניט אַלע אַנדערע קוואַליטעטן פון די זינגער פון איין כאָר, זיינען גלייך צו די זינגער פון אַ צווייטן כאָר.



דער ענין סאָליסטן איז אַן אַנגעוויטיקטער אין אַלע כאָרן. יעדע מאַמע מיינט, אַז איר קינד איז דאָס שענסטע און גרעאַטנסטע. יעדער כאָר־זינגער גלויבט, אַז ער אָדער זי קאָן פּונקט אַזוי ווי יענער אָדער יענע זינגען אַ סאָלאָ. איז ווידער אַמאָל דער דיריגענט דער איינצי־קער אויטאָריטעט צו באַשטימען ווער, וואָס עס זאָל זינגען סאָלאָ. צוליב דער סאָלאָ־חולאת אַנטשטייען גאָר אַ סך רוגזין און כאָרן פאַר־לירן צולים דעם זינגער און דיריגענטן, ווי געוויינטלעך, ווערן די שול־דיקע. איז געזונטער, אַז סאָלאָס, אין כאָר־קאָמפּאָזיציעס, זאָלן ניט זינגען קיין כאָר־מיטגלידער, נאָר מ׳דינגט אַ פּראָפעסיאָנעלן זינגער אַלס סאָליסט. איז דאָך ווידער אַ פּאַרדרוס, פאַרוואָס זאָלן טאַקע אמת פייאיקע זינגער פונם כאָר ניט זינגען סאָלאָס? ווען און וואו האָבן זיי אַ מעגלעכקייט אויב ניט אין אייגענעם כאָר? דאַרפן די מיטגלידער פון כאָרן פאַרשטיין, אַז דער דיריגענט איז דער איינצי־קער צו באַשטימען, ווער עס איז פּאַסיק צו זינגען סאָלאָ. מ׳קען דעם דיריגענט בשום אופן ניט חושד זיין אין „פייוואָריטיזם״, ווייל יעדער דיריגענט איז פריער פון אַלץ פאַראינטערעסירט אין דערפאָלג פון געזאַנג, פון קאָנצערט, און מוז צוליב דעם אויסקלייבן דעם זינגער,

וואָס איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט צו זינגען אַ געוויסע סאָלאָ. זינגער מוזן דאָס באַנעמען. אַנדערש מוז מען דינגען פּרעמדע זינגער.

⁂

פּאַראַן נאָך אַ סאָרט סאָליסטן: ביים יאָרלעכן קאָנצערט פון אַ כאָר, דאַרף מען אין די מערסטע פאַלן האָבן אַ „קראַפט", וואָס זאָל איבערבייטן די שטימונג פון בלויז כאָר-געזאַנג. אַ קאָנצערט-סאָליסט אויף אַן אינסטרומענט. די טוער פון כאָר ווילן אָפטמאָל, אַז די „קראַפט" זאָל זיין אַ „דראָאינג-קאַרד". דער דיריגענט, ווידער, איז פאַראינ-טערעסירט, אַז דער סאָליסט זאָל זיין אַ ראַפינירטער קינסטלער; זיין רעפּערטואַר זאָל באַשטיין פון ריין-קינסטלערישע קאָמפּאָזיציעס און זאָל זיך אַריינפּאַסן אין פּראָגראַם. דער סאָליסט קאָן זיין אַן אַרטיסט מיט אַ נאָמען, וועלכער זאָל זיין, ווי מען זאָגט, „פאַר גאָט און פאַר לייט". איז אויב די טוער, אין אַזאַ פאַל, זיינען איינגעשפּאַרט און באַשטייען אויף אַ קראַפט, וואָס וועט אַריינטראָגן דיסהאַרמאָניע אין דעם פּראָגראַם — איז דאָס זיכער אַן עוולה. זאָל עס אַזוי ניט טרעפן ווי עס טרעפט. קומט צו ניט-אַנגענעמלעכקייטן צווישן דעם דיריגענט און דעם כאָר, און דאָס איז גאָרנישט געזונט פאַר אַ כאָר. ווייל אויך אין אַזאַ פאַל דאַרף דער דיריגענט זיין דער, וועלכער זאָל האָבן דאָס אַנטשיידנדיקע וואָרט. דער דיריגענט איז דער מוזיק-דירעקטאָר, דער מוזיק-אויטאָריטעט, אויף וועמען מען זאָל זיך פאַרלאָזן בנוגע אַלץ, וואָס איז שייך מוזיק. פּונקט ווי דער גענעראַל פון אַן אַרמיי איז דער אויטאָריטעט איבער מיליטער-ענינים — אַזוי דאַרף דער דיריגענט זיין דער אויטאָריטעט איבער מוזיק-ענינים.

## געזאַנג פאַר קינדער

געזאַנג איז די שפּראַך פון דער נשמה; געזאַנג איז דער אויס-דרוק פון שטימונגען און אימאָציעס; געזאַנג פאַרבינדט מענטש מיט מענטש און פאַרברידערט; געזאַנג קען זיין אַ סטימול, אַן אָנרעג צו מעשים און — געזאַנג איז פריער פאַר אַלץ אַ צייט-פאַרטרייב, אַ פאַר-געניגן, סיי פאַרן זינגער און סיי פאַרן הערער.

איז עס דאָך אַ באַשטעטיקטער און אָנגענומענער פאַקט, אַז מענטשן האָבן געזונגען נאָך איידער זיי האָבן גערעדט; געזאַנג איז

אַלעמאָל געווען, איז היינט און וועט אַלעמאָל זיין אַ וויכטיקער און ווירקנדיקער פאַקטאָר, סיי אויפן קינסטלערישן, סיי אויפן דערציִע־רישן און סיי אויפן אַלגעמיין־קולטורעלן געביט. געזאַנג האָט אַלע־מאָל, אין אַלע צייטן געדינט ווי אַ דאָמינירנדיקער אויפקלערונגס־מיטל. דערפאַר האָבן אַלע געבעט־הייזער, ביי אַלע פעלקער אַלעמאָל, אויפגעהאַלטן משוררים־כאָרן, וועלכע האָבן דורך זייער געזאַנג צו־געצויגן מתפללים און דורך די שיין־געזונגענע תפילות אַריינגעפירט דעם עולם אין מיסטיש־רעליגיעזע שטימונגען, וועלכע די דרשנים, פּרעדיקער האָבן אויסגענוצט פאַר זייערע רעליגיעזע צוועקן. אַזוי איז געווען און אַזוי איז עס נאָך היינט אין אַ גרויסער מאָס. ווייל געזאַנג, ווי געזאָגט, איז קודם כל אַ פאַרוויילונג, אַ מיטל אַריינצו־טראָגן פרייד, דערהויבנקייט, יום־טוב און, אויב איר ווילט, פּריינט־שאַפט אין אַ קאָלעקטיוו.

קען מען טאַקע הערן, ווען און וואו עס קומען זיך נאָר צוזאַמען מענטשן פאַרברענגען — זינגט מען לידער. זינגט מען בציבור — איז פריילעכער, פילט מען זיך אייגענער, נענטער, ווי איין משפחה. וואָס זינגט מען? לידער, וואָס אַלע אָדער די מערסטע קענען. וועלכע לידער קענען זיי? — אָט־אָ דאָ קומען מיר צום שווער־פּונקט. מ׳קען די לידער, וואָס מ׳הערט אין שול, אין טעאַטער, אויף דער ראַדיאָ און קינאָ, אָדער די לידער, וואָס קינדער ברענגען אַהיים פון שול.

וועלן מיר וועגן די קינאָ, ראַדיאָ און טעאַטער־לידער ניט רעדן, ווייל אויף זיי האָבן מיר קיין קאָנטראָל, קיין דעה ניט. אָבער ווייַ־ניקסטנס די שול־לידער פאַר אונדזער יונגוואַרג, דאַרפן מיר, מוזן מיר קאָנטראָלירן. כאָטש עס קאָן אַ סך געטאָן ווערן בנוגע דעם רעפּערטואַר לידער פאַר דערוואַקסענע.

אין די מלוכה־שולן ביי אַלע פעלקער, פאַרנעמט געזאַנג אַ וויכ־טיקע פּאָזיציע אין זייער שול־פּראָגראַם. ווייל די פירער פון די מלוכה־שולן ווייסן הפנים ווי אויסצונוצן דעם לימוד געזאַנג. מ׳זינגט באַשטימטע לידער, פון אַ באַשטימטן כאַראַקטער, מיט אַ באַשטימטן אינהאַלט, פאַר באַשטימטע צילן. די לידער דאַרפן העלפן איינפלאַנצן אין די קינדער באַשטימטע באַגריפן.

אין די „פּאָבליק סקולס״ (מלוכה־שולן), פאָלקס־שולן) פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אָפיציעל פאַרבאָטן צו לערנען רעליגיע און מיליטאַריזם. די צוויי געגנשטאַנדן, אויף וועלכע עס האַלט זיך די

אָרדענונג, וויסנדיק וואָס פאַר אַן איינפלוס געזאַנג האָט אויף קינדער, געפינט מען אַ מיטל: אַזוי ווי לידער איז ניט פאַרבאָטן און ניט אָנגעוויזן וועלכע מ׳מעג און וועלכע מ׳טאָר נישט — באַשטייען טאַקע דאָס רוב געזונגענע לידער, אין די מלוכה־שולן, פון אַזאַ סאָרט, וועלכע פאַרהערלעכן רעליגיע, גלאָריפיצירן די העלדן, וועלכע האָבן זייערע לעבנס מקריב געווען אויפן שלאַכטפעלד „פאַר מיין לאַנד און מיין פאָן". זינגט מען הימנעס, וועלכע וועקן און רייצן דעם פאַטריאָטישן געפיל פאַר „מיין נאַציע".

זינגענדיק אַזעלכע לידער, טאָג איין און טאָג אויס, יאָר איין און יאָר אויס, ווערן די קינדער אָנגעשטעקט מיט די אידייען און אידעאַלן און זיינען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיי.

ווייל די רעגירער ווייסן אויסגעצייכנט, אַז געזאַנג איז אייגנטלעך אַ צוקער־לעקעכל פאַר די קינדער, אין וועלכן מ׳קען אַריינקנעטן באַ־גריפן און פּרינציפּן, אויב איר ווילט, וועלכע דעם קינד וואָלט שווער געווען צו צעקייען און פאַרדייען, ווען מ׳זאָל עס אים דערלאַנגען אָן דעם צוקער־לעקעכל. געזאַנג איז דאָך אויבן־אויף נישט מער ווי אַ צייט־פאַרטרייב, אַ פאַרגעניגן, וואו מ׳קען אָבער אַריינשמוגלען אַלץ, וואָס עס לוינט זיך, צו פאַרשטאַרקן און פאַרפעסטיקן די עקזיסטירנדיקע אָרדנונג.

עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס לעצטנס האָבן זיך אָרגאַניזירט איבער גאַנץ אַמעריקע טויזנטער יוגנטלעכע געזאַנג־פאַראיינען אין די מיטל־ און הויך־שולן, געשטיצט און געפירט פון די, וועלכע האָבן זייערע אויסרעכענונגען דערביי. דער צוועק פון געזאַנג־פאַראיינען (גלי־קלאָבס) איז כלומר׳שט: פאַרשפּרייטן מוזיק צווישן דער יוגנט, אַנטוויקלען דעם מוזיקאַלישן געהער און קינסטלערישן געשמאַק. קוקט מען דורך די טעקסט־ביכער פאַר געזאַנג, געפינט מען דוקא צווישן די אומשולדיק, „גאַרנישט זאָגנדיקע" לידער, אַ גרויסע צאָל רעליגיעזע און פאַטריאָטישע לידער, וועלכע ווערן דוקא און הויפּט־זעכלעך געזונגען, די און נישט קיין סתם פאַרעווע לידער. פאַרוואָס? — ווייל דוקא אין די לידער דערציילט זיך, ווי רייך און אָרים, גוטס און שלעכטס, ווערן פון גאָט באַשטימט. און ווי יעדער דאַרף גרייט זיין זיך ברענגען פאַר אַ קרבן, פאַרן פאָטערלאַנד . . . אַ מיטל פאַרן ציל.

אָט ליגט פאַר מיר איינער אַזאַ געזאַנג־בוך, „האַי סקול סאָנגס",

אַרויסגעגעבן פֿאַר דער יוגנט פֿון די אַמעריקאַנער מיטל־שולן. דאָס בוך איז סאַנקציאָנירט און אַנערקענט פֿון דעם בילדונגס דעפּאַרט־מענט ביי דער רעגירונג. אין דעם בוך זיינען פֿאַראַן 126 לידער, צווישן זיי, 33 רעליגיעזע און קידוש השם לידער און 17 פּאַטריאָטישע לידער (און „צופּעליק" ווערן דוקא די 50 לידער געזונגען).

און די צונויפֿשטעלער באַהאַלטן נישט זייערע כוונות. זיי זאָגן אָפֿן אינם פֿאָרוואָרט:

„. . . נישטאָ קיין גרעסערער איינפֿלוס אויף אונדזער יוגנט, ווי געזאַנג."

„. . . מיר האָבן אויסגעקליבן די רעליגיעזע לידער, כדי צוצו־בינדן אונדזער יוגנט צו גאָט און ברענגען זיי אין דער קירך."

„. . . מיר האָבן אַ גרופּע פּאַטריאָטישע לידער, וועלכע זיינען שוין געוואָרן אונדזער נאַציאָנאַלער ריטואַל."

און אַלם צוקער־לעקעכל, ווי אַ הכשר פֿאַר דער מוזיקאַליש־קינסטלערישער זייט, וואָס דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דער „אָפֿיציעלער צוועק" — גיט מען אָן אין נדן: אַז די מחברים פֿון די מערסטע קאָמפּאָזיציעס זיינען די מייסטער באַך, הענדעל, מענדעלסאָן און אַנ־דערע, וועלכע האָבן, אגב, געטאָן פֿאַר דער קירכע און רעליגיע בכלל, מער ווי אַלע גלחים צוזאַמענגענומען. יאָ, יאָ. די פֿירער פֿון די מלוכה־שולן פֿאַרשטייען אויסגעצייכנט ווי אויסצונוצן געזאַנג אין די שולן פֿאַר זייערע אינטערעסן.

ווי האַלט עס ביי אונדז?

אין כמעט אַלע גרעסערע און קלענערע שטעט איבער אַמעריקע, וואו עס זיינען פֿאַראַן יידישע קיבוצים, געפֿינען זיך שוין יידיש־וועלטלעכע שולן; די בעסטע אינטעלעקטועלע כוחות שטיצן און נערן אונדזער שול־וועזן; הונדערטער לערער און טויזנטער טוער אַרבעטן אומדערמידלעך איינצוהאַלטן און פֿאַרפֿעסטיקן די דערצי־בערטע פּאָזיציעס; כדי צו דערציען אונדזערע קינדער אין אַ יידיש־וועלטלעכן גייסט. האָבן מיר אויסגעאַרבעטע פּראָגראַמען פֿאַר די נויטיקע לימודים; פֿון יאָר צו יאָר ווערן געמאַכט אויסבעסערונגען אין די טעקסט־ביכער, געבויט אויף פֿריער שוין אויסגעפּרואווטע עקספּערימענטן. פֿאַרמאָגן מיר שוין אַ באַדייטנדיקע צאָל ברעסטאַ־מאַטיעס פֿאַר שפּראַך, ליטעראַטור, געשיכטע און אַנדערע נויטיקע געגנשטאַנדן; דאָ און דאָרט גייען אַרויס חודש'לעכע און פּעריאָדישע

זשורנאַלן פאַר קינדער, לערער און עלטערן און — מאָדנע: אין ערגעץ באַמערקט זיך ניט, אַז דער לימוד געזאַנג זאָל פאַרנעמען וועלכן עס איז אָרט. אויסער וואָס פון צייט צו צייט דרוקט זיך ערגעץ אַ קינדער-לידל מיט נאָטן און דאָס אויך צופעליק. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז געזאַנג זאָל באַטראַכט ווערן אויך ביי אונדז ווי אַ לימוד, טאַקע ווי אַ נויטיקער, אַ נוצלעכער לימוד. וועגן געזאַנג איז דערווייל ביי אונדז, לא יזכר ולא יפקד.

האָבן דאָך אַלע פירער פון אַלע טיפּן שולן געזאָרגט דערפאַר, אַז די טעקסטביכער, וועלכע ווערן באַנוצט ביי אונדז אין די קלאַסן, זאָלן אַנטהאַלטן אַזאַ לייען-מאַטעריאַל, וואָס זאָל זיין אין הסכם מיט דער שול-פּראָגראַם, וואָס זאָל די קינדער דערנענטערן און פאַרבינדן מיט אונדזערע אידייען, אידעאַלן. איז אָבער דער אמת, אַז די ווערטער פון די מעשׂות, לידער און דערציילונגען, וועלכע ווערן געלייענט אין די קלאַסן, פונקט ווי די רייד פונם לערער — צעקרישלען זיך, פאַלן פונאַנדער, נאָכדעם ווי די קינדער פאַרלאָזן דעם קלאַס און ס׳בלייבט בלויז אַן אָנדייט, אַ שאָטן פון דעם געלייענטן אָדער גערעדטן. דערפאַר איז דער פּראָצעס אַזאַ לאַנגער און די רעזולטאַטן אַזעלכע שוואַכע. (מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן די קינדער בלויז דריי-פיר שעה אַ וואָך.)

געזאַנג, אָבער, איז דער צעמענט, וואָס האַלט צוזאַמען די באַזונדערע ווערטער פון אַ ליד. און זינגענדיק דאָס ליד, קריצן זיך איין און בלייבן אין דעם קינדס זכרון די ווערטער און במילא דערמיט דער אינהאַלט. געלייענטע זאַכן און רעדעס פאַרגעסן זיך שנעל און לידער געזונגענע — געדענקט מען. געדענקען מיר דאָך היינט די לידער, וואָס מ׳האָט אונדז ביים וויגל געזונגען. די ניגונים פון חדר און ישיבה, נוסחאות פון דאַוונען. און אויב מיר געדענקען וואָס מיר האָבן אין חדר און ישיבה געלערנט, איז עס אַ סך צו פאַרדאַנקען, וואָס מיר האָבן אַלץ געלערנט מיט אַ ניגון. קלינגען דאָך נאָך אונדז אין די אויערן די זיסע מעלאָדיעס פון שיר השירים, אכה, אקדמות, אַלע פּיוטים, מעביר סדרה, הפטורה און וואָס ניט? איך בין זיכער, אַז אונדזערע רבי׳ס האָבן פאַרשטאַנען דעם ווערט פונם ניגון, ווייל זיי האָבן אויף דעם אַ סך געוויכט געלייגט.

זאָל דאָ פעסטגעשטעלט ווערן: אַז ס׳איז נאָך ניט געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו אפילו, אַז געזאַנג זאָל ביי אונדז איינגעפירט ווערן

ווי אַ גלײַכבאַרעכטיקטער לימוד; אַז געזאַנג איז לעת עתה אַ מין לוקסוס-אַרטיקל, וואָס נישט יעדע שול קען זיך דערלויבן צו האָבן; אַז געזאַנג, ווי אַ נויטיקער ווירקנדיקער און פּראַקטישער געגנשטאַנד, איז נאָך אין ערגעץ נישט איינגעפירט געוואָרן; אַז אין בעסטן פאַל, זינגט מען בלויז דאָן, ווען מ'דאַרף זיך גרייטן צו אַ קאָנצערט, כדי צו שאַפן מיטלען פאַר דער שול און מ'זינגט בלויז דאָרט, וואו עס קומט אָן זייער גרינג.

ווען מ'איז צוגעטראָטן צו עפענען יידיש-וועלטלעכע שולן, איז די שווערסטע פּראָבלעם געווען — לערער. וואו נעמט מען לערער? האָט מען געטאָן אַלץ, כדי צו קריגן אַ פּאַסיקן לערער. אויסגעזוכטע, פאַראינטערעסירטע און צוגעצויגן אינטעליגענטע, אידעאַלע יונגע לייט; געעפנט קורסן, סעמינאַרן און — מיר פאַרמאָגן היינט לערער. אונדזערע לערער, קאָמפּעטענטע פּעדאַגאָגן און פאַראַנטוואָרטלעכע דערציער. האָבן מיר עפּעס געטאָן בנוגע געזאַנג-לערער? — גאָר-נישט. אויסער אין אַ דריי, פיר גרעסערע שטעט, וואו עס געפינען זיך צופעליק יידישע מוזיקער, וועלכע האָבן אַ באַציאונג צום יידישן וואָרט און ווען די שול-אַרבעט איז געוואָרן ליב און טייער, האָבן אָט-אָ די יידישע מוזיקער אין די עטלעכע שטעט זיך געווידמעט דער באמת נויטיקער אַרבעט און מיט דער צייט געוואָרן „ספּעצן" אויפן געביט פון געזאַנג פאַר אונדזערע קינדער. איז אפילו אין די עטלעכע שטעט, שטייט נישט דאָס געאַזנג אויף דער געהעריקער הייך. קינסט-לעריש? — אפשר! פּראַקטיש? — נאָך נישט! ווייל מ'זינגט אפילו דאָרט, בלויז געוויסע חדשים אין יאָר, און דאָס אויך הויפּטזעכלעך צוליב אַ קאָנצערט.

האָבן די צענטערס פון יעדן שול טיפּ געפּרואווט עפּעס טאָן, כדי צוצוגרייטן פּאַסיקע געזאַנג-לערער? — ניין! אפילו אין די עטלעכע גרעסערע שטעט, וואו עס זיינען שוין יאָ פאַראַן „ספּעצן" געזאַנג-לערער, אפילו דאָרט דאַרף זיין אַנדערש.

פּונקט ווי מ'האָט געפונען אינטעליגענטע יונגע לייט און טייל פון זיי צוגעגרייט צו ווערן גוטע לערער, פּונקט אַזוי געפינען זיך, ספּעציעל אין די גרעסערע שטעט, און אפילו אין די מערסטע קלע-נערע שטעט, יונגע יידישע מוזיקער, וועלכע מ'וואָלט געקענט צו-גרייטן צו זינגען מיט אונדזערע קינדער.

קודם כל, אָפּדרוקן אַ ביכל לידער, אויסגעקליבענע, צוגעפּאַסטע

פאַר דער באַטרעפנדיקער שול־אָרגאַניזאַציע. דאָס וואָלט איינגע־שטעלט אַביסל אָרדענונג, באַשטימט אַן איינהייטלעכע פּראָגראַם, אָפּגעשאַפט דעם כאַאָס, די צעשוואומענקייט, געשאַפן קאָנטאַקט, קאָנטראָל.

וואָלט דערפאַר אַזאַ ביכל לידער געווען אַ גוטער אָנהייב. איי וואו נעמט מען די פּאַסיקע לידער? — זיי זיינען פאַראַן. מ׳דאַרף זיי בלויז צוזאַמענקלייבן, סאָרטירן און אָפּדרוקן אין אַ באַזונדער ביכל, מיט די נויטיקע אָנווייזונגען, וועלכע לידער פאַר וועלכע קינ־דער, אין וועלכן עלטער א. אַז. וו. די אַרבעט דאַרף געטאָן ווערן פון אַ קאָמיסיע, אויסגעפּרואווטע, דערפאַרענע געזאַנג־לערער, פון אונ־דזערע שולן צוזאַמען מיט עטלעכע פּעדאַגאָגן, דערציער און שול־טוער.

זיינען ביז איצט, פונדעסטוועגן, אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ באַ־דייטנדיקע צאָל קינדער־לידער מיט נאָטן. מערסטנס דורך דער איני־ציאַטיוו פון יחידים — אָבער אָן אַ סיסטעם, אָן אַ סדר, נאָר צופעליק. קאָן מען אָבער, פון די אַלע צופעליקע אויסגאַבעס, אַרויסשיילן די פּאַסיקע לידער פאַר יעדן שול טיפּ. וועלן מיר דאָ אָנווייזן אויף זיי:

1. אין די פאַרשיידענע יאָרגענג „קינדערלאַנד״, „קינדער זשור־נאַל״, „ביימעלעך״ און „חבר״.

2. „געזאַנג און שפּיל״ — 50 אָריגינעלע קינדער־לידער מיט נאָטן פון י. גלאַטשטיין. (פאַרלאַג „האור״ — וואַרשע.)

3. „צען קינדער־לידער״, מיט פּיאַנאָ באַגלייטונג פון הערש וואָלאָוויץ (ניו יאָרק).

4. „67 לידער מיט נאָטן״ — צוזאַמענגעשטעלט פון באַסטאָמ־סקי און סלעפּ — ווילנע.

5. „געזאַנגען״ פון ה. לעפקאָוויטש. פאַרלאַג „מעטראָ״, ניו יאָרק.

6. „לאָמיר קינדער זינגען״ — 32 לידער, פאַר סאָלאָ, קלאַס־געזאַנג און כאָר — פאַרלאַג אַרבעטער רינג, ניו יאָרק. (אַ פּרואוו פון אַ געזאַנג כרעסטאָמאַטיע), פון מיכל געלבאַרט.

7. „זינגען קינדער״, פון מיכל געלבאַרט. ערשטע געזאַנג כרעס־טאָמאַטיע. פאַרלאַג „מעטראָ״ ניו יאָרק. (40 לידער, ספּעציעל פאַר די יידיש־וועלטלעכע שולן.

8. 40 לידער פון י. ענגל, מאָסקווע.

9. 99 קינדער־לידער, פון בולקין און עפּראַן (ווילנע).

10. 108 לידער פון פּסח קאַפּלאַן (ביאַליסטאָק).

11. לידער, זאַמלבוך פון קיסלגאָף, פאַרלאַג יובל, בערלין.

12. אויך אין די פאָלקס־לידער זאַמלונגען פון י. ל. כהן און מ. קיפּנים.

13. אַ צאָל זאַמלונגען, אַרויסגעגעבן אין סאָוועטן פאַרבאַנד, ווי: „אַרבעט" — באַיאַרסקי; „נייע לידער" — י. באַקסט און מ. גניעסין; „לידער פאַר קינדער" — מ. פּאַלאַנסקי; „זאַמלבוך פון קינדער־לידער" — א. הירשין; „קלאַפּן העמערלעך" — באַיאַרסקי און אַנדערע.

14. פיר קינדער־אָפּערעטעס, פון מיכל געלבאַרט — פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך", ווילנע. א. אַנ.

פון די אויבן־אָנגעוויזענע זאַמלונגען קען מען זיכער אַרויסנעמען און צוזאַמענשטעלן אַ זאַמלונג פאַר יעדן שול טיפּ, ווען דער ווילן זאָל זיין דערביי און מ'זאָל אָנהייבן פאַרשטיין די וויכטיקייט פון געזאַנג אַלס אַ לימוד.

געזאַנג דאַרף זיך איינבירגערן אין אונדזערע שולן ווי אַ נוי־טיקער געגנשטאַנד און ס'זאָל אויפהערן זיין בלויז אַ גרייטן זיך צו אַ קאָנצערט. מ'דאַרף איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָנהייבן פאַרשטיין, אַז געזאַנג איז אַווירקנדיקער פאַקטאָר אויפן געביט פון דערציאונג; אַז דורך געזאַנג קען מען אַ סך דערפאָלגרייכער באַקענען אונדזערע קינדער מיט אונדזערע דיכטער און זייערע שאַפונגען. ווייל געזאַנג, ווי געזאָגט, איז דער צעמענט, וואָס האַלט צוזאַמען די ווערטער, און במילא דערמיט דעם אינהאַלט, וואָס בלייבט ביים קינד אין זכרון, אין מוח.

ביי די אומות העולם, אין די מלוכה־שולן, שאַצט מען געהעריק אָפּ דעם ענין געזאַנג און ברענגט זיי די געווינטשטע רעזולטאַטן, דאַרף מען זען, אַז אויך ביי אונדז זאָל געזאַנג פאַרנעמען די געהעריקע פּאָזיציע, מ'זאָל זינגען מיט אַ טאָלק, מיט אַ סיסטעם, פּראָגראַמאַטיש, ווי אַ לימוד, כדי מיר זאָלן פון געזאַנג קענען קריגן די געווינטשטע רעזולטאַטן, ווי ביי לייטן.

# מחברים פון פאָלקס־לידער

זוכט מען, נישטערט מען צווישן די פאָלקס־מאַסן; פאַרצייכנט מען, זאַמלט מען צונויף די פון מויל צו מויל וואַנדערנדיקע פאָלקס־לידער; איז מען דערנאָך חוקר ודורש, זיפּט מען, זייעט מען אַדורך די ווערטער, די דיאַלעקטן און די סטילן — כדי אויף זיכער פעסט־צושטעלן, צי איז עס נאָר אַן אמת פאָלקס־ליד, אָן אַ פּגימה פון אַ דיכטערס פען. און מ׳ציטערט, טאָמער האָט, רחמנא לצלן, דאָס ליד געשאַפן אַ דיכטער וועמעס נאָמען איז אונדז חלילה באַקאַנט.

יאָ, יאָ, אַ סך פון אונדזערע שריפטשטעלער האָבן זיך אינגאַנצן געווידמעט דער דאָזיקער אַרבעט פון צונויפזאַמלען די אָן אַ שיעור פאָלקס־שאַפונגען און אפילו פאַרנאַכלעסיקט זייער אייגענעם טאַלאַנט, כדי פעסטצושטעלן צי זיינען זיי, די לידער, נאָר מהדרין מן המהדרין על פי נוסח ה׳פאָלק.

איז עס אפשר קיין עוולה נישט. דאָס זאַמלען אַן און פאַר זיך. מ׳וויל דאָך דורך די פאָלקס־לידער דערגיין ווי אַזוי דאָס פאָלק האָט אין יענער באַשטימטער צייט געלעבט און געווירקט. דאָס פאָלקס־ליד שפּיגלט דאָך אָפּ, אַזוי היסטאָריש געטריי, די פריידן און ליידן פונם פאָלק; דער פאָלקלאָר איז דאָך באמת דער יסוד, אויף וועלכן אַ פאָלק בויט זיין קולטור; האָבן דאָך די בעסטע קינסטלער, ביי אַלע פעלקער — סיי אין דער ליטעראַטור און סיי אין דער מוזיק — געשאַפן זייערע קונסטווערק אויפן לייוונט פון פאָלקלאָר. אוודאי זיינען פאָלקס־לידער, פאָלקס־מעשות, פאָלקס־ווערטלעך און אַנעק־דאָטן, וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר אַ נאַציאָנאַלער קונסט, אַ נאַציאָ־נאַלער קולטור און זיינען פונקט אַזוי נויטיק פאַרן קינסטלער, ווי וואַסער און זון פאַר דער פלאַנץ.

אָבער וואָס מיר זיינען אויסן אָנצואווייזן איז: אַז אַ פאָלקס־ליד ווערט לכתחילה געשאַפן פון אַ יחיד, פון איין מענטשן און דאַן גייט דאָס ליד איבער פון מויל צו מויל, פון שטאָט צו שטאָט און אפילו פון לאַנד צו לאַנד. דער און יענער, דאָ און דאָרט, בייט אַ וואָרט, ענדערט אַ פראַזע, דעם נאָמען, פּאַסט עס צו צו לאָקאַלע אומ־שטענדן.

ווערט עס אַ פֿאָלקס־שאַפֿונג און דער ערשטער, אָריגינעלער מחבר ווערט פֿאַרלוירן פֿאַר אונדז.

אויב דאָס איז דער פֿאַל (און דאָס איז), אַז אַ פֿאָלקס־ליד איז פֿונם ערשטן מקור די שאַפֿונג פֿון אַ יחיד, פֿון איין מענטש, וועלכער האָט אגב נישט געשאַפֿן לשם קונסט, נאָר ווייל די געשעעניש האָט אים אָנגערירט. אויב דאָס איז דער פֿאַל? — טאָ פֿאַרוואָס איז מען אַזוי חוקר ודורש און מ'פּסל'ט, מ'פֿאַרוואַרפֿט אַ ליד, אַזוי שנעל ווי מ'דערוויסט זיך, אַז דאָס ליד האָט אַ מחבר, וועמעס נאָמען איז אונדז באַקאַנט? מעג דאָס ליד פֿאַרמאָגן אַלע קוואַליפֿיקאַציעס פֿון אַ פֿאָלקס־ליד — פֿאַרוואַרפֿט מען עס, אַזוי גיך ווי מ'ווייסט, אַז דאָס האָט געשאַפֿן דער און דער. מ'לאָזט די לידער פּשוט פֿאַרלוירן גיין און די דיכטער פֿאַרגעסן ווערן.

טשיקאַווע: וואָלט שלום עליכם, דורך אַ גליקלעכן צופֿאַל, נישט אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז, אַז די אַזוי פּאָפּולערע פֿאָלקס־לידער: „אויפֿן פּריפּעטשאָק", „די מוזינקע אויסגעגעבן" און אַנדערע, געהערן צו אַ קיעווער יונגן אַדוואָקאַט מ. מ. וואַרשאַווסקי — וואָלטן די לידער פֿאַרבליבן אַלס אַנגענומענע פֿאָלקס־לידער און די נישט פּאָפּולערע לידער זיינע וואָלטן פֿאַרלוירן געגאַנגען און צוזאַמען מיט זיי אַ טאַלאַנטפֿולער דיכטער, מ. מ. וואַרשאַווסקי.

⁂

מיינען מיר: פּונקט ווי עס איז וויכטיק אויסצופֿאָרשן די פֿאָלקס־לידער, וועלכע האָבן נישט קיין באַשטימטע מחברים, זאָל מען אויך זיך געבן די מי און אויסגעפֿינען, ווער די אָריגינעלע מחברים זיינען געווען, זיי אָפּגעבן וואָס זיי קומט, באַשטימען זייער אָרט אין דער ליטעראַטור און זאָלן זייערע לידער פֿאַרבלייבן אינם רעפּערטואַר פֿון פֿאָלקס מויל, אָבער מיטן וויסן ווער די מחברים זיינען.

אַ פֿאַקט: אַ באַקאַנטע פֿאָלקס־זינגערין, וועלכע קען הונדערטער פֿאָלקס־לידער און פֿאָלקס־מעשׂות; קומט צו איר אין הויז אַ באַקאַנטער פֿאָלקלאָריסט; זעצט זיך אַוועק מיט פֿען און פּאַפּיר, הייסט איר זינגען און דערציילן. זינגט זי און דערציילט, הערט ער און פֿאַרשרייבט. אָבער ער בראַקירט אַ גאַנצע רייע לידער, ווייל ער ווייסט, אַז זיי האָבן טאַטעס. כאָטש די בראַקירטע לידער זיינען זייער פֿאָלקסטימלעך, ניט ערגער ווי די, וואָס ער האָט פֿאַרצייכנט.

פאַל איך אויף אַן המצאה: איך זעץ זיך אַוועק, נעם צוזאַמען אַלע מיינע פֿייאיקייטן און שרייב אַן אַ ליד (כאָטש איך שרייב נישט קיין לידער), און אויף מאָרגן רוף איך דעם פאָלקס-זאַמלער און זאָג אים: איך האָב פאַר אייך אַן אַנטיקל, אַ פאָלקס-ליד. ווערט ער באַגייסטערט און איך זינג אים פאַר דאָס ליד:

הערט אויס איר מענטשן, וואָס מלחמה באַטייט,
יסורים און הונגער און טויט;
דער מענטש קריגט אַ ווערט ווי אַ שפּענדל אויף דער גאַס,
ער איז ביליקער ווי פון ביקס די שרויט.

אונדזערע זין דרייסט מען אַוועק און מ׳שיקט זיי צום טויט,
עס איז דאָך אונדז ווינד און ווי;
אונדזערע טעכטער ווערן געשענדט אין מיטן דער גאַס,
עס העלפט ניט קיין געוויין, קיין געשריי.

א. אז. וו.

אויסגעהערט דאָס ליד ווערט ער גאָר באַגייסטערט: דאָס איז דאָך אַ פּראַכטפול פאָלקס-ליד, אַ בילד פון דער לעצטער וועלט-מלחמה. וואָלט ער געוואוסט, אַז דאָס האָב איך געשאַפן, וואָלט ער נישט געשאָנקען דערצו די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט. אָבער אַזוי האָט ער עס געבעטן און איך האָב אים דאָס ניט געגעבן, מיט אַ צוגעטראַכטן תירוץ. ווייל אין אמת׳ן האָב איך ניט געוואָלט נאַרן אַן ערלעכן פאַנאַטיקער.

עס איז זיכער, אַז אַ סך גאָר באַדייטנדיקע דיכטער-טאַלאַנטן זיינען פאַרלוירן געגאַנגען, ווייל מ׳האָט זיך אויף זיי נישט אומגע-קוקט, שוין אָפּגערעדט פון פּרואוון זיי אַרויסברענגען, דערמוטיקן. אַזעלכע פאָלקס-לידער ווי: „טאָמער גייט עס דיר אין נדן", „גיי איך מיר שפּאַצירן" געהערן זיכער צו טאַלאַנטירטע דיכטער, צו יחידים. נאָר מ׳האָט זיך נישט געגעבן די מי אויסצוגעפינען ווער זיי זיינען.

דער אמת׳ער קינסטלער שאַפט דאָך נישט כדי זיך צו באַווייזן, נאָר ווייל ער איז באַרופן דערצו, ווייל געשעענישן און פּראָבלעמען אינספּירירן אים צו שאַפן און נישט כדי צו ווייזן פאַר דער וועלט, אַז מ׳קען שרייבן — און דוקא די דיכטער ווערן פאַרלוירן פאַר אונדז.



האָבן מיר שוין פריער אָנגעוויזן אויף דעם טעות, וואָס אונדזערע

פאָלקלאָריסטן האָבן געמאַכט בנוגע פאַרשוויַיגן אָדער, בעסער גע־זאָגט, ניט אויספאָרשן, ווער די אָריגינעלע דיכטער זײַנען געווען פון די אַלע פאָלקס־לידער. ווילן מיר זיך איצט אָפּשטעלן אויף אַ פּאָר־דריסלעכן און פונדאַמענטאַלן טעות, וואָס די אַלע פאָרשער, גריבלער און זוכער מאַכן נאָך איצט מיט דעם, וואָס זיי שטעלן זיך הויפּט־זעכלעך אָפּ אויף די ווערטער פון די פאָלקס־לידער און פרואוון אונדז זעלטן דערקלערן דעם ווערט פונם מאָטיוו, דעם ניגון.

ווייל אייגנטלעך שפּילט דאָך דער מאָטיוו, די מעלאָדיע פונם פאָלקסליד די הויפּט־ראָלע. ווייל אויב אַ ליד איז געוואָרן פּאָפּולער, איז עס דאָך נאָר אַ דאַנק דער מעלאָדיע. איז די מעלאָדיע געווען לייכט, איבערנעמבאַר — איז דאָס ליד געזונגען און פאַרשפּרייט געוואָרן. פאַר אונדז וואָלט געווען כדאי צו וויסן: האָבן די מחברים פון די ווערטער אויך געשאַפן די מעלאָדיעס? זײַנען די מעלאָדיעס אַנטנומענע, צי אָריגינעל פאַרפאַסטע? צי האָבן די מחברים געקענט מוזיק און געפּרואווט דורך טענער פאַרטייטשן די ווערטער?

אָט־אָ די פראַגן זײַנען ביז היינט כמעט ווי ניט באַרירט געוואָרן פון אונדזערע פאָלקלאָריסטן (מ׳דאַרף זיי אפשר נישט דן זיין לכף חוב. דער ענין מוזיק איז זיי אַביסל פרעמדלעך).

# אינהאַלט

## ביעלאס



## איך פאַרלאָז קוטנא



## געשיכטע דורכן פאָלקס-ליד



## קינדער-יאָרן פון גרויסע מוזיקער



## פון אַ מוזיקערס נאָטיץ-בוך